# משה אייזענבוד

# פנינה.

## און אנדערע דערציילונגען.



אויסטראַליע 2006 מעלבורן

משה אייזענבוד

# פנינה.

## און אנדערע דערציילונגען.



אויסטראַליע 2006 מעלבורן



**משה אייזענבוד**

געבוירן אין יאָר 1920 אין ניעסוויזש, פוילן - (היינט ווייסרוסלאַנד).
פאַרענדיקט אַ יידיש-וועלטלעכע שול און אַ טעכנישע שול. די מלחמה יאָרן (1939 - 45) איבערגעלעבט אין רוסלאַנד,
נאָך דעם געוווינט פיר יאָר אין די פליטים לאַגערן אין דייטשלאַנד.
אָנגעקומען קיין אויסטראַליע אין יאָר 1950 און געאַרבעט אַלס מעטאַל-טאָקער.

**אַרויסגעגעבן פאָלגנדע ביכער:**

| | | |
|---|---|---|
| "געלעבט הינטער קראַטן" | 1956 | אַרגענטינע |
| "ניעסוויזשער יידן" | 1965 | מעלבורן |
| "נוסח ראַפּאָפּאָרט" (עסייען) | 1967 | מעלבורן |
| "יוגנטלעכע בלאָנדזשענישן" | 1973 | מעלבורן |
| "געלעבט הינטער קראַטן" איבערגעזעצט אויף ענגליש דורך לאה אייזענבוד א. נ. | | |
| "דהע קאָמיסאַר טוק קעיר" | 1986 | מעלבורן |
| "50 יאָר יידישער פאָלקס צענטער אין סידנעי" | 1993 | מעלבורן |
| "60 יאָר 'בונד' אין מעלבורן" | 1996 | מעלבורן |
| "די געשיכטע פון דוד הערמאַן טעאַטער-קרייז" | 1998 | מעלבורן |

זינט 1975 איז משה אייזענבוד דער יידיש-רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל "מעלבורנער בלעטער", וועלכן עס גיט אַרויס די קולטור געזעלשאַפט "קדימה" אין מעלבורן.

## אינהאַלט:


פנינה ......................... 1
דער אולפּן ...................... 8.
ווייטער פון דאָרטן .............. 12
אין לאַבירינט פון געפילן. ......... 16.
דאָס העזעלע אויפן וואַנט ......... 28.
באַגעגעניש ...................... 33
די פאַרבעטונג. .................. 39.
דער לערער גרושקין. .............. 44
אַנדערע דערציילונגען.
ווי האָט עס זיך אָנגעהויבן זיידע. .......... 50
אַבראַמאָווס דילעמע ............. 55
דער אַריסטאָקראַט פון ברעסלאַו ........ 59
אַ קאַרלטאָנער ראָמאַן .............. 68
דער זין פון זיין. ................ 72
דער מאַן אין צווישן. ............. 77
דער מענטש פון אַנומלט ........... 86
די אַספּיראַציעס פון דער מומע רייצע ....... 92.
און דאָס לעבן גייט ווייטער. ........... 99
אין חשבּן האָט עפּעס נישט געשטימט ....... 105.
ווען ס'קלינגט דער טעלעפאָן ............ 112
בעמוד אֵש ..................... 119.
צופעליק. ...................... 125.
דער לעצטער פאַרמעסט ............. 130.
דאָס דערשיינען פון סעמיאָן פּאָרטנוי .......... 137
באָבי דאַרלינג ................... 143.
געמאַכט די היים-אַרבעט. ........... 147.
זיך אַרויפגעאַרבעט ................ 155
דער פאַרמעסט. ................... 162
דער קלאַס פון 37-טן יאָר. ............. 166
דער לעצטער אַקאָרד. ............. 173
אין קרייז פון גורל ................ 180.

דאָס בוך דערשיינט אין אָנדענק פון

# באָנאָ (שׂמחה בונעם) ווינער.

באָנאָ איז נישט נאָר געווען אַן אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער טוער - ער איז אויך געווען אַ ליבהאָבער און אונטערשטיצער פון יידישער ליטעראַטור.

אַ בוך אין זיין אָנדענק דריקט אויס די אָנערקענונג, וועלכע ער האָט פאַרדינט, און אַנטשפּרעכט זיינע אידעען.

איך בין דאַנקבאַר מיינע גוטע פריינד: סאָניאַ ליזאַראָן און פּנחס ווינער, וועלכע האָבן אָפּגעשאַצט די באַדייטונג פון אַרויסגעבן, איינס פון די לעצטע ביכער און פון איינעם פון די לעצטע יידישע שרייבער אין אויסטראַליע.

---

דער מאַנוסקריפּט איז געוואָרן צוגעגרייט צום דרוק, דורך ראָמעק מאָקאָטאָוו.

# פנינה

דער אולפּן וואָס האָט אויך געדינט ווי אַ שול אין קיבוץ, האָט געהאַט לאַנגע טישן און בענק אויסגעשטעלט אַנטקעגן די פענצטער. דאָס האָט ליפע שאַפּיראָן אויסגעזען, ווי די אויפסניי געפונענע קינדער יאָרן, וועלכע האָבן אויף אים אַ ווײַ געטאָן מיט יענעם ווייטן אַ מאָל. נאָר דעם אמת געזאָגט, דער ווייטער אַ מאָל איז סך-הכל געווען אַ שפּאַן פון בלויז עטלעכע יאָר, זינט ער האָט זיך צעשיידט מיט אָט די טישן און בענק, וועלכע זענען געשטאַנען אין ווייסרוסישן שטעטל. אַ היפּשן טייל פון זיין לעבן האָט ער פאַרבראַכט צווישן אָט די שול-בענק.

עס איז געווען אַ ביסל מאָדנע, נאָך דעם אַלעם וואָס ליפע שאַפּיראָ האָט באַוויזן דורכצולעבן אין די יאָרן וואָס זענען פאַרגאַנגען צווישן די און יענע שול-בענק, זיך ווידער אַוועקזעצן מיטן בלייפעדער און העפט כדי אָנצוזאָגן. אויף יענע שול-בענק איז ליפע שאַפּיראָ געווען אַ סך מאָל פאַרטרוימט, פאַרקלערט אין אַנדערע זאַכן, און פאַרפעלט צו הערן די אַלע קלוגע רייד פון לערער. אָבער אַצינד זענען זיינע אויערן אָנגעשפּיצט צו יעדן שאָרך, און זיין אויג איז אויפמערקזאַם אויף יעדער נישט געוויינטלעכער באַוועגונג - וואָס רופט אַרויס אומצוטרוי, און וועקט פאַרדאַכט. דער דאָזיקער וואַלד-אינסטינקט האָט זיך ביי ליפען פאַרשאַרפט אין די אומעטיקע יאָרן ווען דער וואַלד איז געווען זיין היים און דיביימער - זיינע נאָענטסטע פריינד און באַשיצער.

מיט אַ געוויסער שעמעוודיקייט, וואָס נעמט זיך פון געפיל, אַז נאָך אַלעמען איז שוין שפּעטלעך דאָ צו זיצן - האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק. ביים טאָוול איז געשטאַנען די יונגע קיבוץ-לערערין פנינה, און כאָטש ליפע איז געווען עלטער פון איר - האָט ער אין אָנבליק פון איר, זיך ווידער דערפילט ווי אַ יינגל און מיט צעשטראָלטע אויגן געקוקט צו איר; נאָכגעפאָלגט אירע באַוועגונגען, און דעם אופן ווי אַזוי זי רעדט אַרויס די האַרטע העברעאישע ווערטער מיט אַ ווייכער, וואַרעמער שטים. איר בליק איז געווען אַ שפּיגל אויפן וואַנט - ווו דער בליק איז געפאַלן, האָט אַ ליכטיקער פלעק אַ צאַפּל געטאָן. ווי אַ קינד וואָס יאָגט זיך נאָכן העזעלע אויפן וואַנט, האָט ער זיך געיאָגט נאָכן זוניקן צאַפּל פון פנינהס בליק, און געפרוווט זיך וואַרעמען אין אים. איר בליק איז תמיד געווען פרילינג; תמיד יונג; צוזאָגנדיק. און כאָטש ער האָט זיך נאָך אָט דעם בליק געיאָגט שוין עטלעכע מאָנאַטן זינט ער איז אין קיבוץ, און זינט פנינה האָט איבערגענומען דעם אולפּן - האָט דער פרילינג נאָך אַלץ נישט פאַרלוירן דעם חן, און ער איז אַלץ נאָך נישט

מיד געוואָרן זיך צו יאָגן נאָך אים.

געוווסט האָט ער, עס איז אומזיסט; וואָלט ער געזען, ווי דאָס קינד יאָגט זיך נאָכן זוניקן העזעלע אויפן וואַנט, וואָלט ער נאַטירלעך מיט דער קלוגשאַפט פון אַן עלטערן, געשמייכלט. אַן אָפּטישע אילוזיע. ער האָט געוווסט דעם באַדייט פון אָפּטישע אילוזיעס - מיראַזשן. זיין לעבן איז פול געווען מיט מיראַזשן - אויסדאַכטונגען פון וועלכע עס איז געבליבן נישט מער ווי דער ביטערער טעם פון אַנטוישונג. געוויס - ער האָט שוין געהאַט די דערפאַרונג פון אַ מענטש אַ באַיאָרטן, אַן ערנסטן. דער ליכטיקער פרילינגדיקער בליק האָט אין אים צוריק אויפגעוועקט דאָס קינד, פון וועלכן ער איז נאָך סיי ווי ווייט נישט אַוועק - אַ קינד וואָס האָט הנאה פון יאָגן זיך נאָכן זוניקן העזעלע אויפן וואַנט. נאָר וויל עס איז נישט געווען קיינער וואָס זאָל דאָס אים אונטערזאָגן האָט ער זיך פאַרהעקלט אויפן בליק און זיך געצאַפּלט.

די שפּיל איז אָנגעגאַנגען כמעט יעדן טאָג, און ביידע זענען נישט מיד געוואָרן. די שמייכלענדיקע פנינה האָט געוווסט, אַז דער בחור איז פול מיט דינאַמיט און סיאיז געגנוג בלויז איין פונק, און ס'וועט אין אים אויפרייסן. איין פונק פון אירע ליכטיק צעשטראַלטע אויגן.

ליפע שאַפּיראָ האָט מיטן חוש פון אַ וואַלד-מענטש געשפּירט דעם כוח וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין אָט דעם מיידל. ביידע האָבן זיך אָבער אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן זייער זיין אין אולפּן, און ליפע שאַפּיראָ האָט פאַרגראָבן די נאָז אין העפט אַריין און אָפּגעשריבן די פאַרגעבענע אויפגאַבן. ער האָט זיך געלערנט די שפּראַך פון לאַנד - עברית.

* * *

ליפע קוקט אויף די צעגרינטעביימער, וואָס זענען געפלאַנצט ביים ראַנד פון פרדס און זיי פאַרהאַלטן דעם זאַמד, וועלכע ווינטן טראָגן אָן פון מדבר. נעמט זיך אים דוכטן, אַז פנינה איז דער ביימער-צוים, וואָס וואַקסט אויס צווישן אים און זיין נעכטן. זי האַלט זיך ווייטלעך פון אים, וויל אים נישט געבן די געלעגנהייט, און אים אַליין פעלן נאָך ווערטער, אַ סך ווערטער, אַז ער נעמט זיך אָן מיט מוט און טוט אַ רעד צו איר, צעשמייכלען זיך אירע אויגן און די קנייטשן אַרום מויל טוען לייכט אַ ציטער:

- רק עברית.

וואַרט ליפע ביז ער וועט האָבן גענוג ווערטער דאָס איר צו זאָגן. דערווייל איז אים אָבער גוט מיטן געפיל, אַז ער צערטלט זיי ווי דאָס וואָלטן טייבעלעך געווען אין אַ קליאַטקע, אויף זיין יינגלשן דאַך איידער ער לאָזט זיי אַרויס אויף דער פריי. זיי וואָרטשען אין אים, און דאָס גיט אים רו. זיי רוקן אַוועק דעם וואַלדיקן נעכטן העט, העט ווייט.

פון דער זייט קוקט פנינה ווי ליפע פאָרעט זיך אין פרדס, ווו מען דאַרף אים צום ווינציקסטן זאָגן, וואָס ער האָט צו טאָן. ער איז מיטן פרדס זייער היימיש, ווי זיי וואָלטן געווען פריינד פון יאָרן. זי קאָן נישט באַנעמען, ווי קומט צו אַ שטאָטישן מענטש אַ צוגעבונדנקייט צו פויערישער ווירטשאַפט. פנינה פאַרשטייט: ווען זי טוט אים אַ פרעג, וואָלט זי באַלד געוווסט דעם באַשייד. אָבער זי פרעגט נישט. זי

וויל, ער זאָל דאָס לשון איבערקאָכן אין זיך. די בחורים, וועלכע זענען אָנגעקומען אין לאַנד, אין ערשטן יאָרצענדליק פון דער מדינה, האָט זי שוין באַנומען - איז יעדער אַ וועלט פאַר זיך - אַ וועלט פול מיט ווייטאָג און העלדישקייט און טרויער. אַ יוגנט וועלכע איז געשטאַנען אויפן שייד-וועג צווישן טויט און לעבן - ביי אַזעלכע איז שוין דוכט זיך די יוגנט פאַרגליווערט געוואָרן, ווי עס ווערט פאַרגליווערט דאָס וואַסער אין דער אייז-מאַשין - און פאַרמירט אַן אייז-בלאָק. כדי די יוגנט זאָל ווידער נעמען ווירקן, מוז דער אייז-בלאָק צעשמאָלצן ווערן.

דאַרף פנינה אונטערליגן דאָס פייער, אָדער מוז דער אינערלעכער גלי זיין אַזוי שטאַרק, עס זאָל פון זיך אַליין צעשמאָלצן ווערן?

פנינה האָט געלערנט אַגראָנאָמיע און הינער-צוכט. מענטשן-פסיכאָלאָגיע איז נישט איר געביט. רירט זי זיך צו דעם נישט צו. פון דעסטוועגן האַלט זי אַן אויג אויפן בחור, וואָס לייגט צו קאָפּ צום לשון, צו דער אַרבעט - אָבער האַלט זיך נאָך אַלץ זייטיק צו פּראָבלעמען, וועלכע נורטעווען אין קיבוץ.

- ער דאַרף זיך אַליין בייקומען - טראַכט זי ביי זיך. - עס איז נישט גוט צו ווערן אַ שותף צו זיין געראַנגל צווישן נעכטן און מאָרגן - ער שטייט נאָך אַלץ אויפן שייד-וועג. געוווּנדערט האָט איר בלויז איינס, און אפשר נישט אַזוי ווייט געוווּנדערט, ווי אַ טראָפּעלע טשעקאַוועקייט איז געווען אין דעם, וואָס ליפּע ניצט מער שרייב-פּאַפּיר ווי די איבעריקע חברה אין אולפּן. זי האָט אַ פאַרדאַכט, אַז שטילערהייט מוז ער שרייבן אַ טאָג-בוך, אָדער עפּעס ענלעכס. די נייגעריקייט האָט אַ צי געטאָן:

- וואָס פאַרצייכנט ער דאָרטן? מיט וועלכע געדאַנקען טראָגט זיך אַרום דער בחור?

זי האָט אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט, און אַ לאַך געטאַן:

- איך וועל עס סיי ווי נישט קאָנען לייענען, עס איז דאָך אויף יידיש...

נאָכן פאַרנאַכטיקן עסן האָט ער זיך פון חדר אכל פאַרקליבן אין לייען-זאַל ווו אויפן פרימיטיוו-צענויפגעקלאַפּטן טיש זענען געלעגן אָנגעלייגט פאַרשידענע צייטונגען. ער האָט אַ מיש געטאָן די, יענע - זיך לענגער פאַרהאַלטן אויף די ליטעראַרישע אָפּטיילונגען. ער האָט געפּרווּווט אָנטאַפּן דעם דופיק, מיט וועלכן ס'קלאַפּט די ליטעראַטור דאָ הי. שטילערהייט האָט ער געבענקט נאָכן טאָג, ווען אויך זיין נאָמען וועט נעמען זיך באַווייזן איבער אַ אַרטיקל, אַ ליד. צווישן אים און די צייטונגען איז געשטאַנען די שפּראַך - די זעלבע, וואָס צווישן אים און פנינהן.

- אַ הויכן באַרג דאַרף מען אריבערקלעטערן, און וואָס ליגט אויף דער צווייטער זייט?

עס האָט אים אַ צי געטאָן צו זיך אין צימערל, צום העפט, וועלכן ער האָט אָפּגעשפּאָרט אין דעם אולפּן. ער האָט אַ קוק געטאָן אין זיך, און אויפגעשריבן: פּרימיטיווע לידער. עס איז אים געפעלן געוואָרן. אָנהייבן ווי דער אורמענטש - פון פּרימיטיוו, און נעמען אַריינוואַקסן אין לעבן לאַנגזאַם - ווי עס וואַקסן דיביימער אין פּרדס. יעדעס יאָר קומט צו אַ רינג, עס ווערט דיקער דער שטאַם, דערמאָנט ער זיך, אַז יינגלוויז, ווען מען האָט אָנגעטראָפן אָפּגעזעגטע קלעצער אָפּגעלייגטע נעבן דער עלעקטראָוונִיע, כדי נאָכער איבער זיי ציען עלעקטישע דראָטן איבער

דער שטאָט, פּלעגט מען זיך פֿאַרנעמען ציילן די רינגען. פּרוּוון דערגיין; ווי אַלט דער בוים איז געווען.
- דאַרף מען זיך, הייסט עס פּירן אין דער ליטעראַטור, ווי אין דער נאַטור - כדי דער שטאַם זאָל פעסטער ווערן, מוז מען לאָזן וואַקסן די רינגען. ווען עס דערווייל זיין: פּרימיטיווע לידער.

**אַ.** דאָס שטומע וואָרט.
איז איינגעשלאָסן אין מיין איך -
עס וויל אַרויס
נאָר ס׳האָט נאָך נישט קיין טיר
עס זוכט נאָך אַלץ אַ וועג
צו זאָגן וואָס עס מיינט.
אַנטפּלעקן דעם באַשייד
פון אָנקליידן דאָס וואָרט
אין גוף
אין לייב
מיט בליץ
פון דעם געדאַנק.
וויברירט אַ קלאַנג
פון דעם באַריר -
עס זוכט אַ טיר
אַ פענצטער
אפשר גאָר אַ שפּאַלט -
עס רייסט זיך פון דעם
פאָדעם וואָס אים האַלט.
דאָס שטומע וואָרט -
עס וואַרט נאָך אַלץ
אויף געטלעכן באַריר.
וועט אויפשיינען אַ זון
דורך אויפגעפּראַלטער טיר
און אַ באַפליגלט, עס
וועט ס׳שטומע וואָרט
באַפרייען זיך פון מיר.
**ב.**
דער מענטש אין מיר
ער רייסט זיך פון דער קייט -
וואָס צייט און גייסט
פאַרזיגלט האָבן אים.

ער וויל אַוועק פון מיר
צום ציל פון זיין באַשאַף

און מיט דער שווערד פון וואָרט
באַרעכטיקן דאָס זיין.
נאָר כ'פּענטע אים מיט גוואַלד
פאַרשמיד אים צו דעם שטיין -
ווייל מענטש, דו מענטש אין מיר
דו ביסט נאָך אַלץ אַליין ...

ג.

ס'האָט אַ קלאַנג
און אַ קלאַנג
באַשאַפן דאָס וואָרט.
ווי גאָט האָט באַשאַפן
דאָס הייליקע אָרט
פון זיין אייגענעם זיין....

* * *

נאָכן צוריקקומען פון תל-אביב, ווו ליפע שאַפּיראָ האָט פאַרבראַכט זיין חפש, זיינע עטלעכע פרייע טעג, האָט פנינה באַמערקט ווי אויף זיין פּנים שפּילט אַ שמייכל, וואָס איז אַן אָפּשטראַל פון אַ פאַרבאָרגנקייט מיט וועלכער ליפע טראָגט זיך אַרום. וועמען האָט ער דאָרטן געטראָפן? האָט זי ביי זיך געטראַכט. ביי די מענטשן פון נעכטן, פאַסירן זייער אָפט ניסים, און זיי טרעפן אַ נאָענטן, וועלכן זיי האָבן שוין לאַנג געהאַלטן פאַר טויט. אפשר האָט עמיצער אים איבערגעגעבן אַ גרוס פון אַ מיידל, וועלכע איז אים אַ מאָל נאָענט געווען, און דער נצחנדיקער שמייכל איז אַ באַשטעטיקונג דערויף. זי האָט זיך געכאַפּט, אַז ליפע שאַפּיראָס גורל נעמט איר אינטערעסירן, און האָט זיך אַ טראָפּעלע פאַרשעמט פאַר זיך אַליין - אַ סאַברע, און נעמט ווערן סענטימענטאַל?

ער האָט נאָך אַלץ נאָכגעפּאָלגט איר זוניקן שמייכל, ווי תמיד, אָבער דאָס איז שוין נישט געווען דאָס זעלבע ווי אין די ערשטע וואָכן. עס איז איר אפילו אויסגעקומען מאָדנע, וואָס פון די אַלע שילער אין אולפּן איז ליפע שאַפּיראָ אַנדערש. מיט פרווילעכער אינטואיציע אָבער האָט זי אויסגעפילט, אַז זיין באַזוך אין תל-אביב, זיין איצטיקער שמייכל וואָס פאַרבאָרגט עפּעס, האָט אַ שייכות צו איר. כאָטש זי האָט געהאַלטן פאַר אַ צייט-פאַרלוסט די פּסיכאָלאָגיע גריבלענישן, ווייל הינער-צוכט און אַגריקולטור איז אַ ממשותדיק-קאָנקרעטע און נוצלעכע זאַך, און נשמה פּילטערירונגען זענען נישט פאַר איר - האָט זי מיט אַ געוויסן גראַד פון נייגער אָפּגעוואַרט די אַנטוויקלונג פון אָט דער סודותדיקייט וועלכע ליפע פאַראַט, מיטן אופן פון קוקן אויף איר.

זי האָט ליפען געטראָפן אומעטעום, ווו זי אַליין האָט געדאַרפט זיין. ביי די הינער איז ער געווען נוצלעך, אין פּרדס האָט ער פאַרשטאַנען וואָס צו טאָן. ס'האָט איר הנאה געטאָן, וואָס דער בחור נעמט אַריינוואַקסן אין קיבוץ. כאָטש לעולם איז עס נישט געווען דער זעלבער וועג, וואָס האָט די מענטשן געפירט אין קיבוץ אַריין. זיי, אירע עלטערן, האָבן געהאַט די וויזיע פון דער אידיי און דעם קיבוץ. דאָס איז געווען קודם דער פאָליטישער בונד פון זייער געמיינזאַמקייט. דער פּועל-יוצא פון

דער פּאָליטישער איינשטעלונג - איז געווען דער קיבוץ. פון דער פּאָליטיק האַלט זיך ליפּע ווייטלעך, כאָטש זי באַמערקט, אַז טייל מאָל פירט ער ליידנשאַפטלעכע דיספּוטן, אָבער נאָר מיט די חברים פון דאָרטן. איז אפשר געזונטער אַז ער זאָל אַריינוואַקסן אין קיבוץ דורך דער הינטער-טיר?

די שילער פון אולפּן באַטראַכטן זייער זיין דאָ ווי אַ צייטווייליקע דערשיינונג. אַן איבערגאַנגס שטופע; די בריק - צווישן נעכטן און מאָרגן. זיך אויסלערנען די שפּראַך אויף אַזוי פיל, מען זאָל קאָנען זיך מיט איר אַן עצה געבן אין שטאָט. אַזוי קוקן אויך די שילער אויף די, וואָס לערנען זיי - די לערער. געוויס - די בחורים און מיידלעך פון אולפּן העלפן אין דער קיבוץ-ווירטשאַפט, דערמיט באַצאָלן זיי פאַר דער אויסהאַלטונג דאָ, און פאַר די לערער. ליפּע באַציט זיך צו דער אַרבעט מיט פּערזענלעכן אינטערעס, וואָס קען פאַרוואַנדלט ווערן אין פּערמאַנענטקייט. די הינער און דער פּרדס האָבן טייל מאָל פאַרלאַנגט מער צייט, ווי די וועלכע בלייבט איבעריק פון לערנען. האָט ליפּע צוליב דעם אפילו גענומען דורכלאָזן די לעקציעס.

- דאָס איז נישט בסדר - האָט אים פנינה מוסר געזאָגט, כאָטש ביי זיך האָט זי געהאַלטן, אַז ליפּע איז גערעכט:

- די אַרבעטן אין דער ווירטשאַפט קאָנען נישט וואַרטן...

* * *

לאַנג האָבן זיך פנינה און ליפּע געוואַשן ביים איינציקן קראַן, וועלכער האָט געדינט פאַר אָנפילן מיט וואַסער די אַזבעסטענע רינעס, פון וועלכע עס טרינקען די הינער. זייער וואַשן זיך ביים קראַן צוזאַמען האָט געהאַט עפּעס אין זיך פון אַ געהיימען ריטואַל, וועלכן נאָר זיי ביידע האָבן פאַרשטאַנען. און כאָטש דער וואַש-צימער איז געווען נישט ווייט פון חדר אכל, איז עס פאַר זיי ליבער געווען צו וואַשן זיך דאָ. עס איז שוין געווען פאַרנאַכט, און זיי האָבן זיך געלאָזן צום חדר אכל, אויף נאַכט-עסן.

פאַרשעמט האָט ליפּע אַרויסגעצויגן פון טאַש אַ זשורנאַל, צונויפגעלייגט אין פירן.

- רגע - האָט ער פאַרהאַלטן פנינהן, און עס איר דערלאַנגט.

זי האָט גענומען אין האַנט אַריין דעם זשורנאַל, נישט פאַרשטייענדיק פון וואַנען עס האָט זיך גענומען צו ליפּען, און צוליב וואָס ער האָט עס איר געגעבן. זי האָט אויסגעגלייכט די זייטן. דאָס זענען געווען מאָגערע זייטלעך פון פּשוטן פּאַק-פּאַפּיר, צונויפגענומען מיט אַ מעטאַלענעם קלאַמער. די שריפט איז איר געווען באַקאַנט - ידישע אותיות, אָבער לייענען און פאַרשטיין זיי - דאָס האָט זי נישט געקאָנט. זי האָט גענומען מישן די זייטלעך: שוין כמעט אויפן לעצטן זייטל האָט זי באַמערקט קורצע שורות, געדרוקטע שירים. מיט אַ מאָל האָט זי באַמערקט אַ וואָרט, וואָס איז איר קענטלעך געווען. איבער די שירים, ביי דער זייט איז געשטאַנען אויפגעשריבן מיט האַנט-שריפט: פנינהן. יאָ דאָס איז עס - איר נאָמען. אין דער רגע איז איר קלאָר געוואָרן זיין סודותדיקער שמייכל; זיין פאַרברענגען דעם חפש אין תל-אביב; און לסוף: דאָס געבן איר דעם זשורנאַל, וועלכן זי קאָן נישט לייענען. פאַרשטאַנען אָבער האָט זי: דאָס זענען שירים אין ידיש, וועלכע ליפּע שאַפּיראָ האָט איר געשענקט...

פון איבעראַשונג האָבן איר אויסגעפּעלט ווערטער. דאָס האַרץ האָט גענומען

האַסטיקער קלאַפּן, און ווייל זי האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן - האָט אַ שעמעוודיקע רויטקייט פאַרגאָסן איר פּנים, זי האָט דערלאַנגט ליפען דעם זשורנאַל, אַ דריק געטאָן זיינע הענט, און אַ שעפּטשע געטאָן:

- תודה רבה...

ליפע האָט מיט יינגלישער פאַרלעגנהייט גענומען דעם זשורנאַל צוזאַמען מיטן וואַרעמען האַנט-דרוק און זיך געלאָזט צום חדר אוכל. מיט אַלע זיינע חושים האָט ער אָפּגעפילט, אַז אין דער מינוט איז דאָ עפּעס בשותפותדיק צווישן זיי - קאָן זיין - ס'וועט זיך עפענען פאַר אים אַ נייער האָריזאָנט.

פנינה, וועלכע איז געבוירן געוואָרן אין קיבוץ, האָט ליפען אויסגעזען ווי אַ שטילער פאָרט, ווו ער קאָן, נאָך די אַלע שטורעמס, פאַראַנקערן זיין לעבן. געטרוימט האָט ער פון אַ באַלאַנסירטער רו. בייטאָג האָט ער טאַקע געלערנט אין אולפּן, געאַרבעט אין גאָרטן - אין די נעכט אָבער איז ער נאָך אַלץ געווען דאָרטן: אַרומגעקראָכן אין די זומפּן; זיך אויסבאַהאַלטן; אויפגעריסן באַן-רעלסן; געזען די בלויע, קינדערישע אויגן פון דריי-חדשימדיקן פאַרטיזאַן, וועלכער האָט זיין לעבן אַוועקגעגעבן, צו ראַטעווען די אַרומגערינגלטע, אין אַפּריל פון דריי-און-פערציק, אין די פּאָליעסיער זומפּן. אַ טייערער יאַט געווען, נאָר ביינאַכט האָט ער געוויינט פון נעץ, פון קעלט, און זיין טאַטע, דער קאָמאַנדיר האָט אויף אים אַרויפגעלייגט זיין האַנט... די בלויע אויגן פון דריי-חדשימדיקן פאַרטיזאַנער, אַ געבוירענער אין וואַלד ברענען אויס אַ לאָך אין זיין מוח. זיי מאָנען: נקמה! נקמה! און אַז ליפע וועקט זיך אויף אין אַ טייך פון שוויס - פילט ער די נעץ, פון די פּאָליעסיער זומפּן, ווו אַהין די דייטשן האָבן זיי פאַרטריבן אויף אומקום...

דאָס טאָפּלטע לעבן האָט אים געמאַטערט. דורך פנינהן קאָן זיין דער ווידערגעבורט פון ליפע שאַפּיראָ. ער וועט זיך אָנשטעקן מיט איר רואיקייט, און א חוץ אַלעמען...

דאָס מיידל האָט פאַרמאָגט אין זיך דעם אַראָמאַט פון פּרדס; די פרישקייט פון אַ פּרוכט, אין דער קילקייט פון פרימאָרגן...

אַלטער נאַר - האָט ער צו זיך אַ זאָג געטאָן. מחמת געפילט האָט ער: ער ווערט ראָמאַנטיש. און ווי קאָן אַ מענטש, אַ שטייגער ווי ער - פאַרגינען זיך צו זיין ראָמאַנטיש?

# אין אולפּן.

פֿאַר נאַכט, ווען ליפּע האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים שוועל פֿון זיין צימער, האָט ער שוין געקאָנט אויף אויסנווייניק די אַלע זאַצן וועלכע פּנינה האָט פֿאַרגעבן. די נייע ווערטער זענען אים גרינטלעך נישט געווען פֿרעמד, נאָר דרויסנדיקע. זיי האָבן נאָך נישט באַוויזן אַריינצודרינגען אין אים און פֿאַרנעמען זייער אָרט.

דער ווייטער האָריזאָנט האָט זיך פֿאַרצויגן מיט אַ געדיכטער רויטקייט, און ליפּע, פֿאַרגעסנדיק, אַז דאָס איז אַ ניי לאַנד און נייע האָריזאָנטן, האָט מיט דער תּמימותדיקייט פֿון אַ וויסרוסישן פּויער אָפּגעפּסקנט, אַז מאָרגן וועלן זיין ווינטן. דער שטילער אומעט וואָס האָט זיך אין אים אָפּגעזעצט אין אָט דער בין-השמשותדיקער שעה, האָט אין אים אויפגעוועקט אַן אַלטע בענקשאַפֿט - און כאָטש מענטשן האָבן אַ טבע, אַלטע בענקשאַפֿט צו פֿאַרגלייכן מיט אַלטע ווונדן וועלכע עפֿענען זיך און פֿאַרשאַרפֿן שמערצן, האָט אָבער ליפּעס אַלטע בענקשאַפֿט צו דער פֿען, ווי אַן איינגעבויטער עלעקטרישער אַקומולאַטאָר, אַ שטויס געטאָן אין אים דעם ווילן זיך ווידער נעמען אין האַנט און דורכשמועסן זיך מיטן פּאַפּיר.

- דער מענטש און די ליטעראַטור - האָט ער אַ טראַכט געטאָן - וואָס פֿאַראייניקט זיי? וואָס צעשיידט זיי? איז דען דאָ אַ גרענעץ צווישן ליטעראַטור און לעבן?

ער האָט אַ נעם געטאָן זיין שול-העפֿט, זיך שטילערהייט אַנטשולדיקט פֿאַר פּנינהן, זיין לערערין אין אולפּאַן:

- סליחה - האָט ער געבעטן. כ׳קאָן נישט אַנדערש - און אַרויסגענומען פֿון מיטן, אַ טאָפּלטע זייט. אָנגעשפּאַרט אויפֿן קליינעם טישל, האָט ער געגומען פֿיבערדיק פֿאַרצייכענען: ליטעראַטור און לעבן. כאָטש ער איז שוין געווען עטלעכע חדשים אין ישׂראל, האָט ער נאָך אַלץ געטראַכט מיט באַגריפֿן געוווינטע, זיי האָבן זיך געפֿורעמט אין גאַנג פֿון זיין לעבן. (דאָס איז געווען דער קרייז אין וועלכן ער האָט זיך געפֿילט אָפּגעשיידט פֿון דער אַרומיקער רואיקייט.) די רואיקייט, וועלכע האָט אין אירע הענט, ווי אין שטאָלענע צוואַנגען געהאַלטן זיינע צווייאונצוואַנציק יאָר. אין שטילע נעכט, שטייענדיק אויף דער וואַך מיט געווער אין האַנט און באַהאַנגען מיט זיין פֿאַרמעגן - עטלעכע גראַנאַטן - האָט ער זיך פֿאַרגונען צו טראַכטן, כאָטש נישט מער ווי אַ רגע, וועגן אַ שטילן ווינקל, אַ טישל, אַ פֿען און ווייסע זייטלעך פּאַפּיר.

דאָס איז געווען די ווילדע פֿאַנטאַזיע פֿון אַ מענטש, וואָס האָט זיך גענערט מיטן פֿונק פֿון בענקשאַפֿט נאָכן נאָרמאַלן מענטשלעכן אויסדרוק - דאָס וואָרט. ליפּע

שאַפּיראָס וואָרט איז חדשים לאַנג געווען די ביקס, און זי האָט אַ פּאַרקלעמטע אין זיינע פּאַרטיזאַנער-הענט געלאָזט וויסן, אַז ליפּע שאַפּיראָ איז נאָך אַלץ דאָ, און אַז דאָס פּלעמל וואָס מען רופט אָן לעבן, ברענט העל אין אים און באַגלייט דעם מענטש אין אים, וואָס מוז ווי אַ חיה זיך דערווייל איינגראָבן אין דער ערד -

ליפּע האָט גענומען אויסשיילן באַגריפן, ווי מען שיילט אויס אַ באַנאַנע פון איר פאַרגעלטער שאָל. דאָס ווייסע באַנאַנאַ-פלייש פון געדאַנק האָט אַ לייכט געטאָן אין זיין מוח. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז פריער נאָך, האָט ער אָנגעשריבן: **ליטעראַטור און לעבן.**

ליטעראַטור איז לעבן. אַ בוך איז די קאָנדענסירטע פאָרם פון אַ לעבנס-שפּאַן. דער בעלעטריסט האָט די מעגלעכקייט נאָכצוגיין זיין העלד פון וויגל ביזן טויט. ער קאָן אפילו שילדערן די סיבה פון דעם העלדס אַנטשטיין... ער ווייזט אונדז דורכן העלד די וועלט אין וועלכער ער האָט געלעבט. עס קאָן אויך זיין, אַז דער שרייבער כאַפּט אַרויס אַ מאָמענט פון זיין לעבן; אָט ווי דער פאָרשער כאַפּט אַרויס אַ טראָפּן פון אָקעאַן און לייגט עס אונטערן מיקראָסקאָפּ. אין דעם איינעם טראָפּן איז דאָ אַזוי פיל לעבן, ווי אין אָקעאַן. אויך אין דעם קורצן אָפּשניט פון מענטשנס לעבן, וועלכן דער קינסטלער פאַרוואַנדלט אין ליטעראַטור - איז דאָ דער עצם פון אַ גאַנצקייט. אַ פולקאָמקייט. דעריבער - ווען אַ שרייבער פאַרטראַכט זיין ווערק - מוז עס נישט זיין קיין פיקציע - אַן אויסגעטראַכטע מעשׂה - ווי ער שרייבט עס שפּעטער אָן אויפן שערבלאַט. פיקציע הייסט עס דערפאַר, ווייל מיר לעבן אין אַ ציוויליזירטער וועלט, וווּ די באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש, מלוכה און מענטש, און אינדיווידום און מלוכה - ווערן רעגולירט דורך געזעצן וועלכע פאַרזיכערן די אימוניטעט פון דער פערזענלעכקייט. די באַצייכענונג פיקציע, גיט דעם שרייבער די אויסדרוקס-פרייהייט אין די ראַמען פון די זעלבע געזעצן.

עכטע ליטעראַטור איז נישט קיין קינסטלעכער פּראָדוקט, וועלכן מען קאָן אַנטוויקלען אין אַ פּרוביר-גלאָז, ווי דער וויסנשאַפטלער אַנטוויקלט אַ מיקראָסקאָפּישע קולטור פון לעבעדיקע מיקראָ-קעמערלעך, וועלכע זענען לויטן וויסנשטפטלעכן באַגריף אויך לעבן. עכטע ליטעראַטור איז פולבלוטיק לעבן. אָט דאָס לעבן וואָס עקזיסטירט אויף אונדזער פּלאַנעט פון דער פּריסטער פּרימיטיוער פאָרם ביז דער היינטיקער ציוויליזאַציע.

ליטעראַטור איז די גענויע מאָס, לויט וועלכער מען קאָן אויסמעסטן דאָס לעבן: עס גיט די ריכטיקע באַגריפן פון דעם, וואָס מיר רופן אָן - לעבן. דאָס איז דערפאַר, וואָס אַן עכטער קינסטלער, קאָן נישט זאָגן באַוווּסטזיניק קיין ליטעראַרישן ליגן. טאָמער זאָגט ער אים אָבער פאָרט, טאָמער מאָלט ער אַ פאַלש בילד, אַ בילד וואָס איז נישט אויסגעגליט געוואָרן אין פלאַם פון זיין געמיט, איז דאָרט נישט איבערגעשמאָלצן געוואָרן און איז נישט דורכגעאָדערט מיט זיינע געפילן - נאָר אַ בילד געמאָלן דורך דרויסנדיקע, זייטיקע פאַקטאָרן, דעמאָלט הערט עס אויף צו זיין ליטעראַטור און עס ווערט פּראָפּאַגאַנדע - אויב עס דינט פּאָליטישע צילן. עס ווערט רעקלאַמע - אויב עס האָט קאָמערציעלע צילן.

ער האָט ווייטער אַנטוויקלט דעם געדאַנק און פאַרבונדן עס מיט אַ ליטעראַטור, וואָס איז אים באַקאַנט...

ווען ליפּע האָט אַוועקגעלייגט די פּעדער, איז שוין געווען טיפע נאַכט, וואָס אָט,

אָט גרענעצט זי זיך מיט דער פרימאָרגנדיקער גרויקייט. די אָנשטרענגונג האָט אים מיד געמאַכט. אָבער די באַפרידיקונג פון דערגרייכטן, פון דער מעגלעכקייט אויסצוגראָבן פון די טיפענישן פון זכרון מענטשלעכע באַגריפן און אויסדרוקן, וועלכע האָבן נישט קיין שייכות נישט מיט וואַלד, ביקס און קויל, מיט זיעמלאַנקע און פאַרזאָרגונג, מיט זיכערקייט און באַהעלטעניש און איבערפאַל - די מענטשלעכע באַגריפן האָט ער געמוזט אויסגראָבן, ווייל זיי זענען געווען פאַרקלעבט מיט רויִקייט ווי מיט גרודעס ליים. ער האָט אַרויסגעגראָבן פון מוח, ווי מען גראָבט אַרויס אַ ווערטפולע זאַך וועלכע די צייט האָט פאַרקלעבט מיט גרודעס ליים.

גרודעס ליים -

ליפּע איז געוואָרן וואַך. דער צימער איז מיט אַ מאָל געוואָרן פול מיט יענעם פאַרטאָג פון יולי צווייאונפערציק. אין די נאָז-לעכער האָט ער דערשפּירט יענעם ריח, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די ליים-גריבער...

אויפן אַכטן טאָג נאָכן אַרויסגיין פון געטאָ, האָבן זיי זיך ענדלעך דערקליבן צו די קאַפּוליער וועלדער. פנימער - שוואַרץ פאַרוואַקסן, אויף וועלכע עס האָבן זיך געצייכנט ריטשקעלעך זיסע קלעבעכץ, פאַרטריקנטער זאַפט פון רויטע יאַגעדעס, מיט וועלכע זיי האָבן זיך דערהאַלטן ביים לעבן. דאָס שווייסיקע אָנטועכץ האָט געקלעבט צום לייב. די שיך זענען געוואָרן צונויפגעוואַקסן מיט די פיס, ווי זיי וואָלטן באַלד אַזוי געבוירן געוואָרן - באַשוכטע. זיי זענען אָנגעקומען אין דער פאַרטיזאַנער-זאָנע. דאָס האָבן זיי באַלד באַמערקט. אַ האָפענונג האָט זיך צעהעלט:

- מיר זענען מער נישט אַליין. מיר וועלן ווערן אַ טייל פון שבט - וואַלד-מענטשן...

דאָס געפיל פון אומזיכערקייט, וואָס האָט אָנגעשפּאַנט די נערוון פון אַ געיאָגטער חיה, האָט זיי געגעבן דעם אימפּעט צו באַוועגן זיך - די שפּאַנונג האָט נאָכגעלאָזט. מידקייט האָט אָנגעגאָסן די גלידער. ס'האָט זיך געגלוסט אויסציען אין שאָטן פון אַ בוים און רוען... רוען...

דער פאַרטיזאַנער-קאָמאַנדיר, באָזשיקאָוו, האָט זיי אָפּגעמאָסטן מיט אַ בליק אין וועלכן עס איז געווען צוגעלאָזנקייט, און דאָך האָט עפּעס געשראָקן. ער האָט קיין סך נישט געפרעגט. יעדן טאָג, פון יענעם יולי-חודש, האָבן זיך איינצלנע יידן דורכגעשלאָגן צו אים אין וואַלד אַריין פון פאַרשניטענע געטאָס. זיי האָבן כמעט אַלע אויסגעזען ווי ליפּע שאַפּיראָ און זיינע חברים.

- רעביאַטאַ - האָט באָזשיקאָוו אַ זאָג געטאָן - איר קאָנט נישט אָנגענומען ווערן אין דער פאַרטיזאַנער אָפּטיילונג אָן געווער און קיין געווער האָבן מיר נישט. מיט געווער, זעט איר, איז ענגלעך. מען דאַרף זיך אַליין באַזאָרגן. זיי האָבן אים אָנגעקוקט מיט פרעגנדיקע אויגן און אַ קאַלטער שווייס האָט געגומען גליווערן אונטער די שטויביקע קליידער.

- געווער? - ווו קענען מיר זיך פאַרשאַפן געווער? נישט אָנגענומען ווערן צו די פאַרטיזאַנער - וואָס וועט פון זיי ווערן? בעטלער וואָס וואָגלען איבער דערפער, איבער וועלדער, אויסגעשטעלט אויף הפקר און זיכערן אומקום. צליב דעם האָט געלוינט דער קאַמף אין געטאָ?

דער קאָמאַנדיר באָזשיקאָוו, ווי ער וואָלט געלייענט די שטומע פראַגע אויף זייערע פאַרשוואַרצטע פנימער, האָט זיך אויפן פּויערישן שטייגער אַ קראַץ געטאָן

דעם קאָפּ, ווי אַ סגולה עס זאָל זיך בעסער טראַכטן, און מיט אַ פּאָטערלעכער שטים געעצהט:

- אַ צענדליק וויאָרסט פון דאַנען דאַרף זיך געפינען אַ ברידער-קבר פון רוסישע זעלנער, וועלכע די דייטשן האָבן פאַרגראָבן צוזאַמען מיטן געווער. גענוי ווו דאָס אָרט געפינט זיך איז שווער צו זאָגן. אָט דאָ האָבן מיר אַ בחור פון יענער געגנט, ער וועט אייך אַהינפירן. דאָרט. אפשר וועט אייך דאָס מזל צושפּילן...

זיי האָבן געגראָבן. מיט אַ פּאָר אַלטע גראָב-אײַזנס זיך אַרויסגעהאָלפן. גרודעס ליים און האַלב-פאַרפוילטע קערפּערס. דער גערוך פון צעפּאַלענע קערפּערס, צעפוילטע שינעלן און רויענדיקע פּעטע ווערעם צעוואָרעמטע אין דער זון. דער איבל האָט אָנגעפילט די לופט, ביז נישט גוט ווערן. מחנות פליגעלעך האָט דער גערוך צוגעצויגן און זיי האָבן פאַרקלעפּט די אויגן, געזשומעט אין די אויערן. דער אינסטינקט פון לעבן האָט עס אַלץ בייגעקומען, זיי האָבן זיך צוגעכאַפּט צו די מיט ליים פאַרקלעפּטע ביקסן, באַגנעטן, זשאַווערנדיקע קוילן-טאַשמעס און אַנדער געווער ווי צו אַן אוצר.

אפילו אין דער רגע פילט ליפע ווי ס'ווערט אים איבלדיק אונטערן לעפּעלע און באַלד וועט דער מאָגן זיך איבערדרייען און אַרויסוואַרפן פון זיך דאָס נאָך נישט פאַרדייעטע עסן...

דאָס געווער איז געווען פאַרקלעבט מיט גרודעס ליים, וואָס האָט עס פאַרהיט פון זשאַווער. זיי האָבן צעריסן די אייגענע צעשווייסטע העמדער און מיט זיי גערייניקט דאָס געווער. גבריאל, אַ בחור וואָס האָט שוין באַוויזן צו דינען אין מיליטער, האָט זיי געלערנט ווי צו פאַנדערנעמען און רייניקן די ביקסן...

די ביקס איז געווען דער פּאַספּאָרט, וואָס האָט זיי געגעבן בירגער-רעכט אין דער פאַרטיזאַנער-מחנה, און אַ האָפענונג אויף איבערלעבן...

די נאַכט האָט שוין געהערט צו יענע נעכט, פון "דאָרטן". צו דער אַרבעט איז ער אַרויס מיט רויטע אויגן און וואַקלדיקע טריט...

# ווייטער פון דאָרטן...

ליפּע לעבט שוין באַלד זעקס חדשים אין אולפּן. בייטאָג, פּאַרטאָן אין לערנען, אין דער אַרבעט, איז זיין געדאַנק באַשעפטיקט מיט דעם אַרום. פאַרגעסט ער, אַז ס'איז געווען אַן אַנדער וועלט, און פון איר איז ער אַרויסגעקומען ווי אַ פונק, וואָס רייסט זיך אָפּ פון שייטער.

ביי טאָג, אַז ער דערזעט פנינהן, דאָס מיידל וואָס האָט קיינמאָל קיין אַנדער ערד נישט באַטראָטן, און איז אויסגעוואַקסן מיטן קיבוץ, נעמט ער מיט שנעלע טריט זיך דערנענטערן צום היינט, וואָס איז דאָ, אין קיבוץ פאַר אים אויפגעגאַנגען מיט אַ נייעם טאָג, און ער דערפילט זיך ווי דאָס הינדעלע פון אינקובאַטאָר, וואָס האָט נאָר-וואָס באַוויזן זיך אויסצופּיקן פון דעם איי, און נעמט באַוווּנדערן די חידושים פון דער וועלט.

ווי אַ זאַנג, וואָס גייט אויף פון דער מוטער-ערד, און קלאַמערט זיך אין איר מיט זיין דינעם וואָרצל, ווייל דאָס מיינט פאַרן זאַנג לעבן - דער ווילן צום וואַקסן איז אויפגעגאַנגען אין ליפּען אונטערן מילדן, מוטערלעכן בליק פון אַ מיידל מיט וועלכער ער האָט זיך קוים געקאָנט צוניפרײדן - אַ מיידל וואָס איז היפּש עטלעבע יאָר געווען יינגער פון אים, מיט אַ מיידל וואָס הייסט פנינה.

ביינאַכט אָבער, ווען ער איז אַליין - אפילו ווען ער איז וואַך - איז ער נאָך אַלץ דאָרטן, אַ פאַרשפאַרטער אין געטאָ, אָדער געיאָגט דורך די וועלדער. ער איז נאָך אַלץ אין אומרו פון יעדער רגע וואָס מ'קאָן אים אומדערוואַרט אַ כאַפּ טאָן, ווי מען האָט אַ כאַפּ געטאָן איטשקען און וועלוולען - אָן צו האָבן די מעגלעכקייט פון מאַכן די פּאָר טריט צום פענצטער, אָפּרוקן דאָס ברעט און אַרויסנעמען דעם האַנט-גראַנאַט און דערפילן דעם זאָג: תמות נפשי עם פלישתים...

אפילו ווען ער זיצט אויפן אולפּן-בעטל, בלאָנדזשעט ער נאָך אַלץ אין וואַלד. עס איז דאָ אַ פאַרבאַהאַלטענע כוונה אין זיין אייפערדיקן לייענען ביכער: געפינען די סטיעזשקע, וואָס יענע, די שרייבער פון די ביכער האָבן אויסגעטראָטן דורך די יאָרן פון לעבן מיטביימער. אפשר האָבן זיי געפונען אַ וועג אַרויס?

ער וויל דערגיין דעם סוד, פאַרוואָס די נאַליבאָקער פושטשעס זענען אים נאָכגעגאַנגען ביזן אולפּן. פאַרוואָס פנינה זעט זיי נישט, כאָטש ער קאָן אָנטאַפּן יעדן בוים באַזונדער. ווי האָבן זיי זיך באַוויזן אָפּצורייסן פון די וואָרצלען און אים נאָכגיין, ווי געטרייע הינט?

וואָלט פנינה שטודירט פּסיכאָלאָגיע וואָלט אפשר געקאָנט דעם רעטעניש באַשיידן. אָבער אים פעלן נאָך פיל ווערטער זיין צושטאַנד צו דערקלערן. ער

פילט: פנינה פֿאַרשטייט אים, אָבער דאָס איז מער מיטן געפֿיל, מיט דער נשמה, זי וויל אים די ווערטער אונטערזאָגן, און האָט מורא, טאָמער וועט ער זיך דערפֿילן פֿאַרשעמט.

פנינה אַליין ראַנגלט זיך מיט דער רעטעניש פֿון אירע געפֿילן. אין די עטלעכע יאָר פֿון קומען אין קאָנטאַקט מיט שילער אין אולפּן, איז אין איר אויפֿגעגאַנגען אַ באַדערפֿעניש צו ווערן נאָענט, דווקא מיט אַ מענטש וואָס איז פֿול מיט קאָמפּליצירטע שטימונגען און געפֿילן. זי פֿילט: אין אים ראַנגלען זיך צוויי נשמות פֿאַר דער העגעמאָניע פֿון גוף: איינע, וואָס וויל אָפּטיילן דעם דאָרטן. און פֿאַרזייען דעם קערן אין נייעם באָדן; די צווייטע - וואָס פֿילט זיך פֿאַרבונדן מיטן פֿאַרגאַנגענעם, וואָס קאָן זיך פֿון נעכטן נישט אָפּרייסן.

באַמיט זי זיך אָפּצוּווענדן זיינע געדאַנקען פֿון די קאָשמאַרנע טעג און אויפֿוועקן אין אים אַן אינערלעכע באַדערפֿעניש פֿון איבערפֿלאַנצונג. די דאָזיקע באַדערפֿעניש - דאַרף ער פֿילן - איז אויפֿגעקומען אין אים אַליין, אָן זייטיקער אַריינמישונג. אין רגעס פֿון מידקייט, פֿון אינערלעכע אַמפּערנישן און פּרוּוון אָנצייכענען פֿאַר זיך אַ געוויסן וועג אין לעבן, טוט עס פֿאַרט אין אים אַ מאָן:

זיי זענען געבליבן דאָרטן און ער איז דאָ. דאָס נישט קאָנען ווי געהעריק זיך אויסדריקן אין עברית, האָט אים דענערווירט. צום סוף האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: - וועט מיר גרינגער ווערן, אויב זי וועט מיט מיר דורכקריכן די אַלע באַהעלטענישן אין בלאָטעס, ווו כ'האָב איבערגעלאָזט מיינע בעסטע פֿריינד? קען זי דען זען זייערע פּנימער פֿאַרגליווערט פֿון פּיין און שרעקן און ער האָט געמוזט יאָגן ווייטער... ווייטער...

אַ שטראַל טוט אַ לייכט אין דער פֿינצטערניש, אַ שטראַל פֿון האָפֿענונג: - אפֿשר איז גוט, וואָס זי איז דאָרטן נישט געווען. אויך איר האָב איך דאָך געקאָנט פֿאַרלירן...

* * *

- אַ פֿריינד האָט אים צוגעשיקט אַ צייטונג. דער עברית איז געווען אַ האַרבער. די נעמען - אייגענע. ער האָט דערשפּירט, אַז עפּעס האָט עס צו טאָן מיט דאָרטן און מיט אים.

אוודאי געדענקט ער:

צוויי יידישע יינגלעך האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַ בוידעם ביי אַ שוסטער, אַ ווייסרוס. ער געדענקט דאָס הויז, די משפּחה. אפֿילו די צוויי טעכטער געדענקט ער. אַ גאַנץ יאָר זענען די צוויי יינגלעך פֿון זיבן און ניין יאָר געלעגן אויפֿן בוידעם. איז אַ יאָר אַזוי פֿיל אין אַ מענטשנס לעבן? און באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אין יענע יאָרן האָט געשפּילט אַ ראָל איין סעקונדע - און די סעקונדע איז געווען די גרענעץ פֿון בלייבן - אָדער מאַסן-קבר.

ער האָט געבעטן פּנינהן פֿאַרצולייענען. זי האָט געלייענט. געקוקט אויף אים אין ווידער געלייענט.

זי האָט געזוכט דעם שייכות.

"די טעג האָט מען אין אַ בוידעם-שטיבל פֿון אַ חורבה אין דאָרף עין כרם געפֿונען דאָס געביין פֿון לוי נייפֿעלד - אַ סטודענט פֿון לעצטן יאָר מעדיצין.

ער איז פֿאַרשוווּנדן מיט אָנדערהאַלבן יאָר צוריק. נעבן סקעלעט האָט מען געפֿונען אַ טעקע מיט קליידער און צוויי פֿלעשלעך, וואָס האָבן לויט אַלע סימנים אַנטהאַלטן דעם סם. געווען אויך דריי בריוו, און לויט זיי האָט מען דעם בחור אידענטיפֿיצירט".

פנינה האָט גאָרנישט געזאָגט. אין אירע קלוגע, בלויע אויגן האָט געפֿינקלט אַ טרער און אַ פֿראַגע-צייכן. - לוי איז געווען דער ייִנגערער, דער זיבניאָריקער. מיר שטאַמען פֿון זעלבן שטעטל. קען אַ זיבניאָריקער טראָגן אין זיך דעם קאָשמאַר, די שרעק, דעם גרויל גאַנצע צען יאָר?

- מ'זאָגט: דעם פֿאַרברעכער ציט צום אָרט פֿון פֿאַרברעכן. אָבער לוי האָט בלויז אויסבאַהאַלטן דאָס פּיצל לעבן פֿון אַ ייִדיש ייִנגל. אין יענע יאָרן איז עס טאַקע געווען אָ פֿאַרברעכן. דער בוידעם איז אים נאָכגעגאַנגען. די פֿינצטערניש האָט זיך איינגעקלאַמערט אין זיין נשמה ווי אַ ראַק, און האָט זי ביסלעכווייז אָפּגעטויט.

ער האָס מורא געהאַט פֿאַרן בוידעם - און ס'האָט אים געצויגן צו אים. ער איז אַן איינזאַמער אַדורך - פֿון בוידעם - צו בוידעם, אויפֿן שטח פֿון זיבעצן יאָר. ליפֿע האָט אַ סך געוווּסט וועגן אים. האָט ער ווייטער דערציילט; - געוויס, ער איז געווען מאָביליזירט אין צה"ל. אַן אויסגעצייכנטער שילער אין דער מיטל-שול. דאָס אַלץ איז פֿאָרגעקומען דרך-אגב. דער ווייטאָג; די פֿלאַמען פֿון ברענענדיקן געטאָ; די שיסערייען; דאָס צעפֿליקטע פֿלייש אויף די געטאָ-דראָטן - דאָס אַלץ האָט ער מיטגענומען אויפֿן בוידעם אַרויף...

פנינה'ס בליק האָט געוואַנדערט, און זי האָט געקוקט דורך אים; געזען זיין ערד-שטיבל אין וואַלד; דאָס שלייכן זיך איבער געפּרווירענע אייזנבאַן-רעלסן, וואָס האָבן געבריט מיט קאַלטן פֿייער, און האָבן ביי יעדן ריר אָפּגעקלונגען, ווי אַ ווייטער קלויסטער-גלאָק.

דעם אָפּשניט פֿון ליפֿעס לעבן, האָט זי שוין געקאָנט; זי האָט נאָר געפּרוווּט אין געדאַנק אים נאָכצוגיין, טאָמער וועט איר געלינגען אַרויסרופֿן די עמאָציעס, דעם אינערלעכן ציטער - וואָס ליפֿע האָט אין יענע רגעים געשפּירט. זי האָט זיך אַליין געפֿרעגט: - צו וואָס דאַרף איך עס? אָבער אַן אינערלעכע ציִאונג האָט איר סיי ווי באַוועגט אין דער ריכטונג. - האָט זי געזוכט די סימנים פֿון יענע איבערלעבונגען? זי האָט אינסטינקטיוו רעגיסטרירט ליפֿעס געפֿילן. ציט עס אים צוריק אין וואַלד? וועט זי קאָנען דעם וואַלד אויסוואָרצלען פֿון אים? זי האָט טייל מאָל מורא געהאַט: אויב עס וועט איר געלונגען, וואָס וועט פֿאַרנעמען דאָס דאָזיקע אָרט? דער וואַקום האָט איר געשראָקן. ליפֿע האָט גערעדט און נישט דערזאָגט, ער האָט טייל ווערטער אויסגעדריקט מיט אַ זשעסט; מיט אַ מאַך מיט דער האַנט. די דערינערונגען זענען געלאָפֿן האַסטיקער, ווי די העברעיִשע אויסדרוקן, וועלכע ער האָט געמוזט אויסזוכן און צוזאַמענשטעלן.

- נאָכן יאָר האַלטן די ייִנגלעך פֿאַרבאַהאַלטן אויפֿן בוידעם, האָבן אויך זובאָוויטשעס נערוון נישט אויסגעהאַלטן. ער האָט אַריינגעפּאַקט די ייִנגלעך אין אַ וואָגן מיט היי, און אַרויסגעשמוגלט זיי פֿון שטאָט, צו די פּאַרטיזאַנער. אַ ייִדישע משפּחה האָט די קינדער אַרויסגענומען פֿון אַ סאָוויעטישן יתומים-הויז, און געבראַכט קיין ישראל. צום סוף פֿון דערציילן, האָט ליפֿע פֿאַרגעסן, אַז ער רעדט צו פנינהן; אַז פנינה פֿאַרשטייט בלויז עברית.

ער האָט ווייטער געפּיבערט מיט יענע טעג. זובאָוויטש דער שוסטער פון קאָזשימער... דער געטאָ... דער אויפשטאַנד... דער ברענענדיקער סטויג שטרוי, די ציאַנקאַלי טאַבלעטן...

פנינה האָט אים אָנגערירט ביים האַנט. דערפילנדיק איר וואַרעמע באַרירונג; דערזען איר מילדן בליק באַצירט מיט פייכטע אויגן - האָט זיך דער לויף פון די געשעענישן אָפּגעשטעלט. איר נאָענטקייט האָט אויף אים געווירקט ווי אַ באַלאַנסירונגס-מיטל. נעבן איר האָט ער צוריק געפונען זיין גלייכגעוויכט. זי איז געווען די גרענעץ צווישן דאָ - און דאָרטן. ער האָט געקוקט אויף איר מיט פאַרחלומטע אויגן, און געוואָלט זי זאָל זיך דורך זיי אַריינגיסן אין אים, און בלייבן דאָרט אויף תמיד. ער האָט זי געוואָלט אַרומנעמען, צודריקן צו זיך און פילן, אַז זי איז באמת נעבן אים. אַז דאָס איז נישט קיין מיראַזש פון אַן איינזאַמער נשמה...

- דערציילט - האָט פנינה געבעטן - דריקט עס נישט איז זיך, און דאַן האָט זי שטיל געפרעגט: - האָט לוי געהאַט אַ נאָענטן, אַ חברטע למשל, מיט וועמען ער זאָל קאָנען טיילן זיינע איבערלעבונגען, זיינע געפילן? עמעצער וואָס זאָל האָבן גענוג פאַרשטענדעניש צו העלפן אים טראָגן זיין טרויער, אים זאָל לייכטער ווערן? ליפען האָט די פראַגע אי געוווּנדערט, אי אינטריגירט: - וואָלט אַ חברטע עס געקאָנט פאַרמיידן?

- אַ חברטע וואָלט אים אפשר געוויזן אַן אַנדערן וועג. אַ מיידל וואָס איז דאָרטן נישט געווען. איינער, וואָס איז פרעמד דער פחד, די נויט פון באַהאַלטן זיך; אַ מיידל וואָס ווייסט אפילו נישט, וואָס אַ בוידעם באַדייט. זי וואָלט אים אָנגעשטעקט מיט איר לעבנסלוסט.

פאַרשטייסט: ער האָט געדאַרפט עמעצער זאָל אים העלפן אַראָפּגיין פון בוידעם און אַריינגיין אין לעבן, אין אַ משפחה. אין פליכטן פאַר דער משפחה... אין ליפען האָט עפּעס אַ צאַפּל געטאָן: - אירע באַמערקונגען וועגן לוין: מיינט זי נישט אַ מאָל אויך מיך? ער האָט אַרויסגענומען די צייטונג פון איר האַנט, צעטויפגעלייגט זי אין פירן און באַהאַלטן אין טאַש. פנינה האָט אויסגעצויגן די האַנט און געבעטן די צייטונג.

- צו וואָס דאַרפסטו די צייטונג? - האָט ער פאַרוווּנדערט אַ פרעג געטאָן. אים איז איינגעפאַלן: - האָט זי נישט קיין צוטרוי צו מיר? זעט זי אין מיר - מיינע נעכט, און האָט מורא - טאָמער שטעק איך מיך אָן? נישט וואַרטנדיק אויף איר ענטפער, האָט ליפע איר דערלאַנגט די צייטונג.

פנינה האָט שוין אפילו גרייט געהאַט די דערקלערונג, צו וואָס זי דאַרף די צייטונג, אָבער זי האָט אַ טראַכט געטאָן: - טאָמער איז עס נאָך צו פרי? ביי זיך האָט זי שוין געהאַט אָפּגעמאַכט: - זי וועט זיך פאַרנעמען אַוועקצופירן אים ווייטער פון דאָרטן און נענטער צו זיך...

# אין לאַבירינט פון געפילן.

דער וואַלד איז ליפּע שאַפּיראָן געזעסן אין די ביינער, ווי ער אַליין וואָלט געווען אַן אויסגעריסענער בוים וועלכן דער שטורעם פון דער צייט טראָגט איבער דער וועלט. ווו נאָר ער האָט זיך געפונען, נאָכן וואַלד, האָבן זיינע וואָרצלען בלויז באַרירט דעם באָדן אָבער זיך נישט איינגעפעסטיקט אין אים. דער וואַלד האָט אים קיין רו נישט געגעבן. ער האָט געפילט ווי דער וואַלד האָט זיך מיטן גאַנצן צעצווייג פון וואָרצלען איינגעקלאַמערט אין אים און נאָגט, נאָגט מיט אַ בענקשאַפט נאָך די וועלכע זענען דאָרטן געבליבן אין דער וואַלדיקער ערד, צונויפגעפלאָכטן מיט די וואָרצלען אויף אייביק.

קומט ער זיי אַ חוב? אין אים האָט געעגבערט מאָנונג פון וועלכער ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען. ער האָט גענומען מערקן, אַז ווען ער אַרבעט אַרום די פּרוכטן-ביימער אין קיבוצישן פּרדס, זייט ביי זייט מיט פנינהן, איז ווי ער וואָלט דאָ געבוירן געוואָרן. ער רעדט שוין כמעט די שפּראַך וואָס צוליב איר איז ער אייגנטלעך צוגעטיילט געוואָרן צו פנינהס אַרבעטס-גרופּע.

ליפּע האָט געזוכט דעם וועג צו זיך. געזוכט האָט ער אים דורך ביכער. נאָך אַלעמען, אפשר וואָלט עמיצער פּאָרט געפינען די פאָרמולע ווי אויפצושטעלן דאָס לעבן, אַז צווישן נעכטן און מאָרגן זאָל אויך זיך געפינען אָרט פאַרן היינט... קען דאָך זיין יוגנט נישט שטיין אויפן שיידוועג און דאָרטן גרוי ווערן, ווייל עס ווייסט נישט דעם - ווּהין? דער אומרו האָט אים געעגבערט, ווי דער פּיקהאָלץ עגבערט אַ בוים מיטן מאָנאָטאָנעם פּוק-פּוק, פּוק-פּוק...

דאָס בוך, האָט ער געהאַלטן, איז אַ פענצטער דורך וועלכן מען קוקט אַריין אין לעבן. און ליפּע שאַפּיראָ האָט ליב געהאַט ביכער. נישט מער, ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין ווי אַזוי מען קאָן שטיין מיטביידע פיס אין לעבן און דאָך דאַרפן אַריינקוקן דורכן פענצטער. עס האָט גענומען צייט ביז ער איז דערגאַנגען, אַז ביכער מיינען אַ פענצטער אַריינצוקוקן אין יענעמס לעבן, און קוקנדיק אויף עמיצן, קען מען אַ מאָל דערזען אויך זיך...

די קיבוץ-ביבליאָטעק איז אויסגעשטאַט מיט פּאָליצעס ביכער אין פאַרשידענע שפּראַכן. זיי ציען זיך איבער דער לענג און ברייט פון צימער. מען דערקענט אַז די ביכער האָבן מענטשלעכע הענט געבלעטערט, געלייענט, געמאַכט באַמערקונגען אויף די זייטן. ער האָט אָבער געזוכט די ביכער פון די וואָס זענען, ווי ער, געקומען פון דאָרטן.

געהאָפט האָט ער: - אפשר האָט ווער געפונען אַ קאָמפּאַס?

איין בוך האָט אים פאַרכאַפּט מיט זיין אימפּעט און מיט די צווײ פּאָליוסן צווישן וועלכע עס האָט ארומגעשוועבט אַ נשמה, וואָס האָט זיך געריסן פון טויטן טאָל אַרויס.

ער האָט געלייענט נאַכט נאָך נאַכט. אין דער פרי האָט פנינה געזען זיין בלאַס פּנים, די רויטע, נישט אויסגעשלאָפענע אויגן. זי האָט חושד געווען, אַז דאָס שרייבט ער דורך די נעכט לידער. אָבער זיין בליק, וואָס האָט געקוקט דורך איר און ווייטער, האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז דאָס איז פאַרבונדן מיט עפּעס מער ווי לידער. אָנשטאָט צו שמייכלען צו אים יענעם שמייכל וואָס צעוואַרעמט און דערמונטערט, האָט זי אים מיט פּעדאַגאָגישער רואיקייט און גלייכגילטיקייט, אָן פּערזענלעכער אַריינמישונג דערקלערט די נייע ווערטער, דעם צונויפשטעל פון זאַץ; און פאַרגעבן די נייטיקע אויפגאַבן צו די שילער פון אולפּן. ליפּע האָט די לעקציעס אויך אויפגענומען מעכאַניש, אָן פּערזענלעכער אַריינמישונג. ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער פאַרטיק ווערן מיט זיינע פליכטן און די איבעריקע צייט זיין מיט זיך, ער האָט זיך פאַרנומען זיינע רעפלעקסן און געפילן איבערצוטראָגן אויפן פּאַפּיר; צו מאַכן אַ סך-הכל וועגן דער אַריינמישונג פון שרייבער אין דעם פּערזענלעכן לעבן פון העלד.

צו ערשט האָט ביי אים אין געדאַנק אויפגעבליצט דער מעטאַד, וואָס האָט אויך געדינט אַלס מעדיצין; אַ מעדיצין וועלכע היילט נישט אויס, אָבער לינדערן טוט זי דאָך. דער מעטאָד האָט אים אויסגעזען ווי די פּלאַנצן-שטריק, וואָס די מענטשן-מאַלפּע אין באַקאַנטן פילם "טאַרזאַן" נוצט צו שפּרינגען פון בוים צו בוים, פון פעלז צו פעלז. דער מעטאָד פון אַנטלויפן, איבערהיפּן. ליפּע האַט אויפגעשריבן: **"עסקייפּיזם אין עראָטיק"**.

יעדע תקופה, יעדער צייט-אָפּשניט האָט זיין אָרט אין דער מענטשלעכער געשיכטע. אונדזער נאָענטסטע געשיכטע, פון אַרום דער צווייטער העלפט פון ניינצענטן יאָרהונדערט און אָנהייב צוואַנציקסטן, איז געווען די אידייאישע תקופה; אַ תקופה ווו אויפן אויבן-אָן האָבן זיך ארויסגערוקט דענקער-אידעאַליסטן, מענטשן וועלכע האָבן געבראַכט הומאַניסטישע אידייען צום מיט-מענטש, אידייען וועלכע דאַרפן באַפרייען די מענטשהייט פון די פּלאָגן פון הונגער, מלחמה און נויט; וואָס צוזאַמען וואָרצלען זיי אין מענטש דאָס אומענדלעכע געפיל פון טרויער און ביטערקייט, און במילא שנאה צום מיט-מענטש. דורך ענדערן די סאָציאַל-עקאָנאָמישע סטרוקטור, דורך באַזייטיקן די סיבות פון דלות, מלחמה און מענטשן-האַס, האָבן זיי געגלויבט, וועט זיך במילא ענדערן די מענטשלעכע נאַטור. צו דעם האָט מען נישט געדאַרפט קיין טעכנישע דערגרייכונגען, קיין וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען. צו דעם איז בלויז נייטיק געווען דער גוטער ווילן פון מענטש, אָפּצוזאָגן זיך פון געוויסע פּריווילעגיעס, כדי צו דערמעגלעכן זיין שכן אויך צו געניסן פון די שיינקייטן פון לעבן.

די אידייען פון זוכן דעם מענטש אין מענטשן, פון וועלן אויסשיילן די אינטעליגענטע, ראַפינירטע און גייסטיק-רייפע אייגנשאַפטן אין מענטש, פון די פּרימיטיווע ניגונגען זיינע, וועלכע די נאַטור האָט אין אים איינגעפלאַנצט, פאַרקנופּט מיט אומצאָליקע, אומזעבאַרע קנופּן, האָט זיך אָנגעטראָפן אויף אַן אומגעהויער שטאַרקן ווידערשטאַנד - פון מענטש גופא. דער דאָזיקער - אין פלוג

גענומען איינפאַכער און זעלבסטפאַרשטענדלעכער וועג - האָט צום געגאַרטן ציל נישט דערפירט.

אין אונדזער תקופה, אין דער גייסטיק אויסגעליידיקטער צייט, האָט דער מענטש זיך פאַרנומען צו באַזיגן די נאַטור אַרום אונדז, אָנשטאָט די פריערדיקע פרווון - צו באַזיגן די נאַטור אין אונדז. דאָס איז אין אַ היפשער מאָס געראָטן. דער מענטש האָט צו פאַרצייכענען באַדייטנדיקע דערפאָלגן. מיר אַליין זענען געווען עדות פון אַן עפּאָכע-מאַכנדיקער געשעעניש, ווו דער מענטשלעכער זשעני פון וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען און טעכנישער קאָאָרדינאַציע האָבן באַזיגט די נאַטור אויף צוויי געביטן. דער מענטש האָט דערגרייכט און באַטראָטן די לבנה, און מיר, אַ פערטל מיליאָן מייל ווייט פון דער לבנה, האָבן געקאָנט זען ווי די מענטשן שפּאַצירן דאָרט אַרום, און אויך זיך צוהערן צו זייערע באַמערקונגען און דערקלערונגען. דער מענטש האָט אויף אַ געוויסן אָפּשניט באַזיגט די נאַטור - ער האָט זי אָבער נישט געענדערט. די לבנה איז ווייטער דאָרטן ווו זי איז געווען, און איז אויך געבליבן אין זעלבן צושטאַנד פון איר אור-באַשאַף. ער קאָן די לבנה נישט דערנענטערן צו דער ערד, ער קאָן זי נישט אָנפילן מיט לופט, וועלכע איז אומבאַדינגט נייטיק כדי דאָרטן צו בלייבן לענגער.

צו די פענאָמענען פון דער נאַטור געהערט אויך דער פּראָצעס פון רעפּראָדוקציע פון די מינים. אויך אויף דעם דאָזיקן געביט האָט דער מענטשלעכער וויסן, די וויסנשאַפט אויפגעטאָן זייער פיל. דער מענטש קאָן היינט קאָנטראָלירן דעם דאָזיקן פּראָצעס - ער קאָן אים אָבער נישט ענדערן. און ווי מיר זעען עס אין די פּרימיטיווע לענדער, האָט נאָך אַלץ די נאַטור די אויבערהאַנט, טראָץ דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, אַז מען דאַרף אים צוימען צוליבן ווויל פון מענטשן גופא. די נאַטור איז בדרך כלל אַ פּראַקטישע, אַן אויסגערעכנטע, אַ ציל-באַוווסטזיניקע. נישטאָ אין איר קיין אָרט פאַר ראָמאַנטיק. באַמערקן מיר אָבער, אַז אין פּראָצעס פון רעפּראָדוצירן, פאַרמערן אָדער קאָנטינואירן דעם מענטשלעכן מין, איז דאָ אַן עלעמענט וועלכן מיר רופן אָן - ליבע. שוין די אַלטע גריכן, וועלכע זענען געווען ראַציאָנאַליסטן, תכליתדיקע, האָבן דעם דאָזיקן געפיל געמוזט געבן אַן אָפיציעלן סטאַטוס און באַשטימט פאַר אים אַ ספּעציעלן געטלעכן דעפּאַרטאַמענט, אונטער דער השגחה פון גאָט עראָס.

דער מענטש, אַן און פאַר זיך, אָט ווי די נאַטור האָט אים געשטאַלטיקט, איז פויל. אויב ער טוט עפּעס איז עס נאָר דערפאַר ווייל עס איז דאָ די סיבה וועלכע צווינגט אים דערצו. דער אורמענטש, געבוירן אין אַ וואַרעמען קלימאַט, איז אַרומגעלאָפן נאַקעט, זיך דערנערט מיט די פרוכטן פוןביימער וועלכע זענען פאַר אים געוואַקסן אַ גאַנץ יאָר. קיין געפאַר פון וועלכער זיך צו באַשיצן האָט ער נישט געהאַט - זענען זיינעביידלעך געווען לייכטע, מיט בלעטער באַדעקט. ער האָט פאַרנוצט נאָר אַזוי פיל ענערגיע וויפיל עס איז נייטיק געווען צו דערהאַלטן זיין עקזיסטענץ. דער זעלבער מענטש אין קאַלטן קלימאַט האָט שוין געמוזט זאָרגן פאַר זיין זיכערקייט צו באַשיצן זיך פון קעלט, צו באַזאָרגן זיך מיט שפּייז אויף דער צייט ווען אַלץ איז איינגעפרוירן. ער האָט געהרגעט אַ חיה נישט נאָר צוליב דער שפּייז צו דערנערן זיך, נאָר אויך צוליב דער פעל וואָס גיט אים וואַרעמקייט.

דאָס געפיל פון ליבע באַהערשט דעם מענטש אָפּט מאָל מיט אַזאַ קראַפט, אַז ער

איז גרייט מקריב צו זיין דאָס לעבן פאַר דער וועלכער ער האָט ליב. ער איז אויך גרייט אַוועקצונעמען יענעמס לעבן צוליב דער זעלבער סיבה. מיר זעען אָפט ווי יונגע מענטשן האַלטן זיך ביי די הענט. דאָס געפיל פון ליבע רופט אין זיי אַרויס אָט די באַדערפעניש. די נאַטור איז געדולדיק. זי ווייסט, אַז דאָס וואָס זי האָט אינוועסטירט אין מענטש וועט סוף כל סוף ברענגען די געוווּנטשענע רעזולטאַטן, דעם ציל, די רעפּראָדוקציע פון מין. דאָס מיינט, אַז דאָס געפיל וועלכן די נאַטור האָט איינגעפּלאַנצט אין מענטשן - ליבע - איז נישט צוליב ראָמאַנטישקייט, נאָר ווי אַ פּראַקטישע נויטווענדיקייט, ווי אַ סטימול צום אַקט פון רעפּראָדוצירן. מען דאַרף זיך דעריבער נישט ווונדערן, וואָס שרייבער - וועלכע עמיצער האָט באַצייכנט ווי אינזשעניערן פון דער מענטשלעכער נשמה - ווי נאָר זיי נעמען זיך שרייבן וועגן מענטשן, ווערן זיי פאַראינטריגירט, פאַרכאַפּט מיט אָט דעם פּראָבלעם, מיט דעם דאָזיקן געפיל וועלכן מען רופט געוויינלעך אָן - ליבע. ווען מיר פּרוּוון שאַצן, אַז מיליאָנען ביכער האָבן זיך צו דעם פּראָבלעם צוגערירט, ווער מיט מער דערפאָלג און ווער מיט ווייניקער, וועלן מיר וואַרשיינלעך די ציפער נישט דערשאַצן.

אַ קינד וואָס הייבט נאָר אָן אַרויסצוווייזן אינטערעס צום אַרום, און וויל באַגרייפן וואָס עס קומט פאָר אַרום אים, כאַפּט זיך דאָס ערשטע צו אַ זייגער. ער וויל דערגיין דעם שׂכל - פאַר וואָס טיקט עס דאָרטן? זען זעט ער גאָר נישט, ער הערט נאָר: עס מאַכט טיק-טאַק. פון דעסטוועגן הערט ער ווי די עלטערן זאָגן: דער זייגער גייט, דער זייגער שטייט, דער זייגער שפּעטיקט, דער זייגער לויפט. ער אַליין אָבער זעט גאָר נישט, אויסער דעם נאָכאַנאַנדיקן טיק, טיק, טיק. און ווען קיינער זעט נישט, טוט ער זיך אַ נעם צו אים. עס וויל דערגיין: וואָס טיקט עס דאָרטן?

אַזוי איז אויך דער שרייבער. יעדער שרייבער, אויף זיין שטייגער, פּרובירט דערקלערן וואָס טיקט עס דאָרטן אין דער נשמה פון מענטש. וואָס מאַכט אים גוט אָדער שלעכט; איידל אָדער גראָב, ברוטאַל, אַראָגאַנט. ליב האָבן אָדער האַסן. און קודם - ליבע און עראָטיק, די פאַרבינדונג צווישן זיי און די אויסווירקונג אויפן מענטש. דער שרייבער פּרובירט אַנאַליזירן די געדאַנקען פון אַ מאַן ביים באַגעגענען אַ שיינע פרוי. באַוווּנדערט ער דעם קונסט-באַשאַף פון דער נאַטור? די שיינקייט און האַרמאָניע צווישן פּראָפּאָרץ און סימעטריע, די פּערפעקטקייט פון אירע קערפּערלעכע פאָרמען? איז דער נשמה-ציטער וואָס אָט די באַגעגעניש האָט ביי אים אַרויסגערופן - ליבע, אָדער האָט די נאַטור מאָמענטאַל דערגרייכט איר ציל, דורך אָנרעגן זיינע עראָטישע געפילן?

אַ וויסנשאַפטלער דאַרף אַ לאַבאָראַטאָריע כדי צו עקספּערימענטירן, דורכפירן פאַרגלייכן, קאָנטראָלירן באַאָבאַכטונגען. דעם שרייבערס לאַבאָראַטאָריע איז דאָס לעבן גופא, און קודם טאַקע ער אַליין. אין יעדן ווערק פון אַ בעלעטריסט איז תמיד דאָ עפּעס פון אים אַליין. זיינע ווערק זענען אויטאָביאָגראַפיש אָדער אויטאָ-סוגעסטיוו. טייל מאָל, הייסט עס, שאַפט דער שרייבער אַזאַ מין העלד, וואָס ער אַליין האָט עס געוואָלט זיין אין לעבן און נישט געקאָנט. דער העלד פאַרברענגט מיט פרויען און שלאָפט מיט זיי - אַזעלכע פרויען פון וועלכע דער שרייבער האָט געטרוימט און נישט געקאָנט דערגרייכן. אַזוי איז אויך מיט דער

שפראַך פון שרייבער, די פינגער מיט וועלכע ער קנעט אויס דאָס ליטעראַרישע ליים. זענען די פינגער געניט - איז די שפראַך רייך, פאַרשידנפאַרביק. איז זי אָבער אָרעם, רעדט דער רב און דער פויער, דער בעל-עגלה און ישיבה-בחור מיטן זעלבן לשון. פאַר וואָס? ווייל דער שרייבער זעט זיי בלויז פון דרויסן. פון דרויסן האָט דער רב אַ באָרד און אַ קאַפּאָטע, דער פויער - שטיוול און אַ מאַטשעיוווקע אויפן קאָפּ. ער זעט זיי דרויסנדיק - אינעווייניק קען ער נישט אַריין אין זיי, בלויז אין זיך פון וואַנען ער שעפּט. און אין זיך איז ער נאָך אַלץ יענער שעמעוודיקער ישיבה-בחור פון וועלכן ער קאָן זיך נישט באַפרייען, הגם ער גייט שוין אָן אַ היטל און עסט טריפה.

וואָס טיפער, פאַרנעמיקער אַ שרייבער איז - אַלץ שאַרפער, בולטער שילדערט ער פאַר אונדז די קאָנפליקטן, די רייבונגען וועלכע קומען פאָר אין אים, און אויף ווי ווייט דער אָרום באַווירקט אים. ווען ער איז עכט - און עכטע קונסט אין דער ליטעראַטור פאַרטראָגט נישט קיין פאַרשטעלטקייטן, קיין דעקאָראַציעס און גרים - מוז דער שרייבער אויסטאָן זיין נשמה נאַקעט, אָן באַפוצונגען, אָן חנדלעך און - אויסשטעלן זי פאַר אונדז...

* * *

ליפּע שאַפּיראָ האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אייגנלעך געוואָלט שרייבן וועגן בוך וואָס האָט אים באַווירקט. "אין זיין ווערק - מיט בלינדע טריט איבער דער ערד - האָט ראָכמאַן זיך פאַר אונדז אנטפּלעקט ביזן לעצטן נערוו, ביזן לעצטן נשמה-צאַפּל, ער האָט ממש אַראָפּגעצויגן די הויט פון זיינע געדאַנקען, געפילן און האַנדלונגען. ער ווייזט אונדז ווי יעדער מוסקול זיינער צוקט; ווי יעדעס קעמערל אין מוח שאַפּט, פאַרהעקלט זיך אין אַ צווייטס, עס באַפעלט און נעמט אָן באַפעלן. ער צעגלידערט די מענטשלעכע נשמה ביזן אומצעטיילבאַרן אַטאָם. אין דעם בוך האָט ראָכמאַן דורכגעפירט אַ פּערפעקטע וויוויסעקציע פון זיין גייסט און זיינע האַנדלונגען. ער פאַרבאָרגט גאָר נישט. ער שטעלט נישט אָרום זיך קיין באַריערן. ער לאָזט זיך אָנטאַפּן פון אונדז. ער שעמט זיך נישט און גרויסט זיך נישט מיט זיינע רעגונגען און מיט זיינע מעשים. ער איז דער מענטש וועלכן די נאַטור האָט באַשאַפן און איבער וועלכן די נאַטור האָט די אַבסטלוטע שליטה, און גייענדיק מיט בלינדע טריט, גייט ער אָבער באַוווסטזיניק. זיין גיין האָט אַ ווּהין און אַ פאַרוואָס".

דאָס בוך איז די כראָניק פון אַ דור און - פון איין מענטש. כראָנאָלאָגיש נעמט דאָס בוך אַרום אַ צייט-אָפּשניט פון פינף יאָר. און וואָס פאַראַ באַדייט האָבן פינף יאָר אין לעבן פון אַ מענטש אָדער גאָר אַ פאָלק? די דאָזיקע פינף יאָר זענען אָבער אַזוי אָנגעלאָדן מיט שפּאַנונג, מיט גרעאַנגל און קאַטאַסטראָפעס, מיט גוואַלטזאַמען-טויט, אַז עס האָט ראָכמאַנען געגומען אַזש זעקס הונדערט זייטן אַרויסצושרייבן פון זיך דאָס וואָס אין משך פון פינף יאָר האָט זיך פאַנאַנדערגעלייגט אין זיין מוח, אין זיין נשמה, אין זיין גאַנץ לייב און לעבן. ווען ראָכמאַן בלייבט אַליין מיט די געשעענישן און נעמט זיי געשטאַלטיקן ליטעראַריש, מוז ער באַשאַפן מער ווי איין העלד. וואָרום ער אַנט, אַז פאַר איין מענטש איז דאָ אוממעגלעך אויסצוטראָגן, אַריבערצוטראָגן.

איז צו ערשט דאָ שין. אַ בוכשטאַב בלויז - שין. דאַן איז עס לייבל און אסתרקע... און ראָכמאַן הייסט לייבל און זיין פרוי אסתרקע. דאַן מוז ער אויך שינען צוקלייבן אַ פּאָר - דאָס איז רייזעלע, וועלכע שין באַגעגענט אין רוים, גייענדיק מיט די וועגן פון דער אומלעגאַלער עליה. דורך שינען איז אים אַ סך מאָל לייכטער צוצוקומען צו לייבלען. אָבער נאָך אַלעמען, מוז ער אָנקומען צו דער דירעקטער פאָרם, באַנוצנדיק דעם קורצן וועג פון איך, שילדערן אין דער ערשטער פּערזאָן.

קורץ, די געדאַנקען פון איין מענטש, זיינע איבערלעבונגען מוזן אויסגעטראָגן ווערן פון דריי, כדי צו שאַפן די קינסטלערישע האַרמאָניע פון ווערק, כדי צו געבן אונדז דעם קינסטלערישן אמת און די פּערספּעקטיוו.
דער הויפּט-מאָטיוו פון ווערק איז - חורבן. אַ פּרוּוו אויסצושיילן די תקופה נאָכן חורבן - פון חורבן גופא. קיין פיזישער חורבן איז מער נישטאָ. דער לעבן-געבליבענער ייד טראָגט אין זיך די פאַרשניטענע לעבנס. דאָס איז זיין רעאַלע וועלט. אין דער וועלט איז ער דאָ. דאָ קאָן ער פירן דיסקוסיעס. צווישן די טויטע לעבט ער. דאָס איז די וועלט פון זיין רעאַליטעט. די לעבעדיקע וועלט וועלכע איז אַ ממשותדיקע זאַך פאַרן אַרום, איז פאַר אים בלויז אַ מיראַזש, אַן אויסדוכטעניש. אין איר איז ער דאָ און נישטאָ.

אין ערשטן קאַפּיטל, "די שטאָט", קערט זיך שין אום אין זיין געבוירן-שטאָט נאָך דעם ווי עס ענדיקט זיך די מלחמה און שין ווערט באַפרייט. שין קומט צוריק פון די טאָלן, ווי ראָכמאַן באַצייכנט די טויטן-לאַגערן. צוליב וואָס קומט ער אַהין? יעדן ציט צום אָרט פון זיין געבוירן. די ערשטע באַגעגעניש - אַ טויטע שטאָט, אָן יידן, און אַ פול-געוויקלטער פּרויען-בויך - דער סימבאָל פון אַ לעבן. דאָ האָבן מירביידע פּאָליוסן צווישן וועלכע עס באַוועגט זיך דאָס בוך - טויט און לעבן. מיט די אויגן פון אַ דערוואַקסענעם קוקט שין אויף זיין קינדהייט, ווייל קיין צוקונפט איז נישטאָ. גייט שין אין זיין רעאַלער וועלט - אויף דעם בית-עולם. דאָרט שמועסט ער זיך אויס מיט די דורות פאַר אים. זיי טראָגן אים אַנטקעגן זייערע טענות. פאַרנאַכט באַזוכט ער דאָס הויז פון זיין געבוירן. דאָרט וווינט אַצינד אַ פּוילישע פרוי און איר טאָכטער. שינס טרוים איז נאָך אַ מאָל צו שלאָפן אין זיין אייגן בעט. אָבער שלאָפן קאָן ער נישט. אַלע טויטע פון זיין שטאָט גייען אויף אים. עס ווערט אים ענג און ער אַנטלויפט פון זיין בעט, אַריין אין דעם בעט פון דער פרוי נאָוואַק. דאָרט ווערט באַשאַפן לעבן, און דאָרטן האָבן שוין די טויטע קיין שליטה נישט. שין אַנטלויפט פון טויט צוריק אין לעבן דורך עראָטיק. יאָרן שפּעטער שפּאַצירט שין מיט רייזעלען אין די קאַטאַקאָמבן פון רוים, ווו עס רוען די ביינער פון די ערשטע קריסטן. אין אָנבליק פון טויט באַגעגנט ער די בליקן פון רייזעלען. זי זאָגט צו אים: אויב ער קאָן זי נישט ליב האָבן, דאַרף ער זי נישט קושן. און שין באַמערקט דאַן לאַקאָניש: זי איז געווען דער לעצטער וואַרעמער מענטשן-גוף אין באַשאַף.

אין אָנבליק פון טויט זוכט דער מענטש זיך צוריק צו פאַרקלייבן אין זיין עמבריאָן. אָנהייבן פון אָנהייב. נאָר ביי די קוואַלן פון באַשאַף - האַלט ראָכמאַן - קען מען פאַרגעסן אין טויט.

"ווי אין יעדער שטאָט, האָט מען אָפּגעקליבן אַ צאָל מענטשן אויף שפּעטער. עס איז דער קאָפּערניק-לאַגער אין מינסק-מאַזאָוויעצק, אַ ציגל-געביידע ווו מען האַלט

דערוויל די אָפּגעקליבענע יידן. מיר ליגן - שרייבט ראָכמאַן - אין קאָפּערניק-לאַגער גרייט, אויף מאָרגן, ווי ווייסע עופות אין אַ שטייג. און אין איינער אַ נאַכט האָבן די געלעגערס זיך געבראָכן אונטער זיך. מען האָט מער נישט געקאָנט וואַרטן. אַ פרעמדע וואַרעמקייט ווי קאַלטער פייער האָט אויפגערודערט די גופים. נישט פרעמדע זענען אויף זיי געקומען, נאָר היימישע, זיי האָבן פּלוצלונג דערפילט אויף זיך ליבּ, אָפּגעהאַקטע אָטעמס. זיי האָבן מיט געשלאָסענע אויגן זיך אַנטקעגנגעטראָגן, געלאָזט זיך אויפבינדן אין דער אייגענער תהומיקייט. זיי זענען געוואָרן פאַרבליפט פון אייגענעם אויפשפּריץ וואָס האָט אין זיי ערשטמאָליק אויפגעקוועלט. פון דער קנאָספּישער צעעפענטקייט פון זייערע יונגע בריסטלעך. יינגלעך האָבן געוואָלט אַנטלויפן צוריק אין זייערע מאַמעס. זיך באַהאַלטן אין ליידיקע, אָפענע שויסן. צוריקקערן צום פאַר-אַלעמען. אויך אהרן האָט אין סימען איצט דערגרייכט זיין סטעלאַס שורש. צום ערשטן מאָל איז זי איצט געלעגן פאַר אים אַן אַנטפּלעקטע, ווייך, בלאָנד, טיף און פול".

אין אָנבליק פון טויט האָבן זיי זיך געקלאַמערט אין לעבן, זיך געריסן צו זייער שורש. זיי האָבן געוואָלט זיך ווידער פאַרקניפּן מיטן אָנהייב. עס איז געווען די בענקשאַפט צום אורשטאַם, צו ערשט-מאָליקייט. האָבן מיר דאָ ווידער די טעזע פון עסקייפּיזם דורך עראָטיק. וואָרעם וואָס איז אייגנטלעך - עסקייפּיזם? אַ טענדענץ צו אַנטלויפן פון דערווירקלעכקייט אין טרוים, אין פאַנטאַזיע. די לעבנס-ווירקלעכקייט - דאָס איז דער טויט. עראָטיק - דאָס באַשאַפן לעבן, איז אין אָט דעם טראַגישן מאָמענט - פנים אל פנים מיטן טויט - נישט מער ווי אַ פאַנטאַזיע, און אין דער פאַנטאַזיע באַהאַלטן זיך די מענטשן אויס פאַרן טויט - פאַר דער ווירקלעכקייט.

און איינער אַ רב, ר' יום-טובל, זאָגט אויפן משפט אין אַמסטערדאַמער שול: "אויך אין לעצטן דור האָבן די בני-ישראל גאָר נישט פאַרגעזון: זיי האָבן זיך געמערט אין די געטאָס ווי אַ מאָל אין מצרים. זיי האָבן געמיינט, זיי וועלן פון זיי אַרויסגיין".

איז אין דעם דאָ אַ זין? וויל ליפע פאַרשטיין די אַנטילאָגיק - לעבן - איז אין דעם פאַל שטאַרקער ווי די לאָגיק - דער טויט. און כאָטש דער טויט איז שטאַרקער פאַרן לעבן, ווייל ער איז אייביק, באַמיען זיך די מענטשן צו באַזיגן דעם טויט דורך באַשאַפן לעבן.

ראָכמאַן, וואָס דערציילט אין דער ערשטער פּערזאָן, איך, קומט אין דער פרייער וועלט, אין דער שווייץ, אין דער שטאָט לאָזאַן וואָס איז פון די פליגלען פון טויט נישט באַרירט געוואָרן, און ער אַליין, אויסגעוויקלט זיך פון טויט און פון חורבן, קומט אַריין אין אַ שטאָט וווּ אַלץ גייט מיטן איינגעשטעלטן אַלטן סדר. אין אָנבליק פון איינגעשטעלטן סדר, דערשפּירט ערשט ראָכמאַן ווי קורץ דאָס מענטשלעכע לעבן איז געווען. דער עיקר פון יידישן מענטש אין דער וועלט פון וועלכער ער קומט. אין אים קלאָגט אַ געוויין פאַר די פרויען וועלכע זענען אַוועק פון דער וועלט אָן צו שפּירן אין זיך דעם באַשאַפער און די פרייד פון באַשאַף. ער קען דעריבער נישט קוקן גלייכגילטיק אויף פרויען, אָן צו מאַכן אַ פאַרגלייך מיט דאָרטן. און נישט בלויז דאָס, אין יעדער פרוי זעט ער דעם אָביעקט, דעם טיגל, די פאָרעם אין וועלכן דאָס לעבן ווערט אויספאָרמירט און באַשאַפן. איז דעריבער, ווען ער זיצט אַ פרייטיק-צונאַכטס ביי זיין לאַנדסמאַן אין דער שווייץ, דערשפּירט

ער מיט אַלע זיינע חושים די פרוי ביים טיש. די דאָזיקע שפּירונג גיט אונדז ראָכמאַן איבער דורך לאָזן אַריינבליקן אין זיין נשמה. "איר גוף" - שרייבט ער - האָט מיך אָנגערירט. איר פּנים איז געווען מאַט, ווי אונטער גרוי ליכט; די בלאָנדע האָר - מיט אַ זילבער-בלוילעכן שימער. אונטער דעם גלאַטן וואָל-קלייד האָבן אירע בריסטן מילד געאָטעמט. איך האָב געפילט זייער ווייסן, וואַרעמען ריח. זי האָט זיך געזעצט. זי האָט פאַר מיר געהאַט אי פולע אויסגעפּיעשטשעטע צייטיקייט, אי מאַמישע צערטלעכקייט, אַריינצוטאָן אין איר דעם קאָפּ. איר קערפּער האָט הויך געאָטעמט. איך האָב אין מיר דערפילט דעם עכאָ פון יעדן איר אויפאָטעמען און אָפּאָטעמען. אַ רגע איז מיר אַדורך אַ געדאַנק: זי שוואַנגערט! איר מאַן האָט אין איר פאַרוואָרפן וואָרצלען. עס האָט מיר באַנק געטאָן פאַרן טעות וואָס איז דאָ אין איר".

אויבנאויפיק איז דאָס עראָטיק וועלכע גרענעצט זין מיט תאווה, - ווען דאָס וואָלט געווען דער הויפּט-געדאַנק. בלויז אַ רגע געדויערט אָט די פאַרטראַכטונג, וואָרום אין זיין אינטער-באַוווסטזיין איז דאָ די לאָגיק, דיווירקלעכקייט: באַלד וועט מען ביי דער טיר אַ קלונג טאָן, מען וועט זי קומען נעמען - ווו וועט זי זיך באַהאַלטן? ער זעט שוין ווי דאָס נישט געבוירענע לעבן פאַרגייט. דאָס פאַרגאַנגענע איז פאַר אים נאָך אַלץ אַ ווירקלעכקייט פון וועלכער ער קאָן זיך נישט באַפרייען.

"אַמסטערדאַם", אַזוי הייסט אַ ווייטערדיק קאַפּיטל אין בוך. די אַלטע פּאָרטוגעזישע שול, ווו מען האָט שפּינאָזען אַריינגעלייגט אין חרם. די שול האָבן די טויטע ייִדעס און באָבעס, די טויטע דורות, אויסגעקליבן כדי צו רופן דעם שרייבער צום משפּט, ווייל ער האָט באַשלאָסן איבערצוהאַקן די דורותדיקע קייט. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו ברענגען נייע דורות אויף דער וועלט. צו טיף זיצט אין אים דער חורבן. ער, וואָס האָט יאָרן לאַנג געלעבט אין טאָל, מיטן טויט אויף איין נאַרע, וויל מער נישט אָנגרייטן קיין קרבנות. פאַר אים האָט עס זיך נאָך נישט געענדיקט. ס'איז בלויז אַ חיי-שעה, שפּעטער וועלן זיי אים ווידער קומען נעמען.

און נישט בלויז דער קרבן פילט אַזוי. אויך דער ווינער שפּילצייג-סוחר, דער דייטש, וואָס האָט יאָרן פאַרבראַכט אין טאָל, ווי אַ וועכטער, ווי איינער וואָס האָט מיטגעהאָלפן דעם טויט אין זיין פאַרטיליקונג און געפינט זיך אין שפּיטאָל פון לעיזען, אויך ער האַלט אַז עס מוז ווידער קומען, דאָס איצטיקע איז בלויז אַ צייטווייליקער איבעררייס. אַלזאָ, ביידע וואָס זענען געווען אין די טאָלן, סיי דער קרבן און סיי דער אומברענגער ביידע האָבן זיי געזען דעם טויט און קענען מער דעם לעבן אין פּנים נישט קוקן. ראָכמאַן ראַנגלט זיך. אויף צענדליקער זייטן טויכן אויף די אַרגומענטן פאַר און די אַרגומענטן קעגן. עס איז אַ משפּט אין דער פּאָרטוגעזישער שול אין אַמסטערדאַם. לויטן שכל היושר וואָלט עס באַדאַרפט זיין אַ משפּט פון אַ קרבן מיט זיינע אומברענגער: פון קרבן - מיט דער גלייכגילטיקייט פון וועלט-געוויסן, אפילו פון קרבן מיט זיין גאָט איז אַ משפּט באַרעכטיקט. סיאיז אָבער אַנטילאָגיק. ווייסט מען נישט וועמען מען משפּט. ציען אַלע טויטע צום משפּט ווי אָנקלאָגער, ווי עדות. אפילו ווי באַשולדיקטע, דער משפּט וויל געפינען אַ זין פאַר דעם געשעענעם, און ראָכמאַן באַצייכנט דעם משפּט:

קיינער האָט נישט געוווסט וועמענס ער וועט זיין. אפשר אויך זיינער. דאָ וועט

ער געראָפן ווערן. ער וועט מוזן אויסלייגן זיינע טענות. מען ווייסט נישט קעגן וועמען. קיין שולדיקע זענען נישטאָ. סיידן אַלע וועלן אַרויס זכאי״.

אין קאַפּיטל ״אַמסטערדאַם״ קערט זיך ראָכמאַן אום צום אָנהייב. אַלץ ווערט אָנגערעגט פון פילאָזאָפישן אינטערבאַוווסטזיין - דערוויל איז נאָך אַלץ אין נעפּל, אומקלאָר - אפשר וועט דער משפט אַריינברענגען ליכט, אפשר וועט אין דער פּאָרטוגעזישער שול ענדלעך אויפגעשטעלט ווערן אַ מחיצה צווישן לעבן און טויט, כדי די לעבעדיקע זאָלן ווידער קאָנען אויפשטעלן דאָס יידישע פאָלק. עס זאָל קאָנען אויפבויען די רעפּובליק (ראָכמאַנס אויסדרוק פאַר מדינת ישׂראל ערב איר אַנטשטייאונג).

כדי זיי זאָלן קענען געבערן לעבן, מוזן זיי אויפהערן צו טראָגן דעם טויט אין זיך. דער אָנקלאָגער לייענט דעם באַשולדיקונגס-אַקט קעגן שינען. ״ער דרייט זיך אַרום איבער דער וועלט אַ שווייגנדיקער. עס דאַכט זיך, ער טרויערט. אָבער אַז ער טרעפט אָן אויפן וועג פרייד, מיידט ער זי נישט אויס. עס זעט אויס עלנד זוכט ער צו זיין. אָבער ווען ער קאָן זיך צוזאַמענפאָרן מיטן צווייטן טייל תכלית פון באַשאַף, צו איינס, האַלט אים גאָר נישט דערפון אָפּ: אין די טעג פון נסיון האָט ער דעמאָלט צוגעשווירן זיינע נאָענטסטע, וואָס האָבן פון אים זיך אָפּגעטיילט, אַז אויב בלייבן - וועט ער יעדע רגע היטן זייער זכר, זיי געדענקען. ער וועט פירן אַ ריין לעבן. איצט פאַרראַט ער זיי, זיין פאַרגאַנגענהייט ווי חלילה לית דין ולית דיין״.

דער משפט קומט פאָר טאָג נאָך טאָג. איבער אַלע וועגן פון אייראָפּע ציען די טויטע אַהער, כדי צו געפינען אַ תיקון... אָבער ראָכמאַן זעט אויך וואָס עס קומט פאָר אויסער דער פּאָרטוגעזישער שול: זיי האָבן זיך געטראָגן - די יונגע זיס און ערס - זייערע אויפגעגאַנגענע אברים פאַראויס, פאַר זיך, גרייט צו גיין מיט זיי ווייטער אין די דורות אַריין. פון זיי וועט זיך עס אָנהייבן. דער משפט איז אויך די סצענע ווו ראָכמאַן רעקאָנסטרואירט דעם געטאָ פון נאָוואָמינסק. מיט געשיכטעס פון געטאָ-לעבן איז פול אונדזער חורבן-ליטעראַטור. אָבער ראָכמאַן זעט עפּעס אַנדערש, אפשר דאָס עיקרדיקע אין מענטשן בכלל, וואָס נישט געקוקט אויף די געענדערטע באַדינגונגען האָט זיך זיין עצם נאַטור נישט געענדערט. ער זעט נישט קיין גראַנגל, קיין ווידערשטאַנד - פּאַסיווער אָדער אַקטיווער - קיין פּרווו אפילו נישט פון ווידערשטאַנד. ער זעט די לעצטע חתונה. עס איז דאָ עראָטיק אין אַלע אירע פאָרמען און אויסווירקונגען, עס איז דאָ ליבע און פאַרראַט, אָט איז זי לייצע, אַ העלדין פון אַ ראָמאַן אין שטעטל, וואָס האָט חתונה אָבער פאַרראַט שפּעטער דעם מאַן אין געטאָ. דאָס איז דער ליבע-דרייעק אין זיין מיליאָנסטער וואַריאַציע. אַלץ וואָס זי געדענקט פון אירע לעצטע מאָמענטן, ווען זי שטייט פאַרן משפט איז - בענקשאַפט. לייצען באַשולדיקט קיינער נישט. און ראָכמאַן, דער שופט, האַלט, זי איז קיינעם גאָר נישט חייב. און אָט איז דער גביר פון שטעטל, דער באַלעבאָס פון האָלץ-סקלאַד, וואָס האָט זיך געראַטעוועט קיין רוסלאַנד, און ביז וואָס, ווען, אויפגעשטעלט דאָרט אַ משפחה, אַ פרוי מיט צוויי בלאָנדע טעכטער. זיין פרוי, וואָס איז געבליבן אין געטאָ, גיט זיך אָפּ מיטן משרת בענדעט, אַ קריסט, אפשר אויך די טעכטער, צוליב אַ ברעקל האָפענונג פון רעטונג. און דאָס געטאָ קוקט נאָך ווען ער קומט צו זיי, ווען ער גייט אַוועק פון

דאָרט. דאָס געטאָ קאָמענטירט און לעבט מיט, מיט דעם פּראָבלעם, ווי דאָס וואָלט געווען דער עיקר.
ווי אַ טייל פון זיין פאַרטיידיקונג ברענגט ראָכמאַן דעם בחור חיל פּאָביטניק. גאָר אַ מאָל האָט ער פאַרפירט אַ יידיש דינסט-מיידל ראַשל, און ווען זי האָט גענומען שוואַנגערן, האָט ער זי דערשטיקט. דער רב ר'יום-טובל לייגט אים אין חרם אַריין און פאַרטרייבט אים פון שטעטל. אָבער אַצינד איז ער געקומען צום משפּט. ער וויל זיין צווישן דער עדה. פּאָביטניק האַלט זיך פאַר אַ העלד. און, ראָכמאַן זאָגט אים אונטער די טענות: ער האָט ראַשלען, און די דורות וואָס וואָלטן געקומען נאָך איר, ער חיל האָט זיי פאַרשפּאָרט בושות, מיט צרות, מיט טויטן. אפילו ראַשל אַליין שרייט איצט - ער איז געווען אַ צדיק, און דער רב וואָס האָט אים אין חרם געלייגט איז געווען בלינד דאָס גאַנצע לעבן.
נאָך אַ מאָל - פילאָזאָפישער אינטערבאַוווסטזיין פון אַנטי-לאָגיק.

* * *

לעיזען איז אַ קוראָרט אין די אַלפּן פון דער פראַנצויזישער שווייץ. דאָ איז געווען - שרייבט ראָכמאַן - דער אויפצומאָרגנדיקער בית-עולם פון די נישט דערשטאָרבענע. מענטשן פון פאַרשידענע פעלקער קומען אַהין היילן זייערע געליימטע אברים.
עס זענען דאָ די געיאָגטע און די יעגער. צווישן זיי זענען דאָ פיל מיידלעך. דורך די קראַנקע גופים ציט זיך אַ ווילן צום לעבן. און דער פּרוביר-שטיין פון לעבן דאָס איז דער מאַן. דורך קומען אין קאָנטאַקט מיט זיין מענערישקייט דערפילן זיי אויך דעם קאָנטאַקט מיטן לעבן. צווישן די קראַנקע איז דאָ אַ יאַפּאַנער. ציט עס די מיידלעך צום דאָזיקן יאַפּאַנער. דערויף באַמערקט אַ פראַנצויזישער סטודענט, וועלכער ליבט זיך אין אַ רבנישער טאָכטער און ווייזט אַרויס אַן אינטערעס צו דורותדיקע יידישע פּראָבלעמען:
"די יאַפּאַנער זענען די דייטשן פון אַזיע. דאָס ציט אַזוי די מיידלעך אויסצופרווון אויף זיך זיין אכזריות". אַלע ליגן אויף די טעראַסן און וואַרעמען זיך אויף דער זון. זיי באַוועגן זיך אויך צווישן די צימערן. זיי קומען אַהער היילן די קראַנקע גלידער מיט זון און די נשמות מיט שטילקייט. דאָ טרעפט זיך דער געיאָגטער און דער יעגער. דער בלינדער פּראָפעסאָר פון ווין, וועמענס ביכער מען האָט פאַרברענט, אָבער ביי אים אין קאָפּ זענען זיי נאָך אַלץ דאָ און דער שפּילצייג-סוחר פון ווין. אויך דער אָפיציר פון דער שווייצאַרישער גרענעץ-וואַך. אים פאַרפאָלגט דאָס געוויסן, ווייל ער האָט נישט דורכגעלאָזט דורך דער גרענעץ אַ פרוי מיט קליינע קינדער און זיי זענען אומגעקומען. דאָ אין לעיזען פּרובירט לייבל אויפוועקן אין די קראַנקע דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, כדי זיי זאָלן זיין גרייט אויפן וועג צו דער רעפּובליק, און אויך כדי זיי זאָלן האָבן אַ פאַרלאַנג ווידער אַריין אין לעבן.
אומעטום האָט ער געזען טראַגעדיעס. דאָס נישט קאָנען זיך צונויפקומען פון אַ מאַן מיט זיין פרוי און אָנהייבן אויפסניי. אויפסניי - דאָס איז געווען איין גרויס געשריי פון ווידערגעבורט. אָנהייבן אויפסניי קען מען נאָר פון דעם אָרט ווו דער זוימען ווערט פאַרפלאַנצט. דורך דער פאַרפלאַנצונג ווערט באַשאַפן נישט נאָר אַ ניי לעבן, נאָר אויך דאָס אַלטע באַקומט אַ זין, אַ ציל, אַ באַרעכטיקונג. דאָס איז

דער וועג אַרויס פון די טאָלן - דער סימבאָל פון טויט. דאָס זענען די צוויי פּאָליוסן צווישן וועלכע עס ראַנגלט זיך די נשמה פון לעבן געבליבענעם - פּאַר גאַנצקייט. אָבער ראָכמאַן איז נישט נאָר אַ פילאָזאָף פון אַנטי-לאָגיק, ער איז אויך אַ מענטש פון טאָג-טעגלעכן. דעריבער טוט ער אין אַ געוויסן מאָמענט פון זיין אַריינטראַכטן זיך אַ שטעל אַוועק אַ מין פּשוטע פראַגע:

״צו וואָס טויג זי, די פּרויען זייער שיינקייט, ווען אויך דאָס לאָזט זיי טרויעריק?״

אין לעיזען געפינט שין אַ זין און אַ שליחות אין לעבן. ער וועט פאַרשרייבן. ער קאָן נישט ראַטעווען די מענטשן, אָבער זייער לשון קאָן ער ראַטעווען דורך פאַרשרייבן אים. שרייבן זאָגט שין, הייסט פאַרשטיין. און פאַרשטיין - הייסט מוחל זיין. אָבער דאָס איז שוין אַ צו פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע און דעריבער ווערט זי טאַקע ערגעץ ווו פאַרלוירן. וואָרום שין טוט דאָך בלויז איינס - ער שילדערט. עראָטיק איז ביי ראָכמאַנען דער עלעקסיר וואָס העלפט די קראַנקע באַזיגן, געזונט מאַכן די נשמה. ווייל די נשמה איז נאָך אַלץ אָנגעפילט מיט די רויכן, אָבער דער גוף - דורך רואיקייט, גוטע שפייז און היילנדיקער זון - צעבליט זיך. די פּאַרטיזאַנקע דאַניע, ווי דאָס מיידל פון די קאַרפּאַטן, ווי דער געליימטער צווילינג, אַלץ צעשפּראָצט זיך מיט אַ מאָל; אַלץ רייסט זיך צו פאָרונג, טראָץ דער וואָרענונג פון ד״ר זשאַק, אַז פון אָט דער פרילינגדיקער פּאָרעניש וועלן געבוירן ווערן נאַכט-וואַנדלער.

די גרענעץ צווישן קונסט און שונד, אין דעם פאַל פּאָרנאָגראַפיע (וואָרום ליטעראַרישע שונד אין אויך מעגלעך אָן עראָטיק) איז זייער אַ דינע און טייל מאָל אַ קוים באַמערקבאַרע. אפילו אַ געניטער קינסטלער קען זיך אַ מאָל אויסגליטשן ווען ער שרייבט מיט דער כוונה אָנצוגרייפן די עראָטישע סטימולירנדיקע נערוון, אָנשטאָט צו שילדערן עראָטיק ווי אַ רינג אין דער קייט פון מענטשלעכע טואונגען, וואָס גיט אונדז די מעגלעכקייט אַריינצודרינגען אין זיין כאַראַקטער.

פון פוילן קומט ראָכמאַן אָן אין דער שווייץ זיך היילן. מען לייגט אים אַריין אין שפּיטאָל, און אַ קראַנקן-שוועסטער וואַשט דעם אומבאַוועגלעכן קראַנקן, זי זייפט אים איין. ״ער האָט דערשפּירט עפּעס נעמט זיך וועקן אונטער איר האַנט. פילט זיך אָן מיט וואַרעמקייט. ער האָט דערשפּירט זיין אייגענעם אָטעם. ער איז געווען אָנמעכטיק. עס האָט ציטערנדיק זיך געהויבן אונטער אירע פינגער. זי האָט געריבן אין דער אָנגעדראָלנקייט. אַ רגע האָט ער געוואָלט אַ געשריי טאָן, אָפּהאַקן זיך דעם אָטעם. אים איינציען. ס׳איז שוין אָבער געווען צו שפּעט״.

און ווייטער: ״שן האָט געוווּסט. עס איז געשען מיט אים. ס׳איז פון אים אַרוים מיט זיסן ווייטיק דער עיקר, ווי אַ קערן. עס איז ערגעץ נישט אָנגענומען געוואָרן. ער איז געבליבן מיט דער אויסגעליידיקטקייט פון זיין גוף. אַ בלאַסער, פאַרשעמט האָט ער פלוצלונג זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז אייגנטלעך דאָס איינציקע וואָס ער האָט אַרויסגעראַטעוועט. מיטגענומען מיט זיך.

״באַלד האָט ער אויפגעשוידערט. איז ער אַ רוצח? דעם גרויסן מאָרד, האָט ער, דער קרבן, פאַרענדיקט מיט אַ קליין רציחהלע״.

ליפּעס געדאַנק האָט זיך ווי אַ שטורעם געטראָגן איבער די זייטלעך מיט אותיות וועלכע האָבן זיך געיאָגט און איבערגעיאָגט, אַריינגעגלידערט מיט איינאַנדער, און

ער האָט די האַנט געמוזט אויפהאַלטן, כדי די ווערטער געבן כאָטש אַן אָנבליק פון אַ פאָרם מען זאָל זיי קאָנען איבערלייענען. אין אַ געווויסן מאָמענט פון שרייבן האָט ער געהאַט דאָס געפיל פון דעם אַלטן גריך אַרכימעדעס פון סיראַקאָס, וועלכער האָט באַדנדיק זיך אין דער וואַנע אַנטדעקט, אַז יעדער קערפּער האָט אַ שווערגעוויכט. פון גרויס התפעלות איז ער אַ נאַקעטער אַרויסגעלאָפן אין דרויסן און געשריען צו די מענטשן: עורעקא! איך האָב געפונען!

אין ליפען האָט דאָס בוך אָנגעצונדן אַ פלאַם וואָס האָט גענומען לייכטן, לייכטן וואָס אַ מאָל העלער און עס האָט זיך געדוכט, אַז אָט וועט ער דערזען פאַר זיך אַ וועג, אַ וועג אין דעם לאַבירינט פון די געדאַנקען וועלכע האָבן געדאַרפט אָנצייכענען זיין וועג אין לעבן. דער פאַרדאַכט האָט זיך אין אים נאָך מער פאַרשטאַרקט, ווען ער האָט גענומען שרייבן וועגן בוך. ער האָט געמיינט, ער וועט אויסשרייבן פון זיך די איבערלאָדונג און דאָס פאַרבליבענע וועט ווייטער קאָנען פליסן ווי אַ רואיקער טייך. ער איז שוין געווען גאָר נאָענט צו דעם אַרכימעדישן געפיל פון אַרויסלויפן אין דרויסן און אויסשרייען:

- איך האָב געפונען!

מיט אַ מאָל איז די פעדער געבליבן ליגן אויפן טיש. דער שטורעם האָט פון זיך אַליין זיך אויסגעבלאָזן. דער פלאַם האָט זיך אויסגעלאָשן. די אותיות וואָס האָבן זיך מיט אַ רגע פריער צאַפלדיק געוואָרפן ווי לעבעדיקע, זענען געבליבן ליגן פאַרגליווערט אויפן פאַפיר. פון געדאַנק האָבן זיך אויסגעשיילט עטלעכע בוכשטאַבן און פאַר זיינע אויגן זענען זיי געבליבן הענגען צונויפגעהאָפטן מיט אַ דינעם שפינוועבס פון האָפענונג. ער האָט געוווסט זייער באַדייט:

- פנינה...

ווען אַ מענטש קאָן פאַרגעסן, אויסמעקן פון זיין זכרון די פאַרגאַנגענהייט; זיך דערפילן ווי נעכטן געבוירן - האָט ער אַ טראַכט געטאָן - און אפשר וואָלט איך עס גאָר נישט געוואָלט? טיף אין אים האָט אַ געפיל גענורטעוועט ווי אַ וואָרצל וואָס לאָזט זיך אַריין אין באָדן זוכן וואַסער פאַר זיין עקזיסטענץ. וואָס פאַר אַ זין האָט דער מאָרגן אָן דעם נעכטן? בלויז צוליבן נעכטן מוז ער גיין צום מאָרגן און אים מיטטראָגן מיט זיך. דער נעכטן איז דער נר-תמיד וואָס באַלייכט דעם וועג צום מאָרגן און גיט, אָט דעם וועג אַ זין. זיין האָפענונג פאַרן מאָרגן איז געבליבן פאַרהעקלט אין די פאָר בוכשטאַבן:

- פנינה!

זי איז דאָרטן נישט געווען. דורך איר קאָן ער זיך דורכפילטרירן פאַרן מאָרגן מיט זכרונות, אָבער רואיקע, אָן פייניקונגען און אָן קאָשמאַרן. - וועט זי עס פאַרשטיין? וועט זי אים פאַרשטיין? און ליפע האָט זייער געוואָלט זי זאָל אים פאַרשטיין, זיך דערנעטערן צו אים. פון דעם באַגריף וועלכן ער האָט איינגעפרעסט אין אויסדרוק "עסקייפּיזם אין עראָטיק" האָט ער די עראָטיק דערזען אין אַן אַנדער דימענסיע, אַ דימענסיע פאַר וועלכער ער האָט נאָך דערוויל נישט געהאַט קיין נאָמען. אָבער שרייבן ווייטער וועגן דעם בוך האָט ער נישט געקאָנט. עס האָט אים פאַרפעלט אימפעט. דער שטורעם האָט זיך אויסגעבלאָזן פון זיך אַליין.

# דאָס העזעלע אויפֿן וואַנט

פֿון מרכז האָט פנינה געבראַכט פּאַר ליפֿען אַ קאָנווערט געדיכט אויסגעקלעבט מיט בריוו-מאַרקעס פֿון אויסטראַליע. מיט קינדערשער פֿרייד האָט זי געצאַפּלט פֿון דעם געדאַנק, אַז די אַלע בריוו-מאַרקעס וועלן באַלד געהערן צו איר. זי וועט זיי אָפּקלעבן פֿון קאָנווערט, אויסגלייכן און פֿאַראייניקן מיט איר בריוו-מאַרקעס קאָלעקציע.

פנינה, דאָס קיבוץ-קינד וועמען עס איז פֿרעמד געווען דאָס געפֿיל: מײַנס, איז געווען פֿאַרקאָכט אין פֿילאַטעליסטיק. די בריוו-מאַרקעס האָבן געלאָקט מיט ווײַטע, עקזאָטישע לענדער. דער קיבוץ איז נישט געווען רײַך אין בריוו-דערהאַלטער, איבערהויפּט פֿון אויסלאַנד. איז איר קאָלעקציע נישט געווען קיין גאָר פֿאַרשידנאַרטיקע. אין ליפֿען האָט זי אַנטדעקט ממש אַ קוואַל.

סאַשע קאַפּלאַן - ליפֿעס שול-חבר און גוטער ברודער האָט זיך אָפּגעזוכט אַזש אין אויסטראַליע, וווּהין ער האָט אָנגעשפּאַרט פֿון די פּליטים-לאַגערן אין דײַטשלאַנד. וואָס האָט סאַשע געוווּסט וועגן אויסטראַליע? - אַזוי, פֿיל ווי גאָרנישט. נאָר שיפֿן זענען געגאַנגען איז מען געפֿאָרן.

טאַקע פֿון סאַשען איז ליפֿע דערגאַנגען, אַז שעווע - דאָס מיידל מיט וועלכער ער האָט ייִנגלווײַז "געשפּילט אַ ראָמאַן" (אַזוי האָט מען אין שטעטל בפֿירוש געזאָגט) האָט איבערגעלעבט די מלחמה; און זי געפֿינט זיך ערגעץ טיף אין רוסלאַנד; און זי האָט אַ מאַן. דאַכט זיך קינדער אויך. כאָטש סאַשע האָט געשריבן, אַז: "שעווע לעבט ערגעץ אין רוסלאַנד", האָט ליפֿע פֿאַרשטאַנען - אַז ער ווייסט ווו דער ערגעץ איז. (פֿאַרלאָז זיך אויף סאַשע ממזר...) נאָר אים, ליפֿען וויל ער דעם אַדרעס נישט שיקן. איז אפֿשר טאַקע גוט אַזוי. ליפֿע אַליין זעט אין דעם נישט קיין זין. כאָטש אינעווייניק פֿילט ער: וואָלט געווען אַן אַדרעס, וואָלט ער אָנגעשריבן. צופֿרידן איז ער אָבער פֿון פֿאַקט גופֿא; זי לעבט... עמעצער וואָס קאָן אים נאָענט... עמיצער וואָס האָט אין אים אויפֿגעוועקט דעם ערשטן צאַפּל פֿאַר אַ פֿרוי.

אוודאי, סאַשקע האָט אין יענע יאָרן אויך געהאַט אַן אויג אויף שעווען. אָבער ס'איז ווײַזט אויס נישט געווען זײַן שולד: שעווע האָט געהאַט עפּעס איז זיך אַ כּוח אויפֿצורודערן אַ בחור, עס זאָל אים אַ צענעם טאָן נישט אויף קאַטאָוועס. נו - און דו אַליין - האָט ליפֿע געפֿרעגט זיך אַליין, טאַקע ווי אַן אײגענעם וואָס ווייסט: דו אַליין ביזט דאָך אַרײַן צווישן איר און זײַטשיקן...

אויף אַזעלכע קלייניקייטן קוקט מען זיך היינט נישט אַרום און אויב סאַשען דאַכט זיך, אַז אַצינד איז ער כאָטש נענטער מיט שעוען ווי ער - ווייל זיי שרייבן זיך איבער - נו, מילא... סאַשע איז סיי ווי געבליבן דער גוטער ברודער.

אין איינעם פון זיינע בריוו האָט סאַשע אפילו אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט, אַז שעווע זוכט אַ וועג אַרויסצופאָרן פון רוסלאַנד. אפשר וועט זיך נאָך עפענען אַ טיר פאַר פוילישע בירגער, וואָס האָבן פאַרשפּעטיקט.

- עה, זי קאָן נאָך אַמאָל אַראָפּקומען קיין ישראל - האָט ליפע נישט ווילנדיק אַ טראַכט געטאָן - קומען דאָך יידן פון דער גאַנצער וועלט. יעדן טאָג געשעען דאָ ניסים - עס זוכן זיך אָפּ מענטשן, וועלכע מען האָט שוין לאַנג אויפגעגעבן.

פנינה האָט וועגן דעם אַלעם געהאַט אַ זייער ווייטן און זייער פאַרנעפּלטן באַגריף זי האָט אָבער געוווּסט, אַז ליפעס חבר סאַשע קאַפּלאַן לעבט אין אויסטראַליע, איז אַ קליינבירגער מיט אַן אייגענעם אויטאָ; אַן אייגן הויז; אַ פרוי און קינדער. ער - ווי ליפע, שרייבט אָפּט אין זשורנאַלן: אַ ליד, אַ מעשה. דאָס זעט איר אויס ווי אַ קינדער-קראַנקהייט, פון וועלכער די צוויי חברה-לייט האָבן זיך נאָך נישט אויסגעהיילט. זינט ליפע האָט אים אָבער געשריבן וועגן פנינהס שוואַכקייט פאַר בריוו-מאַרקעס, שיקט ער בריוו מיט פאַרשידנאַרטיקע מאַרקעס, וועלכע ער קלעבט אויס ווי אַ מאָזאַיק. זי האָט זיך אפילו געכאַפּט, אַז זי האָט סימפּאַטיעס פאַר אָט דעם ווייטן מענטש, וואָס איז מיט ליפען אויפגעהאָדעוועט געוואָרן כמעט אונטער איין דאַך. ווייל אָט: אַ פרעמדער מענטש, און האָט תמיד איר אין זינען ווי נאָר ער נעמט זיך שרייבן אַ בריוו צו זיין פריינד. דער איצטיקער קאָנווערט זאָגט עדות דערויף.

פנינה האָט געקוקט ליפען אויף די הענט. געצייטערט ער זאָל ביים אויפמאַכן דעם בריוו נישט באַשעדיקן די מאַרקעס.

- רגע - ברען נישט. - האָט ער אַ זאָג געטאָן צו איר - לאָז מיך כאָטש אַרויסנעמען דעם בריוו - האָט ער זיך געבעטן.

אַזוי האָבן זיי זיך איינגעטיילט: איר - די בריוו-מאַרקעס; אים - די בייגעלעך פּאַפּיר פאַרשריבן מיט מאַשין-שריפט. געוויס. אויך די שרייב-מאַשין האָט פנינה נישט געוואָלט אָנערקענען ווי אַ צייכן פון שכלדיקער דערגרייכונג. אין אירע אויגן איז עס געווען נאָך איין באַווייז פון סאַשעס קליינבירגערלעכקייט... - מיט אַ שרייב-מאַשין - האָט זי געגעבן ליפען צו פאַרשטיין - דאַרפן זיך באַנוצן אָפּיציעלע אַמטן. אַ דאָקומענט דאַרף מען שרייבן ווי געהעריק, דער מזכירות פון קיבוץ פאַרמאָגט אַ שרייב-מאַשין. אַ גאַנצער קיבץ - אָבער נישט איין מענטש. אַ חוץ אַלעמען: אַ בריוו געשריבן מיט אַ מאַשין לאָזט קאַלט. דו קאָנסט נישט דערקענען דעם מענטשנס כאַראַקטער... נישט די שטימונגען ביים שרייבן... פילסט נישט ווען דאָס האַרץ ציטערט אים, ווען דאָס וואָרט רייסט זיך אַרויס פון אונטער דער פעדער קעגן זיין ווילן...

- איז עס פּסיכאָלאָגיע אָדער פּאָעזיע? - האָט ליפע סתם אַזוי אַ פרעג געטאָן.

- קליינבירגערלעכע קונצן - איז שוין פנינה געוואָרן צוריק זי - זיך באַווייזן מיט אַן אייגענער שרייב-מאַשין...

אַצינד שרייבט שוין סאַשע קאַפּלאַן וועגן זיין לעבן אין אויסטראַליע. פאַרטיפט אין לייענען האָט ער נישט באַמערקט, אַז פנינה האָט זיך שוין אָנגעפּרייט מיט די

בריוו-מאַרקעס און קוקט אויף אים מיט פרעגעדיקע אויגן. זי האָט פון דעסטוועגן זיך אָנגענומען מיט געדולד, ביז ער וועט דערלייענען דעם בריוו ביז צום סוף. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. - איז וואָזשע שרייבט דאָרט דיין חבר? - האָט זי אים אַ פרעג געטאָן. - נאַ לייען - האָט ליפע געוואָלט אַ זאָג טאָן, נאָר זיך געכאַפּט: פנינה וועט זיך פילן געטראָפן - מחמת ער ווייסט דאָך, אַז זי קאָן נישט לייענען קיין יידיש...

עס האָט גענומען ווערן פאַרנאַכטלעך. דער אַרבעטס-טאָג איז שוין געווען כמעט אָפּגעטאָן, כאָטש דאָ און דאָרט האָט מען נאָך געדאַרפט אַריינקוקן, כדי צו זיין אינגאַנצן רואיק, און דערפאַר האָבן זיי זיך נישט געאיילט.

ליפע האָט אָפּט פאַרשוויגן סאַשעס זייטיקע באַמערקונגען, וואָס האָבן אויף זיך געטראָגן שפורן פון גוטמוטיקן סאַרקאַזם. ער האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי פנינה קאָן עס אויפנעמען. נאָך אַלעמען - זי קאָן דאָך נישט סאַשען וואָס האָט אַמאָל אויף ס׳כוח זיך געשניטן אויף אַ משה נאַדיר...

היינט האָט די צונג אים אַ צופּ געטאָן עפּעס צו זאָגן. זי איז אַרויס פון זיין רשות, ווי אַ געהאָרכזאַם פערד גייט מיט אַ מאָל אַרויס פון די האָלאָבלעס. - קענסט דאָך שוין דעם קליינבירגער - האָט ער זיך באַמיט אָנצושלאָגן פנינהס טאָן.

- קודם הייסט ער גריסן דאָס מיידעלע פון קיבוץ... דיך הייסט עס. דאַן וויל ער וויסן צוויי זאַכן: וואָס פאַר אַ תכלית איז עס פאַר אַ בחור ווי איך, צו פאַרקלייבן זיך אין אַ קאָלכאָז!

פנינה האָט שוין געהערט פון די קאָלעקטיוועווירטשאַפטן אין רוסלאַנד - וועלכע מען רופט קאָלכאָזן - און זייער ווירטשאַפט...

- וואָס פאַר אַ פאַרגלייך - האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט פאַרדרוס - מיר זענען דאָך דאָ פרייוויליק!

ער וויל אויך וויסן - ווי לאַנג איך קלייב זיך נאָך צו בלייבן אַ בחור? דאָס בעסטע, מיינט ער, וועט זיין פאַר מיר, איך זאָל אַריבערקומען קיין אויסטראַליע - אַ מדינה ווי אַ מאַלינע...

פנינה איז טרויעריק געוואָרן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ליפע האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט נישט גענוצט דעם קלוגסטן אויסדרוק פאַר דעם געדאַנק, נאָר עס איז שוין געווען צו שפּעט. אים האָט עס גענומען אַרן, וואָס ער האָט אָנגערירט אַ ווייטאָגלעך אָרט. ער האָט געפילט: עס איז דאָ אַ נאָענטקייט צווישן זיי, כאָטש גערעדט דערפון האָט מען נישט. זיי האָבן געשוויגן.

ליפען האָט זיך געגלוסט עפּעס צו זאָגן, עפּעס אַ באַנאַלקייט וואָס זאָל צעיאָגן דעם אומעט וואָס איז ווי אַ שווערער וואָלקן געהאָנגען צווישן זיי.

ער האָט זיך דערפילט אין קלעם און נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט זיך. ער האָט נאָך אַלץ געזוכט דאָס וואָרט, וואָס האָט דווקא זיך נישט געלאָזן כאַפּן פון אים.

- נו - האָט פנינה נישט אויסגעהאַלטן די שפּאַנונג פון דער שטילקייט - וואָס וועסטו ענטפערן אויף זיין אָנבאָט?

ליפען איז לייכטער געוואָרן אויפן געמיט. ער האָט דערשפּירט: פנינה האָט אויפגעמאַכט אַ טירל; זי האָט לויז געמאַכט די ספּרוזשינע פון דער פּאַסטקע, אין וועלכער ער האָט זיך אַליין געפאַנגען און נישט געקאָנט אַרויס. זי האָט געקוקט

אויף אים מיט וואַרעמע, פייכטע אויגן. איר גאַנץ וועזן איז געווען אָנגעשפּאַנט ווי אַ בויגן. זי האָט דערוואַרט זיין ענטפער.

איך? - האָט ליפע געגומען זוכן דאָס וואָרט וואָס זאָל כאָטש איצט, דאָס מאָל אַרויס אויף גאָטס וועלט מיט ישוב הדעת און ער זאָל נאָך דעם נישט האָבן קיין צרות. - איך וועל בלייבן דאָ, אויב דער קיבוץ וועט מיך וועלן אָננעמען ווי אַ חבר.

פנינה האָט פאַרגעסן די אַלע אָנזאָגן, וואָס זי האָט זיך אַליין פאַרזאָגט: נישט אַרויסווייזן אירע געפילן; די פאַרבאָרגענע ווייבלעכקייט וואָס האָט אין איר געגורטעוועט און געזוכט אַן אויסדרוק, האָט זי הערמעטיש צוגעשרויפט, כאָטש געשפּירט האָט זי - דעם אינערלעכן דרוק וועט זי סוף כל סוף נישט אויסהאַלטן. צווישן די אָפּגערעדטע געזעצן וועלכע זי האָט מיט זיך אויסגענומען, איז אויך געווען: צוימען זיך. נישט דעמאָנסטרירן אירע געפילן, ביז ליפע אַליין וועט אויסשטיין דעם איבערגאַנגס-פּעריאָד און וועט אויסקלייבן זיין דרך אין לאַנד: נאָך יאָרן זיין אָפּגעזונדערט אין וואַלד, וועט אים לאָקן די שטאָט מיט איר צאַפּלדיק לעבן; דער ווירוואַר; די נעאָן-ליכט; אָנשטאָט צווישן ביימער, זיין צווישן מענטשן. אָדער: נאָך יאָרן זיין פאַרפאָלגט אין וואַלד, וועט ער אפשר זוכן רו אין שטילן דאָרף - כאָטש אויך דאָ וועט ער מוזן דורכברעכן געוווינהייטן, זיך אָנטרעפן אויף פּראָבלעמען. זי האָט אויסגעמיטן איר דירעקטן אַריינמיש אין זיין איבערפּלאַצונג. אפשר האָט ער נאָך ערגעץ אַ פאַרבינדונג פון וועלכער ער מיידט אויס צו רעדן, און דאָס קאָן זיין אַ סיבה ער זאָל זיך מיט אַ מאָל אַ ריס טאָן און אַוועקגיין, מיינענדיק: אויף אָט דער באַגעגעניש האָט ער געוואַרט אַלע יאָרן; אַז דאָס איז אייגנטלעך געווען דער כוח, וואָס האָט אים געהאָלפן דורכלעבן די שווערע וואַלד-יאָרן ווי אַ פאַרטיזאַן. דאַרף זי ווערן די אייזערנע קויל צוגעשמידט צו זיינע פיס, וואָס וועט אים שטערן אין פלי?

יאָ פנינה האָט פאַרגעסן די אַלע אָנזאָגן - וואָס זי האָט זיך אַליין פאַרזאָגט. זי האָט פשוט פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט, גייענדיק אויפן שמאָלן בריקל פון לאָגיק און איז אין איר גאַנצער גרויס אַריינגעפאַלן אין ראַשיקן שטראָם פון געפילן. זי האָט פאַרוואָרפן ביידע הענט אַרום ליפעס האַלדז און אים געגומען קושן מיט גליענדיקע ליפּן, איבערן גאַנצן פּנים. ליפען האָט זיך אַזש דער קאָפּ פאַרדרייט פון אָט דעם אויסברוך, פון דער צעבושעוועטער כוואַליע וואָס האָט אים פלוצלינג אָפּגעגאָסן און ס'האָט אים פאַרפּעלט אָטעם.

ווי אַ שווימער, וואָס ווערט מיט אַ מאָל אַריינגעצויגן אין וואַסער-געווירבל - האָט ער אויף אַ רגע פאַרלוירן די אָריענטאַציע פון דער ריכטונג. אַ רגע שפּעטער אָבער, האָט ער שוין אויף קלאָר געוווּסט, אַז די צעבושעוועטע כוואַליע פון פנינהס געפילן וואָס האָט אים נאָר וואָס אָפּגעגאָסן מיט וואַרעמער פרייד - איז דער אויסדרוק פון ליבע, וואָס האָט געוואַרט אויפן פּאַסיקן מאָמענט אַרויסצוקומען אויף דער אויבערפלאַך. ער האָט זי אַרומגענומען און צוגעדריקט צו זיך. זי האָט איינגענורעט איר קאָפּ אין זיין אָפּענער, האָריקער ברוסט און טרערן פון פרייד האָבן געפינקלט אין אירע אויגן.

- דער קיבוץ וועט זיין אונדזער היים - האָט ער איר איינגערוימט אין אויער - די היים פון נייעם מענטש, וואָס איז די רגע געבוירן געוואָרן...

* * *

די נאַכט האָט ליפע שאַפּיראָ נישט געקאָנט שלאָפן. עס איז געשען דאָס - נאָך וועלכן ער האָט געבענקט אין משך פון וואָכן; שוין באַלד חדשים, זינט ער איז אין אולפּן. זינט ער האָט מיט ייִגלערישער נייגעריקייט נאָכגעפאָלגט אירע באַוועגונגען; איר בליק - וואָס איז געווען ווי די זון וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אויפן וואַנט. און ווו נאָר ער איז געפאַלן, האָט אַ ליכטיקער פלעק אַ צאַפּל געטאָן. ווי אַ קינד, וואָס יאָגט זיך נאָך נאָכן העזעלע אויף דער וואַנט, האָט ער זיך געיאָגט נאָכן זוניקן צאַפּל פון איר בליק און געפּרוווט זיך וואַרעמען אין אים. וואָלט ער געזען ווי אַ קינד יאָגט זיך נאָכן זוניקן העזעלע אויף דער וואַנט, וואָלט ער נאַטירלעך מיט דער קלוגשאַפט פון אַן עלטערן געשמייכלט. אַן אָפּטישע אילוזיע.

נאָר אָט: דאָס קינד האָט טאַקע געכאַפּט דאָס העזעלע אויפן וואַנט...

צו דעם איז ער לחלוטין נישט געווען צוגעגרייט. עס האָבן אים גענומען מאַטערן ספיקות: וועט דער קיבוץ אים אָנעמען? וואָלט ער געקומען מיט אידייאישע מאָטיוון - נו אַזאַ זאַך לאָזט זיך דערקלערן, איבערצייגן. צי וועלן זיי אָבער וועלן אַריין אין תוך פון דעם ענין, אַז דאָס קינד האָט געכאַפּט דאָס העזעלע אויפן וואַנט? דאָס איז אפשר אַן ענין פאַר פּאָעטן, אָבער אויסגעפּראַצעווועטע קיבוצניקעס וועלן אוודאי קוקן אויף אים מיט אַ גראַד פון חוזק... און ער אַליין: וואָלט ער אויף דעם אַנדערש געקוקט, ווען נישט אינעווייניק וואָלט עס נישט געגליט ווי הייסע קוילן... און אויב זיי וועלן נישט זיין קעגן - צי וועט ערגעץ נישט טליען אַ שטילער פּאַרדרוס, וואָס פנינה איז אַוועק מיט אַ "פרעמדן", אַ דרויסנדיקן און נישט מיט קיין סאַברע? און אירע עלטערן: ווי וועלן פנינהס עלטערן קוקן אויף דעם ענין? ער איז דאָך אַ סך עלטער פון איר?

קלערנדיק אַזוי, האָט ער זיך דערטראַכט, אַז אַלע זיינע יאָען און ניינען שטאַמען פון דער אַלטער וועלט, פון וועלכער מען האָט אים בגוואַלד אָפּגעריסן און וועלכע איז שוין אָבער מער נישטאָ, און ווי תמיד, ווען ער האָט נישט געקאָנט צוזאַמענעמען די געדאַנקען, ווי מען נעמט צוזאַמען ריטלעך אין אַ בעזעם - איין גאַנצקייט - האָט ער זיך פאַרלאָזט אויפן אַלטן זאָג:

- דער פרימאָרגן איז קליגער ווי דער אָוונט...

* * *

צומאָרגנס איז שוין ליפע נישט געווען מער זיכער - אַז דער פרימאָרגן איז טאַקע קליגער פון דעם אָוונט.

פון מזכירות האָט מען אים איבערגעגעבן אַ בריוו, וואָס איז פאַר אים נאָר וואָס אָנגעקומען. ליפע האָט אַ ציטער געטאָן, ווען ער האָט באַמערקט די סאָוויעטישע בריוו-מאַרקע. אינסטינקטיוו האָט ער זיך אַרומגעקוקט:

- גוט, וואָס פנינה איז נישטאָ דערביי...

דער בריוו איז געווען פון שעווען...

# באַגעגעניש...

ליפע שאַפּיראָ האָט גענומען אַריינוואַקסן אין דער נייער סביבה ווי אַ געוויקס וואָס מ'האָט איבערגעפלאַנצט פון אַן אַנדער ערד; אַן אַנדער קלימאַט, די שפּראַך פון אולפן איז אים געווען פרעמד. די מענטשן אַרום, הגם אויסערלעך האָט זיך נישט באַמערקט קיין אונטערשיד: זיי האָבן געקוקט מיט די זעלבע אויגן - אָבער געזען האָבן זיי גאָר אַנדערש ווי ליפע. ווי אַ געוויקס, וואָס פאַרלירט געוויסע אייגנשאַפטן ביים איבערפלאַנצן און באַקומט נייע - האָט אויך ליפע גענומען זיך פּאַמעלעך אַדאָפּטירן צום נייעם קלימאַט; צו דער העברעאישער שפּראַך; צו דער סביבה.

אַוודאי האָט דער אַרום געשאַפן די נייטיקע אַטמאָספער, און פנינה איז געוואָרן דער שטעקן צו וועלכן מען בינדט צו אַ פלאַנץ, כדי דער ווינט זאָל עס נישט באַשעדיקן. נאָר פנינה איז געווען פאַר ליפען מער ווי דער אָנשפּאַר פון זיכערקייט - עס איז געוואָרן דער גייסטיקער אָנשפּאַר אויפן וועג צו זיין ווידערגעבורט.

נאָך די ערשטע פּאָר מאָנאַטן ווען די גרופּע מיט וועלכער ליפע שאַפּיראָ איז אָנגעקומען אין קיבוץ האָט פאַרלאָזן דעם אולפן, איז ער פאַרבליבן. ווי ווייניק פנינה האָט אים פאַרשטאַנען, האָט זי דאָך באַנומען זיין אַנדערשקייט; זיין שפּירבאַרקייט; זיין נייטיקייט אין אַ לעבן אָן אויפטרייסלונגען. ער איז אַריין אין וואַלד אַ יונגער בחור און אַרויס פון אים - אַ פאַרהאַרטעוועטער מאַן מיט דער נשמה פון אַ יונגן מענטש, וועלכער האָט קיין יוגנט נישט געהאַט.

פאַרגעסנדיק דעם אונטערשיד אין עלטער - האָט ער אין פנינהן געזען דעם אָנהייב פון פאָדעם, וואָס האָט זיך דאַן - צוליבן געטאָ און פּאַרטיזאַנקע - איבערגעריסן.

פון צייט צו צייט פלעגן קומען בריוו פון חברים. אַ זשורנאַל ווו ער האָט געשיקט עפּעס אָפּצודרוקן. אין די בריוו האָט יעדער געהאַלטן פאַר זיין חוב צו לאָזן אים וויסן וועגן שעוועץ. איינער האָט געשריבן, אַז ער האָט זי געטראָפן אין רוסלאַנד - 'מיטשורינסק' אָדער 'טאַמבאָוו' - דאָס געדענקט ער נישט. נאָר - וואָס ער ווייסט אויף זיכער איז, אַז זי וווינט מיט אַ באַוווּסטן אַרטיסט. פון אַ פריינד, וואָס האָט זיך שוין באַוויזן צו דערקלייבן קיין פּוילן איז געקומען דער גרוס, אַז ער האָט געזען שעוועץ אין פּוילן, איר מאַן איז אַ וואַרשעווער און זיי מאַכן דאָרטן גוטע געשעפטן, און וועלן וואַרשיינלעך בלייבן. יעדער האָט, הייסט עס געהאַלטן פאַר נייטיק אונטערצולייגן אַ שפּענדל, דער אַלטער פלאַם זאָל נישט אונטערגיין....

ליפע שאַפּיראָן האָבן די אַלע גרוסן געלאָזן גלייכגילטיק. עס האָט זיך אים נאָר

געוווּנדערט וואָס די פריינד זיינע האָבן גאָרנישט פאַרגעסן און גלייבן אַז דורך די גרוסן טוען זיי ליפען אַ ביז גאָר וויכטיקע טובה פון די אַלע יאָרן, וואָס ער איז נאָענט געווען מיט שעווען, האָט ער אין איר כאַראַקטער באַמערקט שטריכן, לויט וועלכע ער האָט געקאָנט אָנצייכענען - ווי די טרעפערין פּרובירט לויט די האַנט-פלאַך ליניעס פאָרויסזאָגן די צוקונפט, אַז שעווע וועט אויפן לעבנס-לייטער, זיך אַרויפדראַפּען גאָר הויך...

שוין בשעת דעם סאָוויעטישן רעזשים, וואָס האָט געדויערט גאָר קורץ, האָט ער געזען ווי זיינע פאָרויסזאָגונגען נעמען אָן בלוט און פלייש, און ווער ווייסט? ווען עס ברעכט נישט אויס די מלחמה וואָלט שעווע חתונה געהאַט מיט אַ וויכטיקן מענטש פון דער סאָוויעטישער הערארכיע. דאַן איז ער פון דעם - וואָס אַן אמת - נישט געווען באַגייסטערט. אַצינד אָבער - האָט עס אים מער נישט געאַרט. אַצינד איז זי געווען פאַר אים נישט מער ווי נאָך איין בלאַט אין בוך פון זיין לעבן, און כאָטש דאָס בוך האָט נאָך געהאַלטן ביים סאַמע אָנהייב, איז עס אָבער געדיכט פאַרשריבן מיט איבערלעבונגען פון זיין גרעניגל צווישן צוויי פּאָליוסן - לעבן און טויט.

* * *

געוויינלעך האָט ער דאָס ברענגען די בריוו איבערגעלאָזט פאַר פנינהן. זי פלעגט סיי ווי יעדן טאָג זיין אין מזכרות, און חוץ דעם - זייער באַגעגענען זיך האָט געהאַט אַלע סימנים פון צופעליקייט. ער האָט נאָך אַלץ געוואָלט לאָזן אָפן דאָס טירל פון פרייהייט דעריבער האָט ער זיך באַמיט נישט צו פאַרשליסן דעם קרייז אין זיינע פאַרהעלטעגישן מיט פנינהן. פאַר איר איז אגב נישט געבליבן קיין סוד די סיבה פון זיין פאַרהאַלטן זיך אין קיבוץ. אויף אַזוי פיל האָט שוין ליפע באַנומען דאָס לשון...

דאָס מאָל האָט אים עמעץ אַנדערש איבערגעגעבן אַ בריוו, פון וועלכן ער האָט געמאַכט אַ קנאַפּן וועזן. אויפן קאָנווערט איז געווען דער פּאָסט-סטעמפּל פון תל-אביב, און דער קאָנווערט אַליין האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געווען ליידיק. - אוודאי אַן איינלאַדונג פון דער לאַנדסמאַנשאַפט - האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זיך; אַריינגעשטעקט דעם בריוו אין טאַש און איז אַוועק צו דער אַרבעט.

ערשט אין אָוונט אין זיין צימער האָט ער זיך דערמאָנט אין בריוו, ווען ער האָט אים, מיט פאַרשידענע אַנדערע זאַכן, אַרויסגעצויגן פון טאַש און עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש. ווען ער האָט אים אויפגעמאַכט, און דורכגעלאָפן די פאָר שורות, איז ער געווען צופרידן, וואָס פנינה האָט עס אים נישט געבראַכט און ער וועט פאַרשפּאָרן זיך אַרויסדרייען מיט אַן אויפקלערונג.

צו זיין יושרדיק צו פנינה, מוז מען זאָגן, אַז זי האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס צו זיינע בריוו. אָבער ליפע האָט עס געהאַט אויפן געוויסן. נישט דערציילן האָט געמיינט - ער וויל די געהיימענישן אַרום זיין פערזאָן פאַרטיפן, כאָטש באַמיט האָט ער זיך וואָס מער צו אַנטפּלעקן, כדי פנינה זאָל זיך נישט דאַרפן אַנטוישן, אויב עס וועט זיך פאָרט צווישן זיי פאַרקניפּן... דורך דערציילן וועגן זיינע בריוו איז פנינה אַריינגעצויגן געוואָרן אין קרייז פון זיינע אינטערעסן...

דאָס נאָר וואָס געעפנטע בריוול איז געווען קורץ, אָבער געווירקט האָט עס

אויף ליפּען, ווי עמעץ וואָלט זיין נשמה אַריינגעכאַפּט אין אַ פּרעס און נעמט זי צונויפדריקן.

מיין ליבער פריינד ליפּע,

מיט פיר וואָכן צוריק בין איך אָנגעקומען קיין תל-אביב. איך וווין ביי מיין פעטער, וועלכן דו געדענקסט געוויס. עס וווּנדערט מיך, וואָס דו האָסט זיך קיינמאָל נישט נאָכגעפרעגט אויף מיר, ווייל מיטן פעטער זענען מיר די גאַנצע יאָרן אין קאָנטאַקט.

צופעליק האָב איך געטראָפן עמעצן פון די לאַנדסלייט, און ער האָט מיר געגעבן דיין אַדרעס.

איך נעם אָן, אַז דו ווייסט מיין פעטערס אַדרעס. נאָר אויף יעדן פאַל שרייב איך איס אויף: רחוב אשכנזי נר א 17.

שעוועס.

ליפּע האָט געקוקט אויפן שטיקל פּאַפּיר. אָבער וואָס האָט עס אים געקאָנט זאָגן מער - ווי עס האָט שוין געזאָגט?

איז זי געקומען מיט אַ מאַן - טאָ צו וואָס דאַרף זי אים לאָזן וויסן אַז זי איז דאָ? איז זי געקומען אַליין - וואָס דערוואַרט זי פון אים?

די באַדערפעניש פון וועלן זיך דיסטאַנצירן פון שעוועס, כדי צו לאָזן גענוג שטח פאַר אַנדערע געפילן און פאַרלאַנגען, האָט זיך מיטאַמאָל דראַסטיש פאַרקלענערט. דער גורל וויל מיך נישט אַרויסלאָזן פון זיינע הענט - האָט ער טרויעריק אַ זאָג געטאָן. ער איז מיר נאָכגעגאַנגען אַ האַלבע וועלט, און דאָ צוגעשפּאַרט צום וואַנט. האָט ער מיך טאַקע געלאָזט לעבן, כדי זיך מיט מיר צום סאַמע סוף אַ שפּיל טאָן און פאַרביטערן די יאָרן? - דער גורל - ווי דאָס ברויגז. האָבן נישט געהאַט - ווייזט אויס קיין שום פאַרפליכטונג לגבי ליפּען, כדי כאָטש מיט אַ ווונק צו באַשיידן די נאָר וואָס געשאַפענע סיטואַציע.

אין יענעם אָוונט - אַליין מיטן ברויגז - האָט ליפּע, קעגן דער לאָגיק פון לייענען אַ בוך, גענומען מישן צוריק די בלעטער פון בוך פון זיין לעבן.

- שילער זענען זיי געווען אין זעלבן קלאַס - ער און שעוועס. אין דער זעלבער אָפּטיילונג זענען געווען שקצים, וואָס נאָכן פאַרענדיקן די שול זענען זיי גלייך געגאַנגען דינען אין מיליטער. איז וואָס פאַרא באַדייטונג האָט עס געקאָנט האָבן, אַז שעוועס איז אַ צוויי יאָר עלטער פון אים?

אַזוי האָט זיך עס אייגנטלעך אָנגעהויבן. זי האָט אים אַרויסגעהאָלפן מיט מאַכן די שול-אַרבעטן. זי איז געקומען צו זיי אין הויז; זי האָט זיך באַפריינדעט מיט די עלטערן... און ער? ער איז געווען אין דעם עלטער, וואָס די נאַטור האָט גענומען פאַרלאַנגען אַז ער זאָל זען אין דעם מיידל נישט בלויז אַ חברטע, נאָר אַ פרוי.

אין יענע יאָרן, ווען אַ יינגל האָט גענומען אַרויסגיין מיט איין מיידל עפּטער ווי מיט אַנדערע - זענען זיי געוואָרן אַ "פּראָבלעם".

אָט זעט ער: דער לערער ווּרובלעווסקי, אַ פּאָליאַק פון אַ יאָר אַכט און צוואַנציק, אוודאי, קומט יעדן טאָג אין שול אַריין אויף אַ מאָטאָציקל. אין שטעטל איז, דוכט זיך געווען נאָך איינער, וואָס האָט פאַמאָגט אַזאַ כּלי - דאָס איז געווען דער אינסטרוקטאָר פון די פייערלעשער. במילא האָט זיך אַזאַ מאַשין אָנגעזען און

געוועקט נייגעריקייט.

ווער איז עס געווען, וואָס האָט באַמערקט, אַז אין אַזאַ זומערדיקן פאַרנאַכט איז שוועע געפּאָרן מיטן לערער וורובלעווסקי אין דער ריכטונג פון שטאָטישן וואַלד - דאָס קאָן זיך שוין ליפע נישט דערמאָנען. נאָר ווייל שוועע איז געווען זיין "פּראָבלעם" - האָט מען געהאַלטן פאַר נייטיק, אַז ער מוז עס וויסן, כאָטש ער אַליין האָט נישט פאַרשטאַנען דאַן, דעם: צוליב וואָס?

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל - אַזוי נעמט ער אָן - ווען ער האָט גענומען באַמערקן איינע פון שוועס הויפּט-שטריכן: זי וויל מען זאָל איר אָנזען, און אויסטיילן פון צווישן אַנדערע...

ער האָט איר גאָרנישט איבערגעפרעגט דערוועגן. אָ, היינט וואָלט ער שוין געוווּסט וואָס צו פרעגן און אפשר וואָלט ער אויך היינט געשוויגן, וויסנדיק פאָרויס, אַז קיין שום ענטפער וועט אים נישט באַפרידיקן...

שוועע ביי אירע אַכצן יאָר איז געווען אַ מיידל, ביי וועלכע אַלע אברים האָבן געשריען מיט מאָנונג... דער לערער וורובלעווסקי האָט אַרויסגעפּילט, אַז שוועע וועט נישט האָבן קעגן דעם, ווען ער וועט איר פאָרלייגן זיך דורכפאָרן מיט זיין מאָטאָציקל אין וואַלד אַריין...

נאָך דעם זענען געקומען די סאָוויעטן. ער איז געווען אַ זון פון אַ קליינבירגער, אָן האָפענונג צו דערגרייכן עפּעס אַ מדרגה, אַחוץ די מדרגה פון אַ געוויינלעכן פאַבריקס אַרבעטער.

אָ - אין דעם ים איז שוין שוועע אַרומגעשווומען מיט דער פלינקייט און כיטרעקייט פון אַ לייטישן העכט, און די רוסן זענען נישט געווען צופיל איבערקלייבעריש....

דאָס אַלץ האָט ער געוואָלט פאַרגעסן; ווען די געדאַנקען האָבן זיך נישט געלאָזט אַרויסשטופן פון זכרון, האָט ער אין די פאַסירונגען געפּרוווט זוכן אומשולדיקע צופעליקייטן ווי אַ פאַרענטפערונג פאַר זיך אַליין. אָט די אַלע פאַסירונגען האָבן אַצינד מיט אַ מוראדיקער קראַפט, מיט אַ בליצנדיקע העלקייט פון טויזנטער רעפלעקטאָרן באַלויכטן יעדן ווינקל פון זיין זכרון. ער האָט געזען שוועען - ווי נאָך קיינמאָל נישט זינט איר לעצטן אָוונט צוזאַמען, וואָס האָט באַדייט דער ענטגילטיקער ריס...

אָבער פאָרט; זי איז געשטאַנען פאַר אים אַ שמייכלדיקע מיט צווי אומשולדיקע חן-גריבלעך אין ביידע באַקן; איר רונדיקער בוזעם איז געווען גענוי, ווי ער געדענקט אים: באַהאַלטן אונטער אַ וויס בלוזקעלע, ווו איין קנעפּל איז צופעליק געווען אָפן און האָט געררייצט. איר ברייט-בייניקער געשטעל האָט געלאָקט מיט וואַרעמקייט און ווייבלעכקייט, ביז משוגע צו ווערן...

שוועס רוף האָט געטראָגן אין זיך דעם פאַרבאָרגענעם צויבער, וואָס האָט אים פאַרכישופט און געלייטערט פון אַלע ווידערווילנס און פאַרדרוסן, וועלכע זי האָט אים פאַרשאַפט. דער בריוו האָט ווי אויסגעמעקט אַלע זיינע טענות, כדי עס זאָל זיין אַ ניי בלאַט אָנצוהייבן פון אָנהייב... אָט פון יענעם אָוונט אין זייער הויז... אין זיין צימער... זי וועט צוריקברענגען זיין יוגנט; זיין היים; דאָס פאַרלוירענע..

פנינה איז אין אָט דעם בילד געווען אַ פאַרשלייערט געשטאַלט, אָן אַ פאָרם; אַ חלום פון וועלכן מען וועקט זיך אויף, אָן צו געדענקען פּרטים. מען וויל, דער

חלום זאָל זיך איבערחזרן - אָבער נישט מער - ווי אַ חלום. שוווע איז געווען די צאַפּלדיקע ווירקלעכקייט וועלכע האָט ווידער אַרויסגערופן דעם אַלטן שטורעם אין זיין בלוט, אין זיינע חושים. אַצינד רופט זי אים... נאָך אַלע אירע דערפאַרונגען וויל זי צוריק צו אים, צום אָנהייב - צו אָט די נאַיווע יוננטלעכע רגעס פון פאַרגעסונג און אַנטפלעקונג...

דער רוף פון דער פאַרגאַנגענהייט, די אויסגעשטערקטע האַנט - האָט געלאָקט מיט צאַרטער וואַרעמקייט, אַ וואַרעמקייט וועלכער ער האָט שוין לאַנג נישט געפילט און נישט נאָר דאָס: די רגעס פון דערוואַכונג זענען תמיד געווען אָנגעגליטע...

דער מוח האָט באַנומען, אַז ער האָט פאַרלוירן די קאָנטראָל איבער ליפעס ראַנגלענישן, וואָס שייך שוווען. די אָנגעזאַמלטע קראַפט האָט זיך געריסן צום פונקט פון זיין באַשאַף... דער מוח, די געניטע מאַשין וועלכע די נאַטור האָט באַשאַפן צו האַרמאָניזירן דעם מענטשנס האַנדלונגען, באַלאַנסירן לאָגיק מיט געפילן, האָט איינגעזען אַז דער רוף פון דער ווילדערניש האָט אונטערגעריסן די פונדאַמענטן פאַר ליפעס נייעם אָנהייב, וועלכער האָט פאָרזיכטיק געבויט מיט געדולד, האָט דער שטורעם אַלץ חרוב געמאַכט?

ליפע האָט די אייינזאַמקייט דערפילט - נישט איבערצוטראָגן. די שעהן וואָס ער האָט געמוזט וואַרטן אויפן ערשטן אויטאָבוס, וועלכער פאָרט פאַרביי דעם קיבוץ, אויפן וועג קיין תל-אביב - האָבן זיך פאַר אים געצויגן ווי אַן אייביקייט, דער נאַכטיקער ווינט האָט אַריינגערוישט דורכן פענצטער. די נאַכט האָט געהאַלטן ביים פאַרגיין, ווי דער זייגער אויפן טיש האָט געוויזן. ליפע האָט פרובירט צומאַכן די אויגן. נאָך דעם ווי ער האָט באַשלאָסן ווי צו האַנדלען, האָט ער דערפילט אַ באַדערפעניש פאַר רו, ווי נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט. אין אָט דער רו איז צווישן אים און שוווען אויסגעוואַקסן דער וואַלד. דער וואַלד אוו די הייזן ווו ער האָט געזומערט און געווינטערט, מיט אַ קאַלט שטיק שטאָל צוקאָפּנס. דער וואַלד איז אים אַנטקעגנגעקומען און אים אַרויפגעפּירט אויף די סטעזשקעס ווו דער טויט האָט געלויערט און דאָס לעבן איז אַנטקעגנגעקומען מיט הענט פאַרהאַרטעוועטע; מיט אויגן טריבע אָבער שאַרפע; מיט אָנגעשפּיצטן געהער פון אַ געיאָגטער חיה.

מיט אָט דעם וואַלד-אינסטינקט, וואָס האָט אים אַרויסגעהאָלפן אין געפערלעכע סיטואַציעס, האָט ער דערשפּירט, אַז דעם לייכטן וועג, וועגן וועלכן ער האָט אַ גאַנצע נאַכט נישט אויפגעהערט צו טרוימען און זען אים; אַ וועג וועלכן מען האָט אים אָנגעבאָטן, אַז דווקא אויף דעם וועג ליגט די געפאַר, וועלכע ער מוז אויסמיידן. ער איז אויפגעקומען. די זון האָט אַריינגעשיינט דורכן פענצטער. ער האָט באַמערקט דאָס רענצל, וואָס איז געלעגן דערנעבן פאַרפּאַקט, גרייט צו דער נסיעה. - האָט ער טאַקע געוואָלט אַהין פאָרן צו דער באַגעגעניש? - דאָס האָט ליפע זיך געוווּנדערט אויף זיך אַליין.

- די גאַנצע נאַכט האָט ער דאָך מיט איר גערעדט; אויסגעגאָסן זיינע פאַרדרוסן; געהערט אירע פאַרענטפערונגען. דורכגעלעבט דאָס, וואָס די באַגעגעניש קאָן אין אים אויפרודערן... ער איז אַראָפּ פון בעט. זיך אָנגעטאָן די אַרבעטס-קליידער, געפונען דעם בריוו מיטן אַדרעס, און אים צעריסן.

ווען פנינה האָט אים געטראָפן ביי דער אַרבעט מיט טונקעלע רייפן אַרום די

אויגן, האָט זי זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט זיינע געטאָ און וואַלד-קאָשמאַר. ליפּע איז געווען צופרידן, וואָס זי האָט אים גאָרנישט געפרעגט.

זיין געוויסן וואָלט נישט דערלאָזן אויסצובאַהאַלטן די נאַכט פון דער באַגעגעניש מיט שעווען.

# די פאַרבעטונג.

נאָכן לעצטן אָוונט מיט פנינהן האָט זיך ליפע געפילט אַביסל נישט באַקוועם. עפּעס אַ ייִנגלערישע שעמעוודיקייט האָט אים אַרומגעכאַפּט צוליב דער נישט זיכערקייט, ווי אַזוי פנינה האָט אויפגענומען זייער לעצטן שמועס. - האָט ער זיך ריכטיק אויסגעדריקט? האָט זי אים ריכטיק פאַרשטאַנען? אפשר איז ער געווען איבערגעאײַלט? זיי האָבן קיינמאָל נישט גערעדט וועגן פּערזענלעכע געפילן.

- פאַרפאַלן - האָט ער אַ זאָג געטאָן. - צוריקציִען קאָן מען עס נישט. לאָמיר עס איבערלאָזן דערווייל. ס'וועט נאָך מסתמה אויסקומען זיך צוריקקערן צו דעם. צופרידן דערפון, וואָס קיין לעקציעס זענען היינט נישט פאָרגעקומען וועט ער פאַרשפּאָרן זיך מיט איר באַגעגענען, כאָטש אין אולפּן איז ער געווען אַ שילער ווי די אַנדערע - אָן פּריווילעגיעס. נאָר ווייל ער איז שוין דאָ געווען כמעט ווי אַ יאָר, האָט ער זיך געקאָנט דערלויבן צו זײַן מיט דער לערערין אַביסל פרייער ווי די נאָר וואָס אָנגעקומענע.

געפונען האָט זי אים בײַם מיטאָג, אין חדר אכל. ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף איר שלום, און נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן. זי האָט אפנים אָפּגעפילט זײַן אומבאַהאָלפנקייט פון אַ חדר-ייִנגל און אַ שמייכל געטאָן. - האָסט אַראָפּגעשלונגען אַ לעפל זאַלץ? האָט זי שפּאַסיק אַ פרעג געטאָן, כדי אים אויפצוהייטערן. - אַז דו האָסט אַראָפּגעשלונגען די גאַנצע זון, איז פאַר מיר בלויז געבליבן דער וואָלקן... - איז גוט וואָס מען הערט פון דיר אַ וואָרט. קום עסן - האָט זי אַ זאָג געטאָן אָן צערעמאָניעס - איך האָב צו דיר אַ שליחות...

ליפע האָט אַ כאַפּ געטאָן די טאַץ און זיך געמאַכט ווי ער וואָלט עפּעס אַנדערש נישט געהאַט אין זין, ווי בלויז די אכילה (זשראַניע - האָט ער צו זיך אַ זאָג געטאָן, אויפן אַלטן רוסישן שטייגער) כדי צו פאַרשפּאָרן עפּעס צו זאָגן. די סודותדיקייט, איר שמייכל האָט אויף עפּעס אָנגעדייט, און כאָטש אים האָט זיך זייער געוואָלט וויסן וואָס מיינט דאָס אַלץ, האָט ער דעם ענטפער אין געדאַנק אָפּגעשטופּט. - ער וועט איר נישט ציִען בײַם צונג. וואָס פאַראַ שליחות האָט זי צו אים? עס האָט געקלונגען, אי אינטים און אי אָפיציעל.

בײַם טיש זענען זיי געזעסן צוזאַמען און אים האָט זיך זייער געוואָלט איר אָנקוקן, אָט אַזוי פריי און אָפן און אָן שום הינטער-כוונות. ער האָט נאָכאַמאָל געוואָלט זען דעם זוניקן פרימאָרגן וואָס האָט אַראָפּגעשײַנט פון איר פּנים. נאָר ער האָט זיך נישט געטרויט. ער האָט געוווּסט: אין אָוונט וועט ער אָנשרײַבן אַ ליד וועגן דעם. אַנטקעגן איר האָט ער זיך געפילט אַלט און אָפּגעלעבט.

פנינה האָט זיך נישט געאײַלט מיט איר שליחות. מיטן גאָפּל האָט זי אַ מיש געטאָן אין דעם עסן וועלכן זי האָט אַרײַנגעלייגט אין טאַץ, פֿאַרזוכט פֿון דעם, פֿון יענעם. ווען ליפֿע וואָלט געהאַט דעם מוט צו אָבסערווירן איר, וואָלט ער געקומען צו דער מסקנה, אַז זי איז נישט באַגײַסטערט פֿון דער שפּײַז. זי טוט עס בלויז מיטן מײַן כּדי זיך מיט עפּעס צו פֿאַרנעמען.

- איז דיר גאָרנישט טשעקאַווע צו וויסן, וואָס פֿאַראַ מין שליחות דאָס איז? האָט זי שעלמיש אַ פֿרעג געטאָן. - אַז דו האָסט פֿאַרגעניגן אַרויסציִען מיר די נשמה - האָט ליפֿע נאָך אַלץ נישט אויפֿגעהויבן די אויגן פֿון עסן. זי האָט זיך געפֿילט ווי אַ קינד וואָס מאַכט שפּאַס פֿון אַ דערוואַקסענעם.

- אדרבא, טרעף!

- די שליחות איז נישט קיין האָז און וועט אין וואַלד נישט אַנטלויפֿן - האָט ער זיך דערמאָנט אין אַלטן זאָג. - און וואָס פֿאַראַ מין באַשעפֿעניש איז אַ האָז? איך האָב עס קיינמאָל נישט געזען. - וואָס איז אַ קיניגל, ווייסטו? אַ קיניגל האָדעוועט מען. און אַ האָז איז ווי אַ קיניגל, ער איז בלויז גרעסער, פֿלינקער און לעבט ווילד אין וואַלד.

- גוט - מאַכט פנינה - עפּעס פֿאַרשטיי איך שוין. צײַט צו ווערן ערנסט. איך האָב צו דיר אַ שליחות פֿון מײַן אבא. ער וויל דיך זען נאָך דער אַרבעט, אויב דו האָסט צײַט נאַטירלעך.

ווען ליפֿע האָט אויף איר אויפֿגעהויבן אַ פּאָר פֿרעגנדיקע אויגן און פֿון איבעררײַשונג אַרויסגעלאָזט דעם גאָפּל פֿון האַנט, האָט זי צוגעגעבן: דאָס איז נישט קיין מוז. דאָס איז בלויז אַ פֿרײַנדלעכע פֿאַרבעטונג... שוין? עס האַלט שוין אַזוי ווײַט? זי האָט הייסט עס, לאַנג נישט געוואַרט... דאָס זענען געווען שטורעם-ווינט געדאַנקען, דורכגעפֿלויגן אין אַ רגע. באַהערשנדיק די אינערלעכע אויפֿרודערונג, האָט ער בלויז געקאָנט אַרויסברענגען איין וואָרט:

- גוט.

דערוואַרט האָט ער, אַז זי וועט אים נאָך עפּעס זאָגן, נאָר ווי אויף צולהכעיס האָט זי געשוויגן. דער נאָכמיטאָג האָט זיך געצויגן ווי פּעך. ער האָט זיך פֿאַרגעשטעלט די פֿראַגן און צוגעגרייט די ענטפֿערס. אים האָט פֿאַרדראָסן אויף זיך, צוליב זײַן אײַנגעשפּאַרטקייט. זײַן געמאַכטער גלײַכגילטיקייט. זי וואָלט אים געהאָלפֿן זיך צוגרייטן. וועט זי אויך זײַן דערבײַ? אַלץ איז געשען אַזוי שנעל. אַן אומרו האָט אים ארומגעכאַפּט.

- קאָן ער אויף זיכער באַשטימען, אַז ער וויל בלײַבן אין קיבוץ? ער איז שוין דאָ באַלד אַ יאָר און נאָך אַלץ, הייסט עס, אויף דערווייל. יאָרן לאַנג געבענקט נאָך אַ שטאָט, נאָך מענטשן. די רואיקייט פֿון דעם אַרום האָט אים געהאָלפֿן, אָבער סתּם אַזוי, ווערן אַ דאָרפֿס-מענטש! אים האָט זיך געדאַכט, אַז צוליב פנינהן איז ער גרייט אַלץ אויפֿצוגעבן, און אָנהייבן אויפֿסניי. זיי וועלן האָבן קינדער אין קיבוץ. ער וועט ווערן אַ בוים וואָס האָט געלאָזט וואָרצלען און וועט שוין דאָ בלײַבן.

- מיט וואָס איז ער בעסער פֿון די אַנדערע, וועלכע לעבן שוין דאָ צענדליקער יאָרן! נו, זי האָט אַ הער געבראַכט אַן אידיי, צוליב אַן אידיי איז אפֿשר כּדי. אָבער אַלץ וואָס אים האַלט דאָ איז אַ מיידל. און אויב צווישן זיי וועט דורכלויפֿן אַ

שוואַרצע קאַץ, וועט ער נישט זיין דאָ און נישט דאָרטן...

היינט, הייסט עס, וועט ער זיך דאַרפֿן אַנטשליסן און נישט דרייען מיטן צונג. וועט ער זאָגן יאָ און איר פּאָטער וועט מסכים זיין - איז גוט. אויב ניין - דאַרף ער זיך שוין צומאָרגנס איינפּאַקן, און פֿאָרן אין שטאָט אַריין זוכן אַ ווינקל. וואָלט כאָטש פנינה געווען נעבן אים, וואָלט אים לייכטער געווען זיך צו אַנטשליסן.

היינט דאַרף ער נעמען דעם גורל אין די אייגענע הענט. קיינער קאָן עס פֿאַר אים נישט טאָן.

- געדאַרפט אפשר אַהינפאָרן אין שטאָט, זען שעווען - פּליט אים אַדורך אַ געדאַנק. וואָלט עס אים לייכטער געמאַכט דאָס אַנטשליסן זיך? דאָס ווייסט ער נישט. ער איז געשטאַנען אויפֿן שוועל צווישן נעכטן און מאָרגן.

אין אָוונט איז ער אַוועק צו דער באַגעגעניש מיט פנינהס פּאָטער. נישט דרייסט אָנגעקלאַפּט אין טיר און אַריין אין צימער. פֿאַר אים איז געזעסן אַ מענטש מיט אַ פֿאַרהאַרטעוועטן, זון צעברענטן פּנים. אַ גרווילעכן קאָפּ האָר און טונקעלע אויגן, אין וועלכע עס האָט געשפּילט אַ וואַרעמער בליק, - ווי ביי פנינהן - האָט ער נישט פֿאַרפֿעלט צו באַמערקן.

פנינהס פּאָטער, וועלכן מ'האָט אגב אין קיבוץ גערופֿן נאָך מיט זיין אַלטן נאָמען - ליאָווואַ, האָט אים דערלאַנגט אַ שלום עליכם און געבעטן זיצן. אין צימער איז אויך געווען פנינה.

סיי ער און סיי פנינה זענען געוואָרן איבעראַשט: ליאָוואַ האָט גערעדט יידיש... פֿאַוואָליע האָט זיך פֿאַרצויגן אַ שמועס. ליאָוואַ האָט געוואָלט וויסן מער פּרטים וועגן ליפֿעס היים; זיין בילדונג; זיינע מלחמה איבערלעבונגען...

- ער פרעגט מיך אויס ווי אַ ריכטיקער מחותן - האָט ליפֿע אַ קלער געטאָן, הגם ער איז נאָך קיינמאָל פֿריער נישט געגאַנגען אָנקוקן אַ כלה.

ליאָוואַ האָט אַרויסגענומען אַ פֿלעשל און מכבד געווען דעם גאַסט.

- לחיים!

- לחיים!

די נערוועזע אָנגעשטרענגטקייט האָט נאָכגעלאָזן. ליפֿע האָט זיך דערפֿילט צווישן היימישע מענטשן. פנינה האָט כמעט זיך נישט אָנגערופֿן. זי האָט אויך נישט אַלץ פֿאַרשטאַנען וואָס די צוויי מענער רירן צווישן זיך. די צייט האָט זיך גערוקט. ענדלעך איז ליאָוואַ צוגעקומען צום פּונקט וועגן דעם טאַקע, נאָך וואָס ער האָט איינגעלאַדן ליפֿען.

- ביזט שוין באַלד אַ יאָר אין קיבוץ און דו זעסט ווי מיר לעבן דאָ און מיט וואָס מיר אָטעמען. כ'מיין - די פּאָליטישע לופֿט. ער האָט עס באַמיט צו מאַכן אַזוי קלאָר ווי מעגלעך:

- מיט אַ פּאָר טעג צוריק, האָט זיך אַ חבר אומגעקערט פֿון פּאַריז און מיטגעבראַכט עטלעכע רוסישע ביכער פֿון סאָלזשעניצין. האָסט אוודאי געלייענט: ער איז היינט זייער פּאָפּולער און קאָנטראָווערסאַל. מיר האָבן עטלעכע חברים וואָס געדענקען נאָך רוסיש, כאָטש, ווי זיי זאָגן - עס קומט שוין אָן שווערלעך צו צעקייען. אַזוי פֿיל יאָרן נישט גענוצט. פֿאַרשטייסט? ליפֿע האָט פֿאַרשטאַנען. דעם אמת געזאָגט - מיר אַלע ווילן וויסן גענוי וועגן וואָס ער שרייבט, אָבער קיינער פֿון אונדז איז נישט גרייט צו נעמען קיין שטעלונג, נישט צו זיין שרייבן, נישט צו זיינע

פּאָליטישע מיינונגען, און אוודאי נישט צו דער פּראָפּאַגאַנדע וועלכע דער מערב פּירט, אויסנוצנדיק אים. מעגלעך אַז די רעאַקציאָנערן האָבן געפּאַקט אַ גוטן העכט - האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל. לאָמיר זאָגן, און דו מעגסט עס וויסן: נאָך כרושטשאָוס רעדע וועגן סטאַלינס פאַרברעכנס, איז ביי אונדז דאָ אַן אומקלאָרע נערוועזיטעט. דו, אָבער, ביזט כמעט אַ דרויסנדיקער, כ'מיין - דו ביזט נאָך נישט קיין אָפיציעלער חבר פון קיבוץ - עס האָט געקלונגען ווי אַן אויפקלערונג און גלייכצייטיק ווי אַ פאַרענטפערונג. כ'מיין - דו פאַרשטייסט מיך? ליפע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. אַ סימן, אַז ער האָט פאַרשטאַנען. - דו, הייסט עס - האָט ליאָווע אָנגעהאַלטן זיין חברישן טאָן, כאָטש ער האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן אַמט אין דער קיבוץ אָנפירונג.

- א בחור ווי דו, קומסט פון ראַטנפאַרבאַנד, איז דיר די טעמע און די מענטשן אויך נענטער. דער עיקר טאַקע - דו קאָנסט זיך דערלויבן צו זאָגן ווי דו פילסט און ווי אַזוי דאָס שרייבן ווירקט אויף דיר. כ'מיין - דאַרפט זיך ריכטן אויף פראַגן; אויף אַ דיסקוסיע. חברים זענען נישט גרייט אויפצוגעבן לאַנג יאָריקע איבערצייגונגען אָן אַ קאַמף... נאָר דאָס האָט ער שוין געזאָגט אין עברית, כדי פנינה זאָל בעסער באַנעמען, כאָטש אויך אָן דעם האָט זי געוווּסט, ווער און וואָס איז אין דער קיבוץ משפחה.

- פנינה זאָגט מיר, אַז דו שרייבסט לידער, אַן עסיי.

אַהאַ - טראַכט ליפע - הייסט עס, אַז אירביידע האָט שוין געשמועסט וועגן מיר, און אַצינד וועלן קומען די ריכטיקע פראַגן - ער איז געווען גרייט און דערפאַר גאַנץ רואיק.

- איז די מעשה אַזאַ - מיר ווילן דיר אָנטרויען די ביכער און דו, ברודערקע, פאַרקאַשער די אַרבל און גרייט צו אַ רעפעראַט, אי וועגן סאָלזשעניצינען און אי וועגן זיינע ביכער.

נישט זייענדיק זיכער אַז דאָס איז אַלץ וואָס מען וויל פון אים, האָט ער ליאָוואַן אָנגעקוקט אַביסל זייטיק און אַ פרעג געטאָן:

- אויף יידיש?

- יאָ, קאָנסט רעדן יידיש, אַביסל רוסיש אויב עס איז נייטיק. אויב עס זענען דאָ גאָר נייטיקע ענינים צו באַרירן אין עברית, וועלן מיר דיר אַרויסהעלפן. ווי מיינסטו פנינה?

פנינה האָט צוגעשטימט.

פאַר זיך האָט ליאָווע אַ טראַכט געטאָן: יידיש איז אַ גוטער תירוץ. נו, ליפע קען נאָך נישט קיין עברית, און דערוויל איז גלייכער, אַז אונדזערע קינדער זאָלן וואָס ווייניקער וויסן. אַז די צייט וועט קומען, וועלן מיר עס שוין ווי געהעריק זיי איבערגעבן.

ליפע און אויך פנינה האָבן זיך נישט אָנגעשטויסן, פאַרוואָס ליאָוואַ האָט צווישן אַלעמען, דווקא אויסגעקליבן ליפען. פנינה האָט געהאַט אַ געפיל פון אינערלעכער באַפרידיקונג פון איר פאָטערס באַשלוס. אין אירע געדאַנקען האָט זי ליפען שוין אָנגערופן: מיין בחור...

צו זיך אין צימער האָט ליפע געטראָגן אויסער צוויי ביכער און עטלעכע רוסישע צייטונגען אויך אַ געפיל וועלכן ער האָט נישט געקאָנט באַצייכענען.

- אַנטוישט אין די דערוואַרטונגן? אי צופרידן און אי אַנטוישט. ער אַליין האָט זיך געשראָקן צו שטיין פנים אל פנים מיט אַ דעציזיע וועגן זיין אייגענעם לעבן. דער וואַלד-אינסטינקט האָט שוין דאָ קיין נוצן נישט געקאָנט ברענגען און כדי צו וויסן וועלכן וועג אויסצוקלייבן, דאָ דאַרף מען שוין האָבן אַנדערע דערפאַרונגען, און זיי האָט ליפע נאָך נישט געהאַט.

- וועט ער אין אַ חודש צייט פאַרטיק ווערן! - האָט פנינה אויפן וועג געפרעגט.

- איך גלייב אַז יאָ.

דער רעפעראַט וועגן סאָלזשעניצינען האָט אים אויסגעזען ווי די לייזונג פון זיין פּראָבעלם, וואָס וועט זיך אַליין אויפלייזן: - וועט דער קיבוץ וועלן אים אָננעמען פאַר אַ חבר אָדער נישט! דאַן, מיינט ער, וועט ער שוין וויסן ווי ער האַלט אין דער וועלט, און וואָס ער וועט מוזן טאָן.

# דער לערער גרושקין.

סאַשע קאַפּלאַן האָט געבענקט נאָך זיין חבר. ער איז שוין געווען כמעט ווי זיכער, אַז ער האָט איינגעביסן ליפּעס עקשנות דווקא צו בלייבן אין קיבוץ פון וועלכן ער איז נאָך אפילו נישט געווען קיין חבר, ער איז געווען זיכער, אַז ליפּע וועט איינפּאַקן זיין בידנעם פאַרמעגן און אַראָפּקומען קיין אויסטראַליע. פאַרלאָזנדיק זיך אויף דער זיכערקייט, האָט ער שוין פאַרהאַנדלט מיט אַ פלי-געזעלשאַפט וועגן אַ רייזע-בילעט. אין איינעם פון די בריוו האָט סאַשע געשריבן, אַז אויסטראַליע איז אַ מדינה ווי אַ מאַלינע - און אָט דער זאָג האָט דוכט זיך אָנגעצונדן ליפּעס פאַנטאַזיע וועגן אָט דער מדינה. סאַשע האָט זיך שוין געזען, ווי ער פאָרט צום פלי-פעלד. אָט קומט דער בחור אַראָפּ פון אַעראָפּלאַן, זיי טוען זיך אַ פאַל אין די אָרעמס, און ביז וואָס-ווען שטייט שוין אויפן טיש אַן אָפּגעקילט פלעשל בראָנפן, אין אָנדענק פון די פויערישע "סאַמאָגאָנען" מיט וועלכע זיי האָבן זיך געוואַרעמט אין די ווינטער נעכט.

וואָס סאַשע קאָן נישט באַנעמען: - וואָס האַלט אים דאָרטן ליפּען? נישט קיין ווייב, נישט קיין קינד - אפילו אַן אייזעלע צו פירן די פירות פון קיבוץ טרויט מען אים נישט אָן. אַזוי פיל ווייסט ער פון ליפּעס לעבן.

פאַריאָגט אין זיינע מסחרים, האָט סאַשע נישט באַמערקט, ווי עס פליען די וואָכן און פון ליפּען הערט מען שוין גאָר זעלטן. פון זיינע בריוו, ווען זיי קומען שוין יאָ אָן, יאָגט מיט אַ מין סודתדיקייט. עפּעס זאָגט ער און דערזאָגט נישט. און פון קומען קיין אויסטראַליע - קיין וואָרט נישט, פונקט ווי אַזאַ לאַנד וואָלט גאָרנישט עקזיסטירט. - האָט זיך אין אים אָפּגערופן די "אַלטע קרענק"? נו, די אַלטע קרענק האָט ביי סאַשען געהייסן - פּאָליטיק. אין די שטילע זומערדיקע נעכט, ווען מען האָט זיך געקאָנט דערלויבן אַ שמועס צו טאָן, האָט ליפּע אַלץ גערעדט און גערעדט פון די צייטן ווען די וועלט וועט באַקומען אַן אַנדער פּנים, ווען יידן וועלן זיין מיט לייטן גליייך. ווען... עפּעס האָט סאַשע געלייענט אין די צייטונגען, אַז אין די קיבוצים רודערט זיך; מען שלאָגט זיך, מען רייסט זיך ביי די קעפּ. אַז ליפּע שאַפּיראָ וווינט אין אַ לינקן קיבוץ, איז אים באַלד קלאָר געוואָרן. נישט קלאָר פאַר סאַשען איז געווען בלויז: ווו שטייט ליפּע אין דעם דיספּיוט? אָ, יאָ - ער האָט געקאָנט ברענגען אַרגומענטן פון דער פאַרטיזאַנקע - פּאָזיטיווע, אַז יידן האָבן זיך געפילט זיכער, ווען די פאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען האָבן זיך געפונען אונטער אַ שטרענגער, סאָוויעטישער אָנפירערשאַפט. אָבער דער אַנטיסעמיטיזם האָט סיי ווי געבושעוועט. מען איז קיינמאָל נישט געווען זיכער, צי מען וועט פאַלן פון אַ

דייטשער פּאָליצייסקער קויל, אָדער פון אַ קויל פון אַן אייגענעם - אַ "פאַרבלאָנדזשעטע" קויל. אַזעלכע פאַלן זענען געווען און ליפע קאָן עס פון זיין זכרון נישט אויסמעקן. סאַשע האָט שוין באַוויזן צו דערגיין, אַז דער קיבוץ, אַרום כּפר סבא האָט זיך נישט געשפּאָלטן, בלויז עטלעכע פאַמיליעס האָבן זיך איבערגרופּירט. וואָס ליפע האָט דערויף געענטפערט איז: אַז מיט דער פאַמיליע, מיט וועלכער ער איז נאָענט, איז געבליבן. דאָס אַלץ. נישט געוואָלט אַריינפאַלן ווי אַ יוון אין סוכה - האָט סאַשע אָנגעשריבן אַ בריוול, אַז אָט אַ ליאַדע טאָג וועט ער אַראָפּקומען אין לאַנד, נאָר דערוויל האַלטן אים זיינע ענינים פעסט אין די הענט.

דאָס ערשטע וואָס ליפע האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן סאַשעס באַזוך:

ער וועט טרעפן לאַנדסלייט. ער וועט טרעפן שעווען, כדי פון איר צו דערגיין, וואָס עס טוט זיך מיט אים אין קיבוץ? סאַשע וועט דאָך אַנדערש ניט טראַכטן, אַז דאָס איז די זעלבע שעווע און דער זעלבער ליפע שאַפּיראָ - און קיין פינגער אין מויל דאַרף מען אים דאָך נישט אַריינלייגן... זענען זיי דאָך חברים נישט פון נעכטן...

ליפע שטעלט זיך פאָר, אַז שעווע וועט אים פאַרמסרן, פאַר נישט ענטפערן אויף איר בריוו, פאַר נישט וועלן קומען קיין תל-אביב, אפילו נישט אויף דער הזכרה...

- ווי לאַנג האָט ער דען פאַרטיזאַנעוועט - וועט שעווע אַ פרעג טאָן - און שוין אַלץ פאַרגעסן? וואָס איז אַ געפיל, אַ פאַרלייזיקט העמד וואָס מען וואַרפט אַוועק, כדי עס זאָל נישט בייסן? אַ מענטש קאָן פון זיין אייגענער הויט נישט אַרויסשפּרינגען, אפילו נישט אַזאַ איינער, ווי ליפע שאַפּיראָ. און ליפע האָט ווייטער געשפּונען דעם פאָדעם: עפּעס וואָס איז ביי סאַשען אויך פאַרבליבן פון יענע יאָרן אַ נישט גלייכגילטיקייט צו שעווען - כאָטש זיי האָבן קיינמאָל נישט גערעדט דערפון.

פּשוט - אין דער פאַרטיזאַנקע האָט זיך דאָס לעבן געוואַקלט ווי אַ בלעטל אין ווינט און עס וואָלט געווען איבער דער טבע צו גריבלען זיך אין דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט אַ צוויי יאָר צוריק, און אין וואַלד האָט עס אויסגעזען ווי אַ הונדערט יאָר זענען שוין פאַרביי. זיי זענען געוואָרן וואַלד-מענטשן, זיך פאַרגראָבן ווי מוילוואָרפן אין דער ערד, און דער בעסטער און נאָענסטער פריינד איז געווען די ביקס, מיט וועלכער מען איז געשלאָפן באַנאַנד.

אויסגעזען האָט עס - אַז כאָטש ביידע חברים האָט געצויגן צו איינאַנדער, האָבן זיי אָבער טיף אין זיך געפילט אַ באַדערפעניש - אַז דאָס זאָל פאָרקומען וואָס שפּעטער. איז עס געווען די שולד פון די יאָרן, וואָס האָבן זיי צעטיילט? איצט האָט ליפע געהאַט פאַר זיך אַ ניי פּראָבלעם: צוצוגרייטן פנינהן צו דער באַגעגעניש. נו, אַ חבר, טאָ איז וואָס? און אפשר מער ווי אַ חבר, אפילו אַ ברודער - קומט ער אים אַוועקנעמען פון איר קיין אויסטראַליע? און טאָמער דערוועקט זיך ביי פנינען אַן אינטערעס אין אָט דעם נייעם מענטש פון אויסטראַליע, דעם סאַשע - אָדער עס פאַרגלוסט זיך אים גאָר בלייבן דאָ?

דערמאָנט זיך ליפע שאַפּיראָ: זיינע חברים האָבן אים שוין אַמאָל געשטעלט אין דער פאַסקודנער לאַגע, און אַראָפּגעבראַכט שעווען צו אים אין שטוב אַריין, ווען ער האָט איר אַמווינציקסטן דערוואַרט אָדער געוואָלט זען. קאָן סאַשע - אָ סתם אַזוי, אויף טשעקאַוועס - כדי צו זען ווי אַזוי ער וועט עס אויפנעמען - קומען אין

קיבוץ מיט שוועון? כאָטש סאַשע האָט אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט, אַז ער קומט קיין ישׂראל, דאָך האָט ער זיין באַזוך פּלאַנירט ווי אַ פּאַסטקע.

אָנגעקומען קיין תל-אביב, אָפּגעזוכט אַ לייטישן האָטעל און זיך גענומען אַרומקוקן. קיין עברית האָט ער טאַקע נישט געקאָנט, אָבער וועלכער ייד רעדט נישט קיין מאַמע-לשון, און בכלל - צווישן יידן ווערט מען נישט פאַרפאַלן. נו, סאַשע האָט נאָך אַלץ פּלאַנירט אַריבערצופּעקלען ליפען צו אים קיין מעלבורן. וואָס איז, ער ווערט זיך שוין דאָרטן אויסטויגן; נישט דאַרפן אַרומקריכן צווישן הינער... מיט דער דערפאַרונג פון אַן אַלטן פּאַרטיזאַן, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אויסקוקן די פּאָזיציע, פון וועלכער ער קלייבט זיך אָנצוגרייפן. געהאַט עטלעכע אַדרעסן פון לאַנדסלייט, האָט ער דערוואַרט פון זיי עפּעס וואָס געוווּיער צו ווערן. וואָס ער האָט זיך דערוווּסט האָט, וואָס אַן אמת, אַ ביסל אַ שאָקל געטאָן זיין זיכערקייט, זיין איבערצייגונג, אַז ליפּע איז דאָ אין קיבוץ, ווייל ער איז פאַרכאַפּט אין די פּאָליטישע ווידעראַנאַנדן.

- האָט זיך די "אַלטע קרענק" אָפּגערופן? און אפשר איז עס פּאָרט נישט דאָס? ער האָט געפרוווט זוכן אַ סיבה וואָס זאָל זיך לייגן אויפן שׂכל.

- נישט געהערט? - קען גבריאל - "יאַש" נישט פאַרשטיין. אָבער ווי אַזוי האָט עס סאַשע געקאָנט הערן אין אויסטראַליע? איז אָט: פון רוסלאַנד איבער פּוילן איז געקומען אין לאַנד אַריין שוועע. געוווּען אַ סך קלאַנגען וועגן איר, נאָר אין לאַנד איז זי געקומען אַליין, און גלייך זיך גענומען נאָכפרעגן אויף ליפען. - נו, איז ליפּע אויך אין תל-אביב? ווייל אויב אַזוי, וואָלט דאַן שוין אַלץ פאַר אים קלאָר געוואָרן. די דאָזיקע סאַמע לאָגישסטע פראַגע איז אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין צונג, אָן זיין וויסן.

- געוועזן איין מאָל אין שטאָט אויף אַ הזכרה. עפּעס אַ בחורטע האָט אים געבראַכט אין אַ דזשיפּ, און באַלד דערנאָך - צוריק צו די הינער...

די אַלע סיטואַציעס האָבן פאַרלאַנגט פון סאַשען אַ געהעריקן ישוב הדעת: שוועע איז אין שטאָט. ליפּע אין קיבוץ. קומט מיט עפּעס אַ בחורטע אין אַ לאַסט-אויטאָ. פאָרט ביינאַכט צוריק. דערווייל האָבן נייע באַגעגענישן, איינדרוקן, דערמאָנונגען פון דער היים אים פאַרכאַפּט, און מיטאַמאָל איז ער ווידער געוועזן אין שטעטל. נאָך לאַנגע נאָכפרעגענישן, האָט אים עמעצער אָנגעוויזן, ווו עס וווינט דער לערער גרושקין. סאַשע איז נאָך געוועזן אַ יאַטל, ווען דער לערער, אַן אויסגעדינטער זעלנער איז מיט אַ חברה חלוצים אַוועק קיין פּאַלעסטינע. דער לערער גרושקין - געדענקט ער - האָט תמיד געקאָנט דערקלערן, אָט ווי מען לייגט אַריין אַ שטיקל כאַלוואַ אין מויל און עס צעגייט. צום לערער גרושקין, האָט ער שוין געוווּסט, גייט מען נישט מיט ליידיקע הענט. ער איז נישט לאַנג אַרויס פון קיבוץ אויף אייגענער קעסט, און אויף קיין פלעשל אויפצונעמען אַ גאַסט, האָט ער דערווייל נאָך נישט אָפּגעשפּאָרט. נאָך די ערשטע פּאָר גלעזלעך זענען פאַרשוווּנדן די יאָרן צווישן זיי און די ראָלן האָבן זיך געביטן. אַצינד האָט סאַשע פאַרגעבן דעם לערער די אויפגאַבע אָנצושרייבן פאַר אים וואָס אין די קיבוצים קומט פאָר, ער זאָל עס קאָנען צעקייען. דער לערער גרושקין האָט נישט באַנומען:

- צו וואָס אַ שטייגער דאַרפסטו דאָס? צו וואָס קאָן עס דיר נוצן דאָרטן אין אויסטראַליע? נאָר סאַשע האָט זיין כוונה ניט געוואָלט פאַרטרויען. האָט דער

לערער גרושקין אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: - אַ קאַפּריז פון אַ טוריסט, נו מילא. געקומען אָפּנעמען די אַרבעט איז סאַשע אויך נישט מיט ליידיקע הענט. דער לערער גרושקין האָט נאָך אַלץ געשריבן מיט זיין פערלדיקן כתב, דראָבנע אויתיעלעך.

"אין 1910 איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע קבוצה דגניה (אויפן באָדן פון דאָרף אום דזשוני) אַלס קאָלעקטיוו צו פאַרווירקלעכן דעם געדאַנק פון קאָלעקטיוויזם, און נישט נאָר אַלס קאָלאָניזאַציע פאָרם פאַר אַרבעטער אין לאַנד. אין יאָר 1927 זענען אַנטשטאַנען דריי אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַמען: 1) חבר הקבוצות; 2) הקיבוץ המאוחד 3) הקיבוץ הארצי.

חבר הקבוצות האָט באַקומען אירע מענטשן-רעזערוון פון דער אָרגאַניזאַציע (יוגנט באַוועגונג) "גורדניה".

הקיבוץ המאוחד - פון "החלוץ" אָרגאַניזאַציע; "דרור", "הבנים", "תכלת לבן", הקיבוץ הארצי - פוך דער יוגנט באַוועגונג פון "השומר הצעיר". אין דעם זעלבן יאָר איז אַנטשטאַנען דער ערשטער קיבוץ אויך פון "הקיבוץ הדתנו" (רעליגיעזער קיבוץ).

אין יאָר 1930 קומט פאָר די פאַראייניקונג פון "הפועל הצעיר" מיט "אחדות העבודה" און עס אַנטשטייט די מפאי-פּאַרטיי. אין יאָר 1944 קומט פאָר " שפּאַלטונג אין מפאי: עס אַנטשטייט די סיעה ב' - אָנגעפירט פון יצחק טאַבענקין. די מערהייט פון "קיבוץ מאוחד" האָט זיך אידענטיפיצירט מיט סיעה ב' (טאַבענקין) און "חבר הקבוצות" מיט מפאי.

אין די סוף 40-ער יאָרן האָבן וויכטיקע טיילן אין דער ארץ-ישראלדיקער אַרבעטער באַוועגונג סימפּאַטיזירט מיט דער קאָמוניסטישער-סאָציאַליסטישער וועלט. זיי האָבן געשטרעבט צו אַ דערנענטערונג צו דעם דאָזיקן לאַגער. די טענדענץ האָט קאָנטינואירט אויך אין די ערשטע 50-ער יאָרן (ביז דעם 20-טן קאָמוניסטישן צוזאַמענפאַר)

סיבות: אידעאָליגישע נאָענטקייט. 2) מדינת ישראל האָט ביי איר אַנטשטייאונג באַקומען געווער פון טשעכאָסלאָוואַקיע. 3) ראַטנפאַרבאַנד איז געווען פון די ערשטע וועלכע האָבן דאַן אָנערקענט מדינת ישראל. אין יאָר 1948 האָבן זיך די "לאחדות העבודה" (סיעה ב) און "מפלגת השומר הצעיר" פאַראייניקט און געשאַפן מפ"ם.

אָבער אין דעם "קיבוץ מאוחד" וועלכער איז געווען אונטערן איינפלוס פון "לאחדות העבודה" (סיעה ב) וועלכער האָט זיך פאַראייניקט מיט "מפלגת השומר הצעיר" - זענען געווען וויכטיקע טיילן מפאישע, און די טיילן זענען געוואָרן אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע אין די קיבוצים פון "הקבוץ המאוחד". מען האָט דיסקוטירט, פּאָלעמיזירט, בלוטיק געקעמפט פאַר זייערע איינשטעלונגען, ביז... צו קלעפּ. משפחות זענען זיך צעגאַנגען. אַ סך ליידן און פּיין. דאָ האָט דער לערער גרושקין געמאַכט זיין אייגענע באַמערקונג: וואָס טוט נישט אַ ייד פאַר משיחן?

דעם 20-טן מאַי 1951 איז פאָרגעקומען די שפּאַלטונג אין "הקיבוץ המאוחד". אין די קיבוצים פון "הקיבוץ המאוחד", אין וועלכער מפאי האָט געהאַט אַ מערהייט, האָבן זיך אָנגעשלאָסן צום "חבר הקבוצות" און געשאַפן אַ נייע ראַם: "איחוד הקבוצות והקיבוצים". עס זענען פאָרגעקומען טראַנספערן. (די מפאי מינדערהייט

פון קיבוץ "בית השיטה" איז אַריבער צום מפאישן קיבוץ "נוה-יסג. אַזוי איז אויך געווען אין יגור, וועלכע זענען אַריבער אין "נוה-ים".)

עס זענען געווען קיבוצים וועלכע האָבן זיך געשפּאָלטן און אָנשטאָט איינעם, זענען אַנטשטאַנען צוויי קיבוצים. (עין-חרוד; אשדות - יעקב; גבעת-חיים און אַנדערע) די איראָניע פון דער געשיכטע איז, אַז גראָד נאָך דער שפּאַלטונג, אַ פּאָר יאָר בלויז, איז פאָרגעקומען דער20-סטער קאָמוניסטישער קאָנגרעס און האָט צונישט געמאַכט דעם גאַנצן אידעאָלאָגישן קאַמף וועלכער איז פאָרגעקומען אין "הקיבוץ המאוחד".

נאָכן דורכקוקן דעם איבערזיכט, נאָכן אויסהערן דעם לערער גרושקינס אַראָפּריידן זיך פון האַרצן, פאַר וואָס ער איז אַוועק פון קיבוץ - האָט נאָך סאַשע אַלץ נישט געקאָנט באַנעמען, וואָס דאָס אַלץ האָט צו טאָן מיט ליפען. נאָך אַלעמען - ער האָט דאָך דאָ נישט געפּאָקט און נישט געמאָזלט... ער האָט געזוכט די סיבה, וואָס זאָל אים געבן אַ באָדן אונטער די פיס.

זיך דערפרעגט צום קיבוץ, האָט ער ליפען נישט דערקענט: פאַרברענט פון דער זון, אין גומענע שטיוול מיט קורצע, לייוונטענע הייזלעך; פון אונטערן היטל, וואָס איז עפּעס גאָר קיין היטל נישט - ער וואָלט געשווירן - אַ שיסל אויפן קאָפּ, קריכן אַרויס שטיקלעך קרויזן. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גומענע קישקע און אָנגעגאָסן וואַסער אין קאָריטעס. נעבן אים איז געשטאַנען אַ יונג מיידל, און ווי ער - אין קורצע הייזלעך און גומענע שטיוול - שיט קערנער פאַר הינער און קוקט אים אָן מיט נייגעריקן בליק. ליפע האָט צוגעדרייט ס'וואַסער, אָפּגעווישט די נאַסע הענט אין די הייזלעך און זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט. נאָכער האָט ער אָנגעוויזן אויפן מיידל, וואָס האָט זיי ביידן אָנגעקוקט, און איר פאָרגעשטעלט:

- דאָס איז פנינה...

סאַשע האָט אויסגעצויגן די האַנט, אין וועלכער איר הענטל איז גלייך פאַרשוווּנדן, און ער האָט איר באַגריסט מיטן איינציקן וואָרט, וואָס ער האָט געקאָנט: שלום.

סאַשע האָט אַ פרעג געטאָן אָן שום צערעמאָניעס:

- דאָס איז עס?

- דערווייל נאָך נישט...

הייסט עס - ניט קיין פּאָליטיק האַלט דיך

- ניין - נישט קיין פּאָליטיק...

נו און דאָרטן, אין תל אביב?

ליפע האָט פאַרשטאַנען דעם אָנדייט.

דאָס איז געווען פאַר דער מלחמה...

פנינה האָט אָנגעשטעלט אויף זיי ביידן איר בליק. זי האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען. זאָלבעדריט זענען זיי אַוועק צום חדר אכל.

דער לערער גרושקין האָט געהאַלטן וואָרט, אפילו דאַן, ווען עס איז שוין פאַרביי אַ היפּש ביסל יאָרן און סאַשע האָט שוין פאַרגעסן אין גאַנצן ענין. צו וואָס איז עס אים איצט נייטיק, אַז העלפן קאָן עס שוין נישט.

קאָנטיק, אַז ביי גרושקינען האָט זיך נאָך אַלץ נישט אויסגעוועבט דער אינטערעס פאַר דער באַוועגונג, וואָס מיט איר האָט ער אָפּגעלעבט אַ שטיק לעבן. ער האָט סאַשען צוגעשיקט די פאָרזעצונג פון איבערזיכט:

"סוף אָקטאָבער 1963 איז אַנטשטאַנען דער פאַרבאַנד פון אַלע קיבוצישע באַוועגונגען און דינט ווי אַן אַלגעמיינער דענאָמינאַטאָר: עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון דער קיבוצישער באַוועגונג; אינדוסטרי פון דער קיבוצישער באַוועגונג געמיינזאַמע אינטערעסן און קולטור אונטערנעמונגען: אַ) קיבוצישער טעאַטער: ב) קאַמערישער אָרקעסטער; ג) טאַנץ אַנסאַמבל; ד) קונסט גאַלעריע.
סוף 70-ער יאָרן איז אַנטשטאַנען דער צוזאַמענשלוס פון צוויי קיבוצישע באַוועגונגען: "הקיבוץ המאוחד" און "איחוד הקבוצות והקיבוצים" און זיי האָבן געשאַפן דעם תקם. (די פאַראייניקטע קיבוצישע באַוועגונג) און כּדי מען זאָל אים נישט דאַרפן גלייבן אויפן וואָרט, האָט דער לערער גרושקין, מיט דער פעדאַנטישקייט פון אַ לערער צוגעשריבן:
היינט צו טאָג איז די קיבוצישע באַוועגונג אָנגעשלאָסן אין די דריי ראַמען: 1) תקם; 2) הקיבוץ הארצי; 3) הקיבוץ הדתי.
תקם - אַרום 180 קיבוצים; הקיבוץ הארצי - איבער 80; הקיבוץ הדתי - 76.
נאָכוואָרט: די אידייאישע זייטן, געזעלשאַפטלעכע און אַנדער פּראָבלעמען האָבן מיר באַהאַנדלט אין אונדזערע שמועסן.
דאָס איז געווען דעם לערער גרושקינס לעצטער בריוול...

# אַנדערע דערציילונגען.

פון משה אייזענבוד.

# ווי האָט עס זיך אָנגעהויבן, זיידע?

זי איז געפֿלויגן צו אים. דער חלום האָט באַקומען פֿליגלען. זי האָט זיך געוווּנדערט: צי וועט ער אויך באַקומען אַ באָדן אונטער די פֿיס?

אין יענע געגנטן איז דער זומער געווען אַ לאַנגער, טרוקענער און פּערמאַנענטער. דער הימל - אַ קלאָר בלויער איז געלעגן פֿאַרטשפּעט ביי די עקן צום האָריזאָנט אוז זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער וואַרעמער לופֿט. עס איז געווען מאָדנע - אָבער דאָך - ער האָט זיך געהאַלטן.

דער אַעראָפּלאַן איז געווען אַ מיליטערישער. אפֿשר זענען פּאַראַשוטיסטן פֿון אים געשפּרונגען. אַן אַמעריקאַנער דאַגלאַס. געזעסן איז מען אויף בענק אַרום די ווענט און מיטן איז געלעגן דאָס פּעקל, דאָס רוישן פֿון די פּראָפּעלערס איז געווען דער סימן, אַז דער אַעראָפּלאַן באַוועגט זיך. וואָרעם געדוכט האָט זיך, ער שטייט אויף איין אָרט. צוליבן גערויש האָט מען געקענט רעדן בלויז צו זיך אַליין, און דאָס אויך נישט תמיד.

די זון האָט אַריינגעשיינט דורך די קליינע פֿאַרשטויבטע פֿענצטערלעך און רעגנבויגן-קאָלירטע דינע זיילן שטויב זענען געבליבן הענגען אין דער לופֿטן. אונטן איז געלעגן דער מדבר. ביים ראַנד פֿון האָריזאָנט האָט זיך געזילבערט די אָזיערע, וועלכע מענטשן האָבן פֿאַרגליכן צו אַ ים. דער זילבער האָט געבלענדט. זאַלץ אויף די אויסגעטריקנטע ברעגן.

זי איז געפֿלויגן צו אים. זי האָט אים כמעט ווי נישט געקאָנט. זיי זענען עטלעכע מאָל אַרויס שפּאַצירן. אָט צופֿעליק; שמועסן. איינער איז פֿאַרן צווייטן געווען אַ שטיק עקזאָטיק. ניי.

די עקזאָטיק האָט זיך איבערגעגאָסן אין בריוו ערנסט-שפּאַסיקע מיט אָנדייטונגען. מיט פֿאַרשטעלטע ווּונטשן - ווען עס וואָלט... אַלץ אָן פֿאַרפּליכטונגען. איז די בריוו זענען זיי געווען דרייסטער ווי אין די אָוונטדיקע שפּאַצירן אויפֿן בולוואַר ביים ברעג טייך. זי האָט אים כמעט נישט געקאָנט, אין זין פֿון מאַכן אויספֿירן אויף אַ ווייטער מעטע. די אייביקייט.

נאָך אַלעמען זענען זיי ביידע געווען נישט מער ווי אַ יאָר זיבעצן. אויפֿן ניינצענטן יאָר זענען זיי אַ נאַכט געשלאָפֿן צוזאַמען. זינט דאַן טראָגט זי אין זיך אַן אומעטיקן שולד-געפֿיל. אפֿשר וועט זי אים שוין מער קיינמאָל נישט זען. זי איז זיך אפֿילו מודה, אַז זיין נערוועזער ציטער האָט אויך איר אָנגעשטעקט. די צערטלעכקייט האָבן זיי אויף אַ ווײַלע באַרוישט. זי האָט אים אָפּגעהאַלטן גראָד דעמאָלט ווען ער האָט זיך געוואָלט פֿאַרגעסן; נאָכגיין די אימפּולסן, אָן זיך

אָפּצוגעבן אַ חשבון וועגן דעם - דערנאָך...
ער האָט זי געוואָלט אין גאַנצן פאַר זיך, ווי אַ שטורעם ברעכט אויס - מיטאַמאָל.
די אַלע יאָרן וואָס זי האָט אים נישט געזען, איז דער שולד-געפיל איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן, וועלכן בלויז זי אַליין האָט באַמערקט. דער שאָטן איז געווען די צוים נישט צוצולאָזן די אַלע אָנבאָטן, וואָס זי האָט באַקומען. אַ פּאָר נעמען רופן אַרויס אָנגענעמע דערינערונגען, פון פרײדיקע מאָמענטן. זי שמייכלט צו די זוניקע שטויביקע פּאַסן וועלכע הענגען אינעווייניק, אין אַעראָפּלאַן.
איינער האָט זי אפילו אַריינגעצויגן אין נעץ פון זיינע ראָמאַנטישע איבערלעבונגען. ער האָט אויפגעוועקט אין איר אַ ניי געפיל, וואָס איז געווען אַ צונויפמיש פון סימפּאַטיע, פּראָטעסט און לאָקונג צו עפּעס אומבאַקאַנטס. כאָטש אידעאַלן האָבן זיך געוואַלגערט אויסגעווייקטע אין בלוט איבער די שלאַכט-פעלדער פון אייראָפּע און אַזיע איז אין איר וועזן נאָך אַלץ געווען אַן אָרט פאַר פּאָליטישער ראָמאַנטיק.
ער האָט מיט געדולד פּרובירט אירע סימפּאַטיעס פאַרבינדן מיט זיין פּערזאָן. אַ ווייטער אומרו האָט ערגעץ ווו געקלאַפּט פאַר אים. עס איז פאַר איר געווען ניי. דערפאַר האָט זי פאַר דעם געפיל קיין נאָמען נישט געהאַט, און נישט געוווּסט דעריבער, צי עס איז איר צו עפּעס מחויב. עקזאַמינירן זיך אַליין איז נישט געווען לייכט. איז עס געווען דער מאַן ווי אַ מאַן, אָדער דער מענטש וואָס האָט אין אַ וועלט פון עגאָיִסטישער אייגן-נוציקייט פאַרזוכט דעם טעם פון זיין אַ וויזיאָנער, אַ קרבן פאַר דער ליידנדיקער מענטשהייט און דערפאַר יאָרן פאַרבראַכט צווישן נאַסע, שטיינערנע ווענט. קראַטן. שלעסער. גרילצנדיקער סקריפּ פון מעטאַלענע טירן.
פרעמד פון געפילן פאַר געטלעכקייט, איז יעדער מאַרטירער פאַר איר אַ הייליקער, וועלכן זי איז גרייט געווען צו פאַרגעטערן.
ער איז געווען - ווי יענער - בלאָנד, מיט אַן איידעלן האַלב-שולדיקן שמייכל, וואָס האָט באַדייט אַז אָט-אָט וועט ער זיך פאַר עפּעס אַנטשולדיקן. אין זיינע אויגן האָט זי געזען אַ טיפע, נישט באַפרידיקטע בענקשאַפט; זיין אַנטוישונג צוליב דער אייליקער חופּה. אַצינד איז דאָ אַ פרוי און די נישט באַפרידיקטע בענקשאַפט איז דער ברעג - פון וועלבן ער וויל זיך אָפּרייסן. זי האָט אים פאַרשטאַנען. באַדויערט, אויף אַ רגע אים צוגעדריקט צו איר יונג-מיידלשן בוזעם - ווי דאָס וואָלט געווען געווען ווי אַ באַלזאַם אויסצוהיילן. צייטנווייז איז זי געוואָרן גערירט ביז טרערן. זי האָט געשעפּטשעט ווערטער ווי אַ תפילה צו זיינע פאַרשניטענע יאָרן אין די נאַסע קעלערן, פאַר דער אידיי...
- לאָמיר אַוועק צוזאַמען - האָט ער איבערגעחזרט ביז מיד צו ווערן, זי איז געווען פריי. אַלע זענען זיי דאַן געווען איינזאַם, אין דער פרעמדער שטאָט, אויף אַ פרעמדער ערד. אין יעדער אַנדערער שטאָט וואָלט געווען דאָס אייגענע. קיין וואָרצלען האָבן זיי נישט געהאַט.
זיין שטיל געבעט האָט דורבגעדרונגען אַלע אירע קעמערלעך און זיך דערקליבן צום פּונקט, וואָס רעגט אָן און צעשפּרייט נעפּלען, וועלכע פאַרטונקלען דעם געדאַנק ווי אַן אַנאַסטעטיק, כדי דער שטראָם פון באַשאַפונג זאָל זיך קאָנען צונויפגיסן מיט זיין באַשאַפער. זיין גלעט איבער אירע זיידענע האָר האָבן ווי

פונקען געבריט. דאָס האָט נאָך אַ באַריער אומגעוואָרפן. אַ בענקשאַפט נאָך באַריר - מאַן צו פרוי - איז אויפגעגאַנגען אין זיי. איר אינערלעכער ווידערשטאַנד האָט זיך גענומען קרישלען.

אין אָט דעם אויגנבליק איז אויפגעקומען אין איר יענער שולד-געפיל פאַר דער פרוכטלאָזער נאַכט פון זיין אַנטוישונג. ראַנגלענישן מיט זיך אַליין האָבן איר אויסגעשעפּט. זי האָט געקוקט דורך מענטשן און זיי נישט געזען. וואָכן זענען פאַרביי ביז זי האָט געפונען איר גלייכגעוויכט. נאָך די אַלע איבערלעבונגען האָט ער נאָך אַלץ געזען אין איר אַ סימפּאַטיש מיידל, פול מיט מיידלשער רייץ און דינער צאַרטקייט, וועלכע האָט פאַרוועבט נערוון פון שטאָל. אַזוי האָט ער איר געזאָגט און זיין האָפענונג נישט אויפגעגעבן...

איר האַרטנעקיקער כאַראַקטער האָט געהאַט דעם כוח איינצוהאַלטן די צוימען, פון וועלכע איר אויפגעוואַכטע ווייבלעכקייט האָט זיך געפּרוּווט אַרויסברעכן. ער האָט זי באַוואונדערט און באַדויערט. מען האָט נישט געמאַכט קיין אָנשטרענגונג איר איבערצוצייגן אין דער נייטיקייט פון צוזאַמען-זיין.

ווען זי איז שוין געווען אין גאַנצן רואיק, האָט זי אים איין מאָל געזאָגט: - נאָכגעבן אַן אינערלעכן דראַנג פון אַ כאַפּ טאָן דעם טרוים ווי אַ פויגל טוט אַ כאַפּ אַ וואָרעם און פאַרשווינדט מיט אים, כדי זאַט צו ווערן? - זי האָט אויסגעקליבן דעם טרוים, אָנשטאָט דעם מאַן. צום טרוים האָט זי נישט געדאַרפט קיין שותף.

אַצינד פליט זי צו אים, ווי אַ פּריווילעגירטע, וואָס האָט באַקומען אַ פּלאַץ אין אַן אָפּגענוצטן אַמעריקאַנער אַעראָפּלאַן - ביים סוף פון דער וועלט-שחיטה. נאָך די אַלע יאָרן וואָס זי איז געווען אַזוי זיכער מיט זיך, האָט זי דערפילט ווי עס פאַרגנבעט זיך אַן אומרואיקער אפשר...

האָט זי באַדויערט, וואָס די פליכט האָט באַזיגט דאָס געפיל? סיי ווי - ערגעץ וווּ האָט זיך שוין אַ צווייפל פאַרקליבן.

אַצינד פליט זי צו אים, אָט דעם - וואָס איז תמיד געשטאַנען אין צווישן.

דורכן שמאָלן גראָדעק פון פענצטערל האָט אַ פאַרגייענדיקע זון געגליט אויף די שפּיצן פון בערג, וואָס האָבן מיט זייערע פעלזיקע רוקנס זיך איינגעקאַרבירט אין האָריזאָנט. דער גאָלד-זאַמדיקער מדבר איז גרוי געוואָרן. פון די זילבערנע ברעגן פון דער אָזיערע איז שוין קיין סימן נישט געבליבן. פון דערווייטנס האָבן זיך געצונדן פּייערלעך.

עטלעכע יאָר האָבן זיי געוואַרט אויפן טאָג. אירע פריינד האָבן זי צוגעגרייט צו דעם טאָג, ווי מען גרייט צו אַ מיידל צו איר חופּה-נאַכט. מען פּוצט איר אויס אין ווייסן, מיט בלומען אין די האָר און מיט עצות פון דערפאַרענע, שטיל געגעבן אָנווייזונגען.

אירע פריינד האָבן געוווּסט פון יענער ווינטערדיקער נאַכט, ווען ער האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן - און געבליבן שטיין אויף איר שוועל, דורכמאַרשירנדיק וויאָרסטן דורך נאַכט, שניי און פראָסט. זיך באַוויזן - און געבליבן שטיין, ווי די דרייסטקייט זיינע איז ערגעץ ווו אין פעלד פאַרפרוירן געוואָרן.

אוודאי - זיי האָבן געוווּסט דעם אָנהייב פון יענער נאַכט - אָבער נישט דעם סוף. יאָרן פון צעשיידונג האָבן אפשר פאַרווישט די שפּורן פון דערפאַרונג - און אָפּפרישן זיי האָט געוויס נישט געשאַדט, ספּעציעל ווען מיט אַלע אירע פריינד

האָט זי שוין יאָרן געוווינט צוזאַמען.

ערשט ווען דער אַעראָפּלאַן האָט אָנגעהויבן פליען זיין נאָרמאַלן קורס, און דאָס ערשטע באַוווּנדערונגס-געפיל פון פליען איז פאַרביי - האָט איר טרוים אויפגעלויכטן אויפן עקראַן פון איר וויזיע און אַ געפיל פון ספיקות איז איר באַפאַלן. זי האָט שוין דאַן געהאַט גענוג דערפאַרונג צו וויסן, אַז טרוימען נעמען ווען נישט אין אַן פאָרמען פון מענטשן מיט הענט און פיס און מיט נייגונגען. זי איז שוין דאַן אַלט געווען אַ יאָר פינפאונצוואַנציק. אויף איר וואַנדער-וועג האָט זי געטראָפן גענוג מענטשן און געוווּסט, אַז זיי פאַרמאָגן ליידנשאַפטן נאָך מאַטעריעלע גיטער, אָדער נאָך פרויען - אָדער ביידע צוזאַמען. איינס באַרעכטיקט דאָס צווייטע. מענטשן וואָס זעען בלויז זיך, און ניצן דעם צווייטן פאַר זייער אייגענער באַקוועמלעכקייט.

ווי וועט ער זיך באַנעמען? וואָס איז געשען מיטן יונגן, אַ ביסל נאַאיוון בחור, צו וועלכן זי פליט אַצינד (און אַ ביסל נאַאיוו האָט ער איר תמיד אויסגעזען), וועמען דאָס לעבן האָט דורכגעטרייסלט אויף די שטורמישע וואַסערן פון די פאַרגאַנגענע יאָרן? אַצינד וועלן אירע פריינד נישט זיין מער אַרום איר, און קיינער וועט איר נישט פאָרוואַרפן די פאַרנאַכלעסיקטע יאָרן, ווען זיי האָבן איר אַריינגענומען אין קרייז פון פרויען מיט דערפאַרונגען, וועגן וועלכע מען רעדט נישט צו הויך...

אפילו זיי, וואָלט זי נישט געוואָלט אַנטוישן. און אָט וועט זי זיין אַליין - אויג אויף אויג מיטן בחור, וואָס בענקט נאָך איר און אין זיין לעבן האָט ער זי אַריינגעפּאַסט אויפן אָרט וואָס עס קומט איר - אָן צו קריגן איר הסכמה. עס איז געווען נאַטירלעך, אַז נאָך דעם ווי די סיבה פון זייער צעשיידונג איז באַזייטיקט געוואָרן, זאָלן זיי זיין צוזאַמען.

דער אַעראָפּלאַן האָט זיך געוויגט און וויגנדיק - אַריינגעשניטן אין דער טונקלקייט. - מיטן געפינען דעם מאַן, וועט זי פאַרלירן דעם טרוים - האָבן די רוישנדיקע פּראָפּעלערס איר אונטערגעזאָגט. זי האָט געוואָלט ביידע פאַרהאַלטן. וועט זי עס באַוויזן?

* * *

אין וואַרטע-זאַל פון אַעראָדראָם זענען נישט געווען קיין בלומען און נישט קיין טרערן. ווי אין אַ צויבער-מעשהלע, האָט דער פאַרליבטער פּרינץ געמוזט באַווייזן זיין ליבע דורך דורכדרינגען די שטערונגען, געהיט פון פייערשפּייענדיקע דראַקאָנען, אָדער הונגעריקע חיות, זי האָט נאָך פאַר זיך געהאַט אַ ווייטע און געפערלעכע רייזע, וועלכע זי האָט געמוזט אַליין אונטערנעמען דורכן "הונגעריקן מדבר", ווו אָנשטאָט שאַקאַלן האָבן געבושעוועט פאַווילדעוועטע קריגס-אינוואַלידן.

גייענדיק מיט אָט דעם וועג האָט זי נישט געצווייפלט : איז עס טאַקע נייטיק אָדער כדאי. צו לאַנג האָט געדויערט זייער צעשיידונג און אומקלאָרקייט. אַ וועלט אַ גאַנצע האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די זעלנערישע בגדים און לויטן פּאָרויסזאָגן פון יענעם נביא - זיך אַ נעם געטאָן צום אַקער-אייזן, אויפצואַקערן די רויע ערד צו אַ ניי לעבן. זי האָט באַנומען, אַז דאָס מוז אַנטשיידן ווערן, אַנישט וועלן איר די ספיקות מאַטערן דאָס גאַנצע לעבן.

**דער הונגער נאָך איינאַנדערן פון יאָרן האָט אונטערגעזאָגט, זיי זאָלן אַריינפאַלן איינער דעם צווייטן אין די אָרעמס, און טרערן פון געריִרטקייט זאָלן רינען איבער די באַקן. אָנשטאָט דעם - האָבן זיי זיך ווי קינדער גענומען פאַר די הענט און אַוועק מיטן ראַנד פון טייך שפּאַצירן. דאָ איז אָבער נישט געווען יענער טייך פון זייער אָנהייב מיט די קולטיווירטע, זויבערע בולוואַרן און די גרין-געפאַרבטע בענק. דאָס איז די נאַטור געווען אין איר בראשיתדיקן צושטאַנד, און אַ ווילדער, נישט געצוימטער טייך האָט מיט שוים געשוועקט די שטיינערנע ברעגן. אין ענגן, נידעריקן צימערל, ווו אויסער זיי זענען נאָך אַנדערע געשלאָפן, האָט זי זיך באַפרייט פון שולד-געפיל און פון טרוים.**

**עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגער, שווערער וואַנדער-וועג צוזאַמען - געוויינטלעך - מיט ספיקות און פאַרדרוסן - אָבער אָן חרטה.**

# אַבראַמאָווס דילעמע...

דער לערער אַבראַמאָוו האָט זיך צו זײַנע לעקציעס געגרייט ווי אַ גענעראַל צו אַ שלאַכט. עס איז שווער צו דעפינירן די געפילן פון אַ גענעראַל ערב אַ שלאַכט, פאַר איינעם וואָס איז קיין מאָל קיין זעלנער נישט געווען. און דער לערער אַבראַמאָוו - אַ לערער, אַ גרוילעכער, מיט שווערע אויגן-גלעזער אָנגעזאָטלט אויף אַ ביינערדיק שאַרפער נאָז, האָט מיט זײַן וואַקלענדיקן גאַנג, געבויגענעם רוקן גיכער דערמאָנט זײַן ישיבה-בחורישע אָפּשטאַמונג. פון דעסטוועגן האָט ער געלייגט דווקא אַכט דערויף אַז די באַצייכענונג, אַז ער גרייט זיך צו זײַנע לעקציעס ווי אַ גענעראַל צו אַ שלאַכט, זאָל גענומען ווערן אין פולן ערנסט און דאַרף אַזוי אויך אָפּגעשאַצט ווערן.

ער האָט געהאַט זײַן אייגענעם סיסטעם פון גרייטן זיך צו אַ לעקציע - אַ סיסטעם וועלכן ער האָט אַנטוויקלט במשך פון לאַנגע יאָרן פון זײַן לערערישער דערפאַרונג, דאָס סאַמע וויכטיקסטע אין דעם סיסטעם איז געווען דער גלויבן אין דער פּערפעקטקייט פון דעם דאָזיקן סיסטעם. אַבראַמאָוו איז אַרומגעגאַנגען מיט קורצע טריט איבערן צימער, מחמת דעם באַגרענעצטן שטח, און אויסגעטענהט זיך מיט עמיצן, וואָס איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי ער אַליין. אין מיטן גאַנג איז ער שטיין געבליבן, זיך פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט דערוואַרט אַן ענטפער אויף זײַנע אַרגומענטן, נאָר ווייל זײַן מיטשמועסער האָט נישט געהאַט וואָס אויסצוזעצן קעגן זײַן לאָגיק, האָט אַבראַמאָוו אַ צופרידענער געריבן די הענט און זיך ווידער געלאָזט איבערן צימער מיט קורצע טריט, ווי ער וואָלט געמאַכט אויסגערעכנטע צוגן אויף אַ שאַך-ברעט.

עס איז געווען דער לעצטער סעמעסטער פון לערער סעמינאַר, איידער די אַביטוריענטן וועלן אַרונטערנעמען די קינדער אונטער זייער גייסטיקע פליגל. אַבראַמאָוו איז שטיין געבליבן, אַ שמייכל געטאָן פון דעם פּאָעטישן אויסדרוק און באַשלאָסן למען השם נישט פאַרגעסן אַרײַנצונעמען אים אין זײַן שלוס-וואָרט צו די אַביטוריענטן.

אים איז געגאַנגען אין באַגרינדן געוויסע ליטעראַרישע ניואַנסן, אויף וועלכע ער האָט זיך פריער נישט אָגעטראָפן און וועלכע האָבן זיך נישט געוואָלט אַרײַנפּאַסן אין זײַן סיסטעם וועלכן ער האָט געהאַלטן פאַר אומבאַדינגט נייטיק צו באַצייכענען: אַנאַליטישער סיסטעם. מחמת דער לערער אַבראַמאָוו האָט נישט פאַרטראָגן קיין אַבסטראַקציעס, ליטעראַטור איז פאַר אים געווען אַ גראָדליניקער

וועג, אין וועלכן ער איז געגאַנגען מיט דער פולער זיכערקייט פון איינעם, וואָס וועט אפילו מיט פאַרמאַכטע אויגן פון אָט דעם וועג נישט אָפּווייכן. חורבן-ליטעראַטור אָבער האָט פאַרלאַנגט אַן אַנדער צוגאַנג, וואָס זאָל זיך נישט בלויז באַזירן אויפן עמאָציאָנעלן, נאָר זאָל זיך לאָזן איינשפּאַנען אין אַ וויסנשאַפטלעכער רעם. עס האָט אים פאַרדראָסן אויף די קריטיקער, וואָס האָבן נאָך יאָרן אָפּשאַצן, גאָרנישט באַגרינדעט; נישט געשאַפן קיין קאָנצעפּציע לויט וועלכער דער לערער זאָל זיך קאָנען ריכטן; וואָס זאָל אים העלפן זיך פאַנאַנדערקלייבן. אים איז נייטיק געווען אַ פעסטע באַזע אויף וועלכער מען זאָל קענען אויפבויען אַ ליטעראַרישן וועג-ווייזער.

ווי זיין שטייגער, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

- וויפל דימענסיעס האָט חורבן-ליטעראַטור? - און זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן צימער, וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער. נאָר ווער האָט אים געזאָלט ענטפערן? ער האָט עס געוווּסט און דעריבער גלייך צוגעגעבן: - עס איז אַ ליטעראַטור וואָס האָט צוויי דימענסיעס: אַ נעכטן און אַ היינט. עס איז אַ ליטעראַטור אין וועלכער מען ווייסט פון פאָרויס, אַז ס'איז אָן אַ מאָרגן. אַ ליטעראַטור וועלכע ענדיקט זיך אין אַ טופיק...

אַבראַמאָוו האָט זיך פאַרטראַכט. פון אָט דעם געדאַנק איז אים עפּעס געוואָרן קאַלאַמוטנע אויף דער נשמה. ער איז תמיד געווען ענטוזיאַסטיש וועגן ביכער אָדער שרייבער, וועלכע ס'איז אים אויסגעקומען צו רעקאָמענדירן צו זיינע שילער. ער האָט געקאָנט אינספּירירן, אָנוואַרעמען און אָנשטעקן די שילער מיט נייגיר און פאַרבינדן זיי מיט דער ליטעראַטור אויף שטענדיק.

קאָן מען זיין ענטוזיאַסטיש וועגן חורבן-ליטעראַטור? קען גאָר זיין אַ רייד וועגן שיינקייט? קען מען באַהויפטן - דאָס איז אַ טאַלאַנטפול געשריבן בוך, און דאָס אַנדערע - איז פיל, פיל שוואַכער?

די דאָזיקע געדאַנקען זענען ווי מוראַשקעס געקראָכן דורכן מוח, און ער האָט געפילט דעם גראַבל פון די דינע פיסלעך: דעם צוויק פון זייערע מויל-צווענגלעך. ס'איז אים אויסגעקומען: ער פאַלמעסט אַ הייליקייט...

- איז וויסנשאַפט אומברחמנותדיק געפיללאָז?

דאָס האָט דער מענטש אין אים זיך געבונטעוועט קעגן לערער.

אין זיין סיסטעם איז געווען אַן אַקסיאָמע, וואָס האָט ווי אַ רויט אַלאַרם-לעמפּל געוואָרנט; אַ לערער מעג צווייפלען אין דער היים. ער מעג האָבן קאָנפליקטן מיט זיך, זיין געוויסן, זיינע רגילותן. אַ לערער אין קלאַס אָבער מוז זיין זיכער ביי זיך: גראָדליניק, אויסגעשפּראָכן, קאַלט-בלוטיק - אויטאָריטאַטיוו. די צעקראָכנקייט מאַכט אַ תל פון זיין רעפּוטאַציע.

דער לערער אין אַבראַמאָוון האָט נישט געלאָזן דעם לייענער אַבראַמאָוו צו האָבן פאַרגעניגן פון דער ליטעראַטור וועלכע איז אים געווען צום האַרצן. די פראַגע איז געוואָרן פאַר אים אַ באַרג, וועלכן מען קאָן נישט אויסמיידן און מען מוז אַריבערקלעטערן, ווייל קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ. דער באַרג רעכנט זיך נישט מיט דעם וואָס אַבראַמאָוו איז שוין אַ מענטש אין די יאָרן און קיין דערפאַרונג אין בערג-קלעטעריי האָט ער נישט. דער בלוט-דרוק דערלויבט אים אפשר גאָר נישט אַזאַ מין פאַרמעסט. דער באַרג אָבער שטייט אין וועג און לאָזט

זיך נישט אויסמיידן און צוריקגיין קען מען אויך נישט.

דער לערער וואָס איז תמיד געווויינט צו גראַדן ביכער, שטעלן די שטאַרקע קעגן די שוואַכערע, געבן די שילער אַ מעגלעכקייט צו איבן זיך אין דערפּאַרונג און האָבן סאַטיספאַקציע פון מאַכן אייגענע גראַדאַציעס - ווי אַ סימן פון זייער קענטשאַפט, האָט נישט געקאָנט ביי זיך פועלן אָנצוווענדן דעם אייגענעם מעטאָד אויף ביכער, וואָס דערציילן וועגן חורבן. - קאָן מען גראַדירן דעם חורבן? איז מעגלעך צו געבן אפילו ליטעראַריש אַן אָרנאַמענטאַל-געבלימלטע באַצייכענונג פון די צום טויט-פאַרמשפטע?

אַבראַמאָוו האָט פּרובירט רעזומירן:

- אָן אונטערשיד פון וואַנען דער שרייבער נעמט שילדערן דעם מענטש, אפילו פון וויג, אָדער גאָר נאָך פריער; אָן אונטערשיד וויפיל טאַלאַנט דער שרייבער פאַרווענדט ביים שילדערן דעם לעבנס-שפּאַן, קען ער נישט אויסמיידן דעם טראַגישן ענד-פונקט: טויט. אַן ענד-פונקט וועלכער איז אומאָפּהענגיק פון שרייבער און צו וועלכן זיין ווערק איז פאַרנאָפּלט פון ערשטן בוכשטאַב אָן. די ליטעראַרישע אומוועגן האָבן נישט קיין שליטה אויפן גורל פון די העלדן, פונקט ווי די יידן האָבן נישט געהאַט קיין שליטה איבער זייער גורל.

- דעריבער ?

די דאָזיקע פראַגע האָט דער לערער געוווסט, וועט סוף כל סוף אַרויסדרינגען פון דעם לאָגישן אַרגומענט, מיט וועלכן ער האָט געפאָכעט ווי מיט אַ שווערד. און ווייל אַבראַמאָוו איז נישט געווען קיין גאָר געניטער פעכטער, האָט ער זיך אַליין פאַרוווּנדעט און ס'האָט אים ווי געטאָן. זיין אייגענע לאָגיק, פון וועלכער ער האָט געהאַלטן אַ וועלט, האָט געאַרבעט קעגן אים.

אַבראַמאָווס בליק, אַ פאַרנעפּלטער, אַ פרעגנדיקער, האָט געוואַנדערט איבער די פאַכן מיט ביכער וואָס האָבן פאַרנומען די ווענט פון זיין צימער. כאָטש ער האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז דעם ענטפער אויף זיינע מאַטערנישן קאָן ער געפינען בלויז אין זיך גופא. איז דאָס אינסטינקטיווע זוכן אַן אָנשפּאַר, אַ באַזע פון וועלכער ער זאָל קאָנען געדאַנקלעך אָפּעריִרן, געווען אַ מיטל צו געווינען צייט.

- דער טאַלאַנט פון אַ שרייבער דריקט זיך אויס אין קאָנען אַוועקשטעלן אַ פּראָבלעם און פאַרענטפערן איִם. נישט תמיד געלינגט עס אים. אָבער די קינסטלערישע מיטלען ווי שפּראַך און געבוי פון סוזשעט זענען די באַזע פון מעסטן דעם שרייבערס טאַלאַנט. אפילו ווען דער פּראָבלעם ווערט נישט געלייזט, ווערן מיר אָבער פאַרכאַפּט מיטן שרייבערס קינסטלערישער אויסווירקונג, זיין פאַרמעסט. די עסטעטיק פון אַ שרייבער רירט זיך אָן מיט די עסטעטישע געפילן פון לייענער.

- קאָן מען שילדערן חורבן עסטעטיש? דער שרייבער וועגן חורבן האָט פאַר זיך אַ פאַרטיקן סוזשעט וועלכן ער קאָן נישט ענדערן. ער קאָן אים בלויז נאָכפאָלגן. דעריבער איז אייגנטלעך חורבן-ליטעראַטור - די כראָניק פון חורבן.

און נאָך איין פראַגע:

- וויל דער שרייבער אונדז איבערגעבן די גרוילן פון ערב אומקום, פון חורבן, פון מאַרטיראָלאָגיע ווי אַ דאָקומענט פאַר דער אייביקייט, ווי אַ באַשולדיקונגס אַקט - אָדער - וויל דער שרייבער אונדז איבערראַשן מיט דער בילדערישקייט פון זיין

שפּראַך, מיט אויסשטעלן אין פאָדערגרונט זיין טאַלאַנט? ווי זאָל דאַן דער לייענער רעאַגירן: ווערן גייסטיק צעבראָכן פון די גרוילן, אָדער האָבן עסטעטישן פאַרגעניגן פון דער קינסטלערישער שילדערונג?

אַבראַמאָװ האָט דעפּילט אַז דעם פּאַראַדאָקס װעלכן ער האָט נאָר װאָס באַשאַפן, איז אויסער יעדער גרענעץ פון לאָגיק. און אפשר פאַרמאָגט אַ פּאַראַדאָקס זיין אייגענע לאָגיק?

אָבער איין מאָל זיך פאַרהעקלט אין דער פראַגע, האָט דער געדאַנק נישט אָפּגעלאָזט: - װערט דער חורבן טראַגישער, חורבנדיקער אויב מען װענדט אָן מער אילומינירנדיקן קונסט-שטאָף? קאָן מען זיך אויסדריקן: ווי וווּנדערלעך שיין דער שרייבער האָט געשילדערט דעם חרבן? אָדער דעם וועג צום אומקום? ווייל דאָס מיינט - געטאָ, לאַגער, אויב נישט סטאַציעס דורך וועלכע עס איז געלאָפן דער צוג פון טויט? און אויב מען צירט דעם צוג אויס מיט בלומען, מיט פענער און מוזיק פון שיינע אַפאָריזמען און מעטאַפאָרן - פאַרלירט דער אומקום זיין טראַגישקייט?

אַבראַמאָװ האָט געוואַנדערט אין דזשונגל פון געדאַנק, זיך פאַרפּלאָנטערט, און וואָס טיפער ער איז אין אים אַריין, אַלץ געדיכטער איז דער דזשונגל געוואָרן. דער קאָמפּאַס, אויף וועלכן ער האָט זיך אַ גאַנץ לעבן פאַרלאָזן, האָט מיט אַ מאָל זיך אָפּגעזאָגט אים צו פירן. עס האָט אויסגעזען, אַז ער וועט מוזן קאַפּיטולירן. ער איז אין זיין פאַרצווייפלונג גרייט געווען עס צו טאָן - ער האָט אָבער נישט געוווּסט פאַר וועמען און צוליב וואָס דאַרף ער עס טאָן. זיין טראָט איבערן צימער איז געוואָרן האַסטיקער. סיאיז אויסגעקומען אַז ער לויפט אַנטקעגן עפּעס, און מיט אַ מאָל האָט זיך געדוכט אַז ער אַנטלויפט פון עפּעס, ער האָט געוואָלט אַנטלויפן פון זיך, פון זיינע געדאַנקען וועלכע האָבן אים פאַרפּאָלגט. פון דעם סיסטעם וועלכן ער האָט פערפעקציאָנירט דאָס גאַנצע לעבן און אין סאַמע נייטיקן מאָמענט האָט דער אַנאַליטישער מעכאַניזם זיך צוזאַמענגעבראָכן. לאָגיק און געפיל האָבן נישט געקאָנט צוזאַמענווינען.

דער לערער אַבראַמאָװ האָט נישט געוואָלט רעזיגנירן, ער האָט נישט געקאָנט רעזיגנירן פון געפינען אַ דערקלערונג. רעזיגנירן מיינט שטעלן אונטער אַ פראַגעצייכן זיין יאָרן-לאַנגע פראַקטיק ווי אַ לערער...

לאָמיר פרובירן פאַנאַנדערקלייבן דעם ענין נישט פאַר אַ מאָל און קאָמפּלעט. אפשר פרובירן שטופנווייז, ווי אַ מאַטעמאַטישע אויפגאַבע, אָדער ווי מען בויט אַ בנין: ערשטער שטאָק, צווייטער שטאָק, ציגל, בעטאָן, ראַמען - פענסטער און טירן - שטופנווייז...

און מיט אַ מאָל איז אים קלאָר געוואָרן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט, ווי אַ בליץ-לאָמפּ וואָלט זיך אָנגעצונדן אין לאַבירינט פון זיין געדאַנק:

- ער וועט קיין מאָל נישט געפינען די דעפיניציע פאַר חורבן-ליטעראַטור, ביז ער וועט ביי זיך נישט באַשליסן מיט וועלכער וואָג זיך צו באַנוצן: די מאָס פון געפיל, אָדער די מאָס פון לאָגיק...

דער לערער אַבראַמאָװ האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט. ערגעץ-ווו האָט זיך גענומען אויספּיקן אַ האָפענונג, אָט ווי אַ הינדעלע נעמט זיך אויספּיקן פון אַן איי, מיט שוואַכע כוחות, אַז אַ מעגלעכקייט איז דאָך פאַראַן...

# דער אַריסטאָקראַט פון ברעסלאַו...

אויב איך האָב ווען עס איז געקאָנט אַן אַריסטאָקראַט - אָדער איינעם, וואָס איז געווען ענלעך אויף אַזאַ, ווערדליך מיין פאָרשטעלונג - איז עס געווען סאַשע גאָלדבערג. אַ הויכער, הויט-און-ביינערדיקער פאַרשוין. פון צווישן די זילבערנע האָר האָט געוויזן אַדורכקוקן דער צוקונפטיקער פליך. געטראָגן האָט ער שוואַרצע הויזן מיט דינע, ווייסע שטרייפן; אַ מאָנאָקל אין אויג, וואָס האָט זיך געבאָמבלט אויף אַ דין שטריקל, וואָס איז אפשר געווען באַזילבערט, און אין האַנט אַ שפּאַציר שטעקן מיט אַ זילבערן הענטל-קויל ווי אַ באַלעם. און גערופן האָט מען עס - אַ גאַלקע, און געקומען איז ער טאַקע פון דייטשלאַנד. זאָל עס זיין ברעסלאַו? קיינער האָט ווייזט אויס זיך נישט באַמיט צו פאַרצייכענען זיין ביאָגראַפיע. אַלץ וואָס עס איז פון סאַשע גאָלדבערג געבליבן פאַרהעקלט ערגעץ ווו אין מיין זכרון, איז דער מענטש וועלכער איז געגאַנגען גלייך אויסגעצויגן און גערופן האָט מען אים: דער "אַפּאָלאַק". ווערדליך די גוזמאות וואָס ער האָט דערציילט פון זיין לעבן אין דייטשלאַנד, זיינע אויפטוען, האָט מען פשוט געזאָגט, אַז ער איז אַ פאַנטאַזיאָר, און די וועלכע האָבן זיך נישט צערעמאָניעט מיט איידעלע אויסדרוקן, האָבן פשוט געזאָגט, אַז דאָס זענען נישט מער ווי ליגנס.

דעם אמתן אַריסטאָקראַט פון ברעסלאו האָב איך באגעגנט יאָרן שפּעטער.

- אים האָט אַלץ געפעלט, וואָס סאַשע גאָלדבערג האָט פאַרמאָגט. זיינע האָר האָבן שוין לחלוטן געפעלט. בלויז אַ שמאָל וואָנסעלע וואָס האָט זיך געזילבערט און איז געווען פאַרגעלט פון ניקאָטין, האָט זיך נערוועז באַוועגט צווישן זיין אויבערשטער ליפּ און דער נאָז. אויב סאַשע גאָלדבערגן האָט מען גערופן: דער יעקע, און ער האָט טאַקע גערעדט אַ יעקישן יידיש - אַ ברירה האָט ער געהאַט - האָט הערמאַן אָפּענהיים געקאָנט בלויז עטלעכע ווערטער - ווי ער האָט זיך מודה געווען - אַז ער האָט זיי געכאַפּט אויף עקלאַנד סטריט, ווו ער האָט געהאַט דאָס געשעפט פון שפּילצייג און וועלכעס ער האָט אָנגערופן נישט אַנדערש ווי - ווערהאַוז. און אַז עמעצער האָט אַ זאָג געטאָן: אין דעם שאָפּ פון שפּילצייג - האָט הערמאַן אָפּענהיים אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ בליק, וואָס איז פול געווען מיט רציחה - איין ווערעהאַוז און נישט קיין שאָפּקע... בלויז ווען ער איז געווען אויפגעלייגט, האָט ער זיך דערלויבט צו ריידן די עטלעכע יידישע ווערטער וועלכע ער האָט אויפגעכאַפּט, אַזוי האָט ער געזאָגט - ווייל זיין גאָטזעליקער גראָספּאַטער האָט יאָ אַמאָל גערעדט יידיש, אָבער ער האָט עס שוין לאַנג פאַרגעסן.

צו הערמאַן אָפּענהיים האָט מען געמוזט רעדן בלויז ענגליש - כדי אים נישט

אַריינברענגען אין גרימצאָרן. ענגליש איז טאַקע נישט געווען זיין מוטער-שפּראַך, אָבער צוליב זיין אָריסטאָקראַטישן מאַניער און פירונג, האָט ער יעדן וואָס האָט געוואָלט מיט אים אַ שמועס טאָן, אַזוי היימישלעך, אָן געמאַכטער אויפגעבלאָזנקייט, האָט ער קורץ אַ זאָג געטאָן: - רעד צו מיר ענגליש ... אפילו די, וועלכע האָבן נאָך געדענקט הערמאַן אָפּענהיים פון די עמיגראַנטן יאָרן און מען האָט מיט אים זיך פאַרשטענדיקט אין אַן אַנדער שפּראַך, אפילו יידיש - האָבן מיטאַמאָל באַקומען דרך ארץ פאַר אים. זיי געדענקען, אַז אויף דער שיף, ווו ער איז געפאָרן ערשטע קלאַס פון יוראָפּ, איז ער אָפּט געזעסן ביים קאַפּיטאַנס טיש, אויסגעפּוצט אין שוואַרצן, מיט אַ שוואַרץ מושקעלע און אַ ווייס אָנגעקראָכמאַליעט העמד. און כדי בילדלעך איבערגעבן ווי אַזוי ער האָט אויסגעזען, האָט דער דערציילער צוגעגעבן: - כאָטש לייג אים אַריין אין אַ טרומנע ... צו די קינדער - יאָ, הערמאַן אָפּענהיים האָט מיטגעבראַכט פון ברעסלאַו אַ פרוי מיט קינדער, דערצויגן דורך אַ דייטשער באָנע, און זיי האָבן שוין געוווּסט זיך נישט צו חברן מיט די טומלדיקע און נישט תּמיד אויסגעצוואָגענע קינדער פון די "אָסט יודען".

כאָטש דייטשע יידן האָבן אַ סך מאָל אַרויסגעוויזן געפיל פאַר זייערע גלויבנס-גענאָסן און האָבן זיי אפילו אַריינגענומען אין די קולטוס-געמיינדעס אין די דייטשע שטעט, האָבן אויך אין אויסטראַליע זיך אָנגעהערט מיט זיי צו אַ קאָנגרעגיישן. אָבער הערמאַן אָפּענהיים איז קיינמאָל נישט איבערגעטראָטן די שוועל פון אַ סינאַגאָגע, און זיינע קינדער האָבן בלויז געוווּסט אַז זיי זענען יידן, ווייל מ'האָט זיי פון צייט צו צייט גערופן אין שולע: - 'בליאַדי דזשוס'...

אָבער אינדערהיים האָבן זיי עס קיינמאָל נישט איבערגערעדט, נישט וועלנדיק צו דערצאָרענען דעם פּאַפּאַ.

כדי צוצוגעבן וואָג זיין אַריסטאָקראַטישן סטאַטוט וועלכן ער האָט זאָרגפעליק גענומען אויפבויען אין אויסטראַליע, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין אַן עקסקלוסיוון קלוב, ווו נישט אַלעמען נעמט מען אָן, און כדי צו ווערן אַ מיטגליד מוז מען וואַרטן יאָרן - אַזוי האָט ער געדולדיק אויפגעקלערט די, וועלכע האָבן דווקא אַרייַנגעשטעקט די נאָז צו דערגיין די קאָמבינאַציע, ווי אַזוי הערמאַן אָפּענהיים האָט זיך דערשלאָגן צו ווערן אָנגענומען. און טאָמער האָט עמעצער געצווייפלט - אַ, עט - אָט זאָגט ער - האָט ער יענעם געוויזן זיין אייגענע אידענטיטעט קאַרטע וועלכע מען שטעקט אַריין אין טיר, און די טיר מאַכט זיך אויטאָמאַטיש אויף...

אַז עס איז געקומען צו רייד וועגן עקסקלוסיוון קלוב, האָט זיך אין הערמאַן אָפּענהיים אַלץ צעשמייכלט, און ער איז נישט מיד געוואָרן איבערצוגעבן פּרטים: - קודם מוז עמעצער דיך רעקאָמענדירן - און דאָס האָט געטאָן מיין שכן און פריינד דער געוועזענער אַדמיראַל. דאַן קריגסטו אַ ספּעציעלע קאַרטע - אַ מאַגנעטישע קאַרטע - האָט ער ווידער אַרויסגענומען פון טאַש אַ בלוי פּלאַסטיק בלעטל - וואָס עפנט די טיר פון קלוב. און דאַן - האָט ער געהיימניספול אַ שמייכל געטאָן.

קוקנדיק אויפן בלעטל, איז זיין פּרעסטיזש נאָך מער געוואַקסן אין די אויגן פון די סוחרים אויף עקלאַנד סטריט.

ווייזט אויס, אַז די עקלאַנד סטריט האָט אים אויסגעזען צופיל יידישלעך, אָדער די יידן פון דער עקלאַנד גאַס האָבן נישט אַרויסגעוויזן דעם געהעריקן רעספּעקט ווי אים האָט זיך געדוכט, אַז עס קומט אים, ווייל זיי האָבן תּמיד פאַרגעסן זיין אָנזאָג

און גערעדט צו אים יידיש - ווי די מעשה זאָל נישט זיין - אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן עטלעכע לאַסט-וועגענער אַרויסגעפירט אָנגעפאַקטע קאַסטנס.

- וווּאַהין, מיסטער אָפּענהיים? האָבן מער דרייסטע געפרעגט הערמאַנען. און כאָטש ער איז געווען שטאַרק פאַרנומען, האָט ער די יידן געלאָזט וויסן, נישט אַרויסנעמענדיק דעם ציגאַרעט פון מויל, און געלאָזן דעם רויך די פרעגער אין פנים אריין: - אַ גרויס ווערהאַוז אין דער סיטי... איך בין דאָך אַן אימפּאָרטער ...

אין דעם נייעם ווערהאַוז איז הערמאַן אָפּענהיים געזעסן ביים ברייטן ביוראָ טיש, אויסגעפוצט, ווי ער וואָלט געזעסן ביים קאַפּיטאַנס טיש. כאָטש דער צימער,איז פול געווען מיט קעסטלעך פון מוסטערן, האָט ער דעם צימער גערופן נישט אַנדערש ווי קאַבינעט. און כאָטש די טיר איז געווען האַלב אָפן, כדי ער זאָל קאָנען האַלטן אַן אויג אויף די מיידלעך אין ביוראָ, האָט ער זיי אַרויסגערופן צו זיך דורכן אינטערקאָם, און נישט פאַרפעלט צוצוגעבן, אַז דאָס וויל ער זיי זען אין זיין קאַבינעט. מיט הערמאַן אָפּענהיים האָב איך זיך באַקענט צופעליק. פשוט - אין די מיטל פופציקער יאָרן איז נישט געווען קיין צו פיל אַרבעט. און דאָ באַווייזט זיך אַן אַנאָנס אין צייטונג, אַז מען זוכט אַ מענטש וואָס קאָן פירן אַן אויטאָ און מיטהעלפן אין מאַגאַזין. לויט מיין ענגליש האָט ער פאַרשטאַנען, אַז איך בין אַן אויסלענדער. און ווייל ער האָט מיך נישט געפרעגט ווער איך בין און פונוואַנען איך קום - בין איך נישט געווען מחויב אים צו זאָגן.

צו ערשט בין איך זעלטן אַריין אין ביוראָ, ווו עס האָבן געאַרבעט צוויי אָדער דריי מיידלעך. נישט מיין עסיק. אַלע באַשטעלונגען האָט מען אַריינגעשיקט אין מאַגאַזין. פון דאָרט, האָב איך עס צעפירט איבער דער שטאָט.

אָבער ביסלעכווייז האָט זיך גענומען מערקן, אַז אַלע דריי מיידלעך זענען פול-בוזעמדיקע, און אַז הערמאַן שטייט אָפט איבער זיי, פון צווייטן זייט טיש און קוקט אַרונטער ווי זיי שרייבן, אָדער רעכענען, און זיינע אויגן ווערן גרעסער, אַרויסגעשטאַרצט - ווי זיי וואָלטן זיך געגרייט אַרויסצושפּרינגען. צווישן זיינע ליפּן האָט דער ציגאַרעט נערוועז געציטערט. ערשט, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל באַגעגנט זיין פרוי טאַקע אין קאַבינעט, אַ שלאַנקע מיט אַ סימפּאַטישן, פריינדלעכן שמייכל און מיט אַ פלאַכער ברוסט ווי ביי אַ יינגל - איז מיר איינגעפאַלן, אַז דאָס איז דער דעפיציט פון וועלכן הערמאַן אָפּענהיים ליידט...

דערווייל זענען די קינדער אונטערגעוואַקסן. געקומען אין היימען פון שול-חברים פון עלטערן, וואָס האָבן מיטגעמאַכט די קאַצעטן. איז געווען נאַטירלעך, אַ זיי זאָלן נעמען פרעגן:

- ווו זענען טאַטע-מאַמע געווען אין קריג? ווי האָבן זיי איבערגעלעבט? אַז די עלטערן זענען יידן - דאָס האָט מען פאַרשפּאָרט צו פרעגן.

קינדער - שוין אונטערגעוואַקסענע - האָבן זיך געפילט נישט באַקוועם פון אָט די פראַגעס, אָבער זיי האָבן זיך פשוט מודה געווען: - מיר ווייסן נישט, קיינמאָל נישט

ווי הערמאַן אָפּענהיים איז נישט געווען פאַרנומען מיט זיינע געשעפטן, מיט רייזעס קיין אויסלאַנד צוליב זיינע מסחרים, האָט ער דאָך געפונען צייט צו איבערגעבן זיינע קינדער די פילאָסאָפיע פון לעבן, פון דעם וואָס עס מיינט תכלית:

- געלט... דאָס ברענגט נישט נאָר באַקוועמלעכקייטן, נאָר אויך אָנזען,

רעספּעקט. אַ גוטער נאָמען איז גוט פֿאַר קרעדיט. דערביי האָט ער די קינדער דערציילט ווי אַזוי ער האָט אָנגעהויבן זיינע געשעפֿטן אין ברעסלאַו נאָכן קריג. - יאָ, אָבער ווּ ביסטו געווען אין דער מלחמה, ווען די נאַצים האָבן פֿאַרפֿאָלגט יידן? צוערשט האָט הערמאַן אָפּענהיים אויפגעמאַכט אַ פֿאָר פֿאַרוואונדערטע אויגן, אפשר נישט אַזעלכע גרויסע ווי די, ווען ער האָט אַרונטערגעקוקט אין די מיידלשע בוזעמס אַריין, און עס איז שווער געווען צו וויסן, וואָס זיין בליק מיינט. אין זיי האָט מען געקאָנט באַמערקן דעם פֿראַגע צייכן, ווי עס קומט צו זיינע קינדער אַזעלכע מאָדנע פֿראַגן. צו וואָס דאַרפֿן זיי וויסן פֿון יענע ביטערע טעג, ווען ער איז געווען נישט מער ווי אַ נומער אין אַ געשטרייפֿטן אַנצוג...

- אַז מען פֿרעגט אייך, דאַרפֿט איר זאָגן דאָס וואָס איר ווייסט: מיר זענען געבוירן אין ברעסלאַו, עכטע דייטשע יידן, ווי עס שטייט אין מיין געבורטס-שיין, דעטס אָל - האָט ער פֿאַרענדיקט, נישט איבערלאָזנדיק קיין אָרט פֿאַר מער פֿראַגן.

די פֿאַרגאַנגענע יאָרן האָבן אים פֿאָרט געמאַטערט. זיינע איבערלעבונגען פֿון אַ קאַצעטלער וואָס מוז ציען די "מיצע" פֿאַר יעדן אויסוואורף; פֿאַרשפּאַרט אין אַ באַראַק מיט אַ לאַטרינע וואָס איז בלויז אַ ברעט איבער אַ טיפֿן גרוב - ער - הערמאַן אָפּענהיים, דער אָנגעזעענער סוחר וואָס חברט זיך מיט אַדמיראַלן - ווי קאָן ער עס דערציילן זיינע קינדער, זיי וועלן דאָך פֿאַרלירן יעדע ביסל אָנזען פֿאַר אים, און זיין אַריסטאָקראַטישע פֿירונג וועט נעמען אויסזען ווי אַ חוזק אין זייערע אויגן. ניין. הערמאַן אָפּענהיים וועט גאָרנישט דערציילן פֿון דאָרטן, און באַלד האָט ער פֿאַר זיך אַליין געפֿונען נאָך אַ באַרעכטיקונג: ער וועט פֿאַרהיטן זיינע קינדער פֿון קאָשמאַרן... און אַזוי האָט ער שטרענג אָנגעזאָגט זיין פֿרוי: - נישט דערמאָנען יענע צייטן אין דער אָנוועזנהייט פֿון די קינדער.

אָבער קינדער - בלייבן קינדער. זענען זיי; ביי חברים איז דאָ אַ פֿעטער, אַ מומע וועלכע מען טרעפֿט אָפֿט. זיי האָבן קוזינען און מען באַגעגנט זיך מיט זיי ביי אַ פּאַרטיע. - האָבן מיר גאָרנישט קיין קרובים האָבן זיי געפֿרעגט דער מאַמען. ביי אַנדערע זענען דאָ פֿעטערס, מומעס, מען פֿראַוועט אַ יום טוב.

אָנשטאָט דער מאַמען - האָט הערמאַן געענטפֿערט.

- פֿאַרגעסט וועגן דעם. לאָמיר אָנגיין מיט די ביזנעס. און הערמאַן האָט גענומען אויסלייגן, ווי אַזוי ער האָט געשמועסט מיט פֿאַבריקאַנטן פֿון שפּילצייג אין שטוטגאַרט, אין מילאַן באַוויזן זיין געניטקייט...

- זיי האָבן אַלע צו מיר אַרויפֿגעקוקט, ווייל זיי האָבן פֿאַר זיך געזען אַ ביזנעסמאַן אַן עכטן אַריסטאָקראַט, נאָר עפּעס האָט ער דערפֿילט, אַז ס'איז נישט דאָס פֿאַסיקע אָרט.

ביזנעס האָט ביי הערמאָן אָפּענהיים געהייסן נישט בלויז דערציילן פֿון זיינע דערפֿאָלגרייכע געשעפֿטן, נאָר אויך ווי אַזוי ער האָט זיך פּאַוואָליע אַרויפֿגעאַרבעט, ווי אַזוי מען טאָר קיינעם נישט געטרויען - כדי די קינדער זאָלן עס גוט פֿאַרגעדענקען. אומעטום לויערן אויגן - האָט ער זיי אָנגעזאָגט - אַלע ווילן אָפּנאַרן; מען מוז קוקן אַלעמען אויף די הענט. אפילו די מענטשן וואָס אַרבעטן אין זיין ווערהאַוז, כאָטש ער קאָן זיי שוין לאַנג.

- מען קאָן קיינמאָל נישט וויסן. די קינאה צום באַלעבאָס איז תמיד אַ באַרעכטיקונג עפּעס צוצולקכענען.

מאַכט זיך, אַז קומענדיק פון אוניווערסיטעט האָבן די קינדער מיטגעבראַכט צום מיטאָג; אָפּקלאַנגען פון פּאָליטישע געשעענישן; סקאַנדאַלן. זיי האָבן געגומען דיסקוטירן די לינקע שטעלונג, די רעכט צו פּאַרטיידיקן און אָפּוואַרפן מיינונגען. פאַררופן זיך, וואָס צייטונגען שרייבן... דאַן איז הערמאַן אַרויס פון די כלים, זיין אויפרעגונג האָט זיך נישט געלאָזט צוימען. ער האָט אַוועקגעלייגט דאָס עסן, וועלכעס ער האָט געשלונגען מיט אַפּעטיט און גענומען שרייען:

סטאָפּ! לאָזט צורו די פּאָליטיק! אַלע פּאָליטישנס זענען גנבים. זוכן מען זאָל צאָלן וואָס מער שטייערן, זיי זאָלן קאָנען וואָס מער געניסן - און וויסן דאַרפט איר - שטייערן דאַרף מען זיך באַמיען צו צאָלן וואָס וויניקער - זיי זאָלן האָבן ווינציקער צו גנבענען. הערמאַן אָפּענהיים האָט יעדן איינעם פאַרדעכטיקט, אַז ער וויל עפּעס אַרויסקריגן פון אים, אפילו אַזאַ איינער וואָס האָט זיך נישט געמישט אין פּאָליטיק, נישט גערעדט וועגן ביזנעס, נאָר בלויז צוליב פשוטער מענטשלעכקייט גערעדט צו אים אַ פּאָר וואַרעמע ווערטער, פאַרבעטן צו שפּילן אַ קערטל, טרינקען אַ גלעזל קאַווע. פאַר זיי האָט ער תמיד געהאַט איין ענטפער:

- איך באַדויער... ביזנעס בעפאָר פּלעזשער...

דער "דאָרטן" האָט זיך פאַרפעסטיקט אין זיין פּסיכאָלאָגיע; דיקטירט זיין טראַכטן. "דאָרטן" איז יעדער געווען פאַר זיך. געהיט דאָס אייגענע לעבן צו ראַטעווען. פאַרדעכטיקט יעדן וואָס וויל אים אַרויסשטופּן פאָרויס בשעת אַ סעלעקציע, כדי אַליין זיך פאַרשטעקן הינטער אים, און בלייבן לעבן. דאָרט זענען די אָנשטענדיקסטע מענטשן געוואָרן פאַרדאָרבן. אַה, הערמאַן האָט זיי געקאָנט. איז ער דאָך געווען איינער פון זיי. פון דאָרט אויס - זעט ער דאָס לעבן, ווען ער פּרובירט אָנטאָן אַ שוואַרצן אַנצוג, אַ ווייס געקראָכמאַליעט העמד און אַ שוואַרץ שלייפעלע... אָבער די נשמה הינטער דעם בלייבט סיי ווי נאַקעט, און דאָס איז דער רודער מיט וועלכן ער פירט זיין שיף צווישן די אייזבערג פון לעבן. ער האָט נאָך אַלץ געמאָסטן מענטשן מיט די קאַטעגאָריעס פון "דאָרטן".

און נאָך איין שטריך איז געבליבן פון "דאָרטן".

איך האָב אַמאָל אָפּגעפּירט צו אים אַהיים די פּראָדוקטן, וואָס די פרוי האָט איינגעקויפט און ווייל ער האָט אָנגעזאָגט אַריינצולייגן דאָס פלייש גלייך אין אייז-קאַסטן, האָב איך דאָרט באַמערקט פיר איינגעפּרווירענע ברויטן. - צו וואָס - האָב איך אַ טראַכט געטאָן - הערמאַן איז דאָך, אויף אַ דיעטע און עסט קוים אַ זעמל דורכן טאָג? אָבער צושרייבן הערמאַנען, אַז אין זיינע אָדערן איז נישט געפלאָסן קיין בלוט, נאָר ביזנעס טראַנזאַקציעס, וואָלט געווען אַן עוולה. נישט ווילנדיק האָבן זיך פאַרגנבהט זכרונות, דערמאָנונגען פון דער היים, ווי עס טרעפט אָפּט ביי עלטערע מענטשן און רופן אַרויס נאָסטאַלגישע געפילן. זיי זענען אויפגעקומען נישט מיט זיין ווילן און נישט מחמת די נאָסטאַלגיע איז אים מיטאַמאָל באַפאַלן. זיי זענען אַרויסגעשווומען פון אַ טיפן אָפּגרונד, וואָס איז געווען פאַרפולט ווי אַ ברונעם - מיט ביטערקייט. דעמאָלט האָט ער געטראַכט וועגן זיין שוועסטער וואָס האָט געהייראַט מיט אַ "פּאָלנישן יודע", וואָס רעדט דווקא יידיש, און מיט דער חוצפה ווי עס האָבן אַלע "פּאָלנישע יודן" האָט ער גערעדט צום אים - הערמאַן אָפּענהיימען - יידיש אין דער אָנוועזנהייט פון פרעמדע מענטשן, און דאָס האָט וועדליך זיינע באַגריפן אַראָפּגענידערט דעם

אָנזען פון אַ ברעסלאַוער אַריסטאָקראַט.

כאָטש ער האָט זיי באַגעגנט אין סאַמע אָנהייב פון זיין אָנקומען אין לאַנד, ווען ער איז אַראָפּ פון שיף און זיי האָבן אים געהאָלפן זיך איינצואָרדענען - האָט ער פאָרט דורך די אַלע יאָרן, זיין שוועסטער נישט געקאָנט דאָס מוחל זיין.

- פאַרדאַמט. מיין שוועסטער זאָל הייראַטן אַ "פּאָלנישן יודע" און נישט נאָר ער האָט די חוצפּה צו מיר - הערמאַן אָפּענהיים - צו ריידן יידיש, נאָר ער האָט אויך אַ פולן קאָפּ מיט פּאָליטיק. און ביידע, ביידע האַלטן זיי, אַז געלט איז נישט דער עיקר אין לעבן, נאָר אַ מענטש דאַרף מען זיין. איז הייסט עס ער, הערמאַן אָפּענהיים נישט גענוג מענטש פאַר זיי? איז עס זיין שולד אַז ער ווייסט ווי צו מאַכן און שאַצן אַ דאָלאַר?

און נאָכאַמאָל: כדי צו באַרעכטיקן זיין אָפּטרייסלען זיך פון זיי, האַלט ער אין איין רעדן צו זיך אַליין; און דאָס וואָס ער קאָן איבערהויפּט נישט מוחל זיין: - זאָ איין חוצפּה רעדן צו מיר יידיש...

אָבער דאָס איז שוין געווען העט שפּעטער - ווען הערמאַן האָט גערעדט בלויז ענגליש אַפילו פון שלאָף...

הערמאַן אָפּענהיים האָט פאַרגרעסערט דאָס געשעפט און אַריינגענומען אַ שותף טאַקע איינעם פון די מענטשן פון דעם עקסקלוזיוון קלוב, אַ גוי מיט וואָנסן און באַקנבערד, פאַר וועלכן ער האָט געהאַט גרויס דרך ארץ.

דער נייער שותף האָט אַריינגעבראַכט זיינע מענטשן, און איך בין געבליבן אין דרויסן. מיך האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו וווּנדערן, וואָס הערמאַן אָפּענהיים האָט קיינמאָל נישט געוואָלט וויסן - צי בין איך אַ ייד אָדער נישט, פון וואַנען איך קום, שוין אָפּגערעדט - וואָס איך טראַכט. איך בין פאַר אים געווען נישט מער ווי אַ טייל פון דעם אויטאָ מיט וועלכן איך פיר פאַנאַנדער זיינע סחורות. אַ צוגאָב צום מעכאַניזם. ער האָט פּינקטלעך געצאָלט געהאַלט און יעדער האָט געמוזט אַריינגיין אין זיין קאַבינעט, צומאַכן די טיר - קריגן אויסגעצאָלט און אונטערשרייבן. אַמאָל האָט ער געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז מ'אַרבעט נישט גענוג, אַז קיין געלט בחינם קאָן מען נישט צאָלן - כדי דער נעמער זאָל פילן די געפעליקייט וואָס הערמאַן אָפּענהיים טוט מיט אים.

ביי זיך האָב איך קיינמאָל נישט געקאָנט אָפּמאַכן, כאָטש איך האָב זיי תמיד פאַרגליכן: וועלער איז דער אמתער אַריסטאָקראַט: סאַשע גאָלדבערג אָדער הערמאַן אָפּענהיים?

* * *

דער ייד האָט מיך אונטערגעכאַפּט אין אַ זייטיק געסל פון דער תחנה מרכזית. עס איז געווען אַ וואַרעמער נאָכמיטאָג, און ווייל איך האָב געוואַרט אויף אַן אויטאָבוס וואָס קורסירט צווישן תל-אביב און דעם קיבוץ עין השפט, האָב איך דערווייל אַריינגעכאַפּט זיך אין אַ קאַפע, באַשטעלט אַ הייסן בייגל מיט שווייצער-קעז. באַוואָפּנט מיט דעם, בין איך זיך רואיק געזעסן אויף דער באַנק און פאַוואָלע געקייט, ווייל צייט האָב איך געהאַט גענוג.

דער ייד וואָס האָט זיך צוגעזעצט צו מיר האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן מיין געדולדיקן זיצן און קייען אַ בייגל. ער האָט נערוועז יעדע רגע געקוקט אויפן

זייגער, כאָטש ער האָט גוט געוווּסט, אַז דער אויטאָבוס וועט דאָ פריער נישט זיין, ווי אין אַ גוטער האַלבע שעה. ער האָט געקוקט אויפן זייגער, אויף מיר, ווי ער וואָלט געטראַכט: ווי אַזוי קאָן זיך אַ מענטש פאַרגינען געמיטלעך צו זיצן אָן שום זאָרגן. האָט ער אָפּגעהאַלטן אַ ויכוח מיט זיך און אַרויסגעשאָסן מיט אַ פראַגע: - נישט קיין היגער, האַ. פון וואַנען קומט אַ ייד? נישט געאיילט, האָב איך אַראָפּגעשלונגען דעם ביסן און אַרויסגעברומט:
- אויסטראַליע ...
- אַהאַ - וואָס דער אַהאַ האָט געדאַרפט באַדייטן האָב איך נישט געוווּסט. אפשר האָט דער ייד געטראַכט: אָט זיצט אַן אויסטראַלישער מיליאָנער, מחמת מען ווייסט דאָך, אַז אַלע יידן אין אויסטראַליע זענען מיליאָנערן און וואַרט אויף אַן אויטאָבוס, צו שאָקלען זיך אַ שעה דריי אָדער פיר, איידער נעמען אַ טאַקסי און אָנקומען אין קיבוץ ווען עס איז נאָך ליכטיק, און דערביי געבן אַן ישראלי צו פאַרדינען די פּאָר שקלים. ווייזט אויס, אַ ייד אַ חזיר...
אָבער אינגאַנצן זיכער ביי זיך, איז דער ייד נישט. ווייל ער טוט מיך גלייך אַ פרעג: איז וואָזשע טוט אַ ייד אין אויסטראַליע?
דערווייל האָב איך אויפגעגעסן דעם בייגל מיטן שווייצער-קעז און זיך אונטערגעגאַרטלט אויף אַ לאַנגן שמועס מיט דעם ייד, ווייל אַחוץ אונדזביידן האָט דאָ קיינער נישט געוואַרט.
- איצטער טו איך שוין גאָרנישט. איך בין אַ פענסיאָנער און לעב אויף מלוכישער קעסט, אָבער פריער בין איך געווען אַ טראַק דרייווער (אַ שאָפער פון אַ לאַסט-אויטאָ). קוקט מיך דער ייד אָן. פאַרשטייט איך - אַז ער פאַרשטייט נישט; - אַ שאָפער פון אַ קאַמיאָן. אַ קאַמיאָן ווייסט איר וואָס דאָס איז?
- דאָס איז אַלץ? און צוליב דעם האָט איר געדאַרפט פאָרן קיין אויסטראַליע? וואָסי, שאָפערן אין ישראל מאַכן אויך אַ שיין לעבן.
בין איך, ווייזט אויס דעם ייד נישט געפעלן געוואָרן צוליב דעם וואָס איך האָב קאַליע געמאַכט זיין פאָרשטעלונג וועגן אויסטראַליע, נעמס עס מיך שוין אַרן.
- נישט סתם אַ שאָפער, נאָר אַ ספעציעלער, פאַרטרוילעכער שאָפער אין אַ גרויסער הורטאָווניע פון שפּילצייג, פון אָפּענהיים און זון, וואָס ליפערט שפּילצייג איבער גאַנץ אויסטראַליע, טאַסמאַניע, ניי-זעלאַנד, און כדי צו פאַרשטאַרקן דעם איינדרוק, אויך קיין ניו גינע...
קוקט מיך דער ייד אָן און טוט אַ זאָג
- שייקע?
האָט עס מיך שוין פאַרדראָסן, און פאַרגעסנדיק, אַז דאָ זיצט נעבן מיר אַ ישראלדיקער ייד, האָב איך אַ זאָג געטאָן: 'איי בעג יור פּאַ דן'... און אַז כ'האָב זיך געכאַפּט, האָב איך פאַרבעסערט מיט אַ שאַרפן טאָן: איך בעט איבער אייער כבוד - איך הייס נישט שייקע. וואָס פאַראַ שייקע אויף אייך! און אויב איר מיינט הערמאַן אָפּענהיים, איז ער אַ דייטשער ייד און איך האָב תמיד אים גערופן: מיסטער אָפּענהיים - אַזוי ווי ער האָט מיר אָנגעזאָגט אים צו רופן.
פון מיין גאַנצער דרשה איז דער ייד נישט נתפעל געוואָרן אויף אַ האָר. און אפשר יאָ? ער האָט גאָרנישט באַוויזן צו זאָגן, מחמת מיט אַ קרעכץ און אַ גרילץ איז אָנגעקומען דער אויטאָבוס. איך האָב געוואַרט, דער ייד זאָל זיך ערגעץ ווו

אַוועקזעצן, כדי איך זאָל מיר קאָנען אויסזוכן אַ רואיק ווינקל, און בלייבן מיט מיינע געדאַנקען.

אָבער דער ייד האָט מיר אָפּגעגעבן כבוד און געלאָזן גיין פאָרויס, צוליבן דרך ארץ פאַר אַ טוריסט? און זיך באַלד אַוועקגעזעצט נעבן מיר.

- איז ווי האָט איר געזאָגט: אָפּענהיים פון ברעסלאַו?

- יאָ - זאָג איך - אַזוי ווי איר וואָלט געשטאַנען דערבײַ. ערשט מיט אַ האַלב יאָר צוריק איז ער דאָ געווען און האָט איינגעקויפט הילצערנע צאַצקעס ביי אַ גרויסער פירמע אין חיפה ...

- אַ מאָדנער ייד זענט איר. מיר פאָרן דאָך ביידע דעם זעלבן וועג. איך האָב אַ טאַקטער און אייניקלעך אין קיבוץ. וועל איך אייך טאַקע אַרויספירן אויפן גלייכן וועג און אַרויסשלאָגן אייך די באָבע-מעשיות פון קאָפּ.

- דעם אָפּענהיים האָב איך טאַקע געטראָפן. ווי לאַנג זאָגט איר, אַ האַלב יאָר צוריק? - קען זיין. ער האָט טאַקע אויסגעזען ווי ער וואָלט נאָר וואָס אַרויס פון לאָרדן הויז און גערעדט האָט ער בלויז ענגליש. מיט מיר האָט ער נישט געדאַרפט שפּילן די ראָלע. מיט מיר האָט ער גערעדט יידיש. מיר זענען דאָך צוזאַמען געווען אין קאַצעט. דאָרט האָט מען אים גערופן שייקע. צי דאָס איז געווען זיין אמתער נאָמען, אָדער נישט - ווּעמען איז עס אָנגעגאַנגען נאָך דער באַפרייאונג האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן אין ברעסלאַו. דאַן האָט די שטאָט שוין געהייסן - וורעצלאַוו - ביי די פּאָליאַקן. עס איז געווען אין אָנהייב פון 46-טן יאָר. יעדער האָט זיך געכאַפּט עפּעס צו טאָן, געהאַנדלט - געמאַכט געשעפטן. דערווייל האָט מען די דייטשן פון די געביטן אַרויסגעשיקט קיין דייטשלאַנד, אַזוי איז געווען דער אָפּמאַך. מיט וועמען? פון וואַנען זאָל איך וויסן? וועלכער ייד האָט געוואָלט בלייבן אין פּוילן? נאָר אָנשטאָט צו שלעפּן זיך מיט דער בריחה איבער בערג און גרענעצן מיט אַ רוקזאַק אויף די פּלייצעס - איז גלייכער געווען צו פאָרן מיט דער באַן און מיטנעמען דאָס ביסל האָב און גוטס, וואָס מען האָט דערווייל אָפּגעשפּאָרט. פאַר אַ קאַרטאָן אַמעריקאַנער ציגערעטן אָדער אַ פּאָר פונט קאַווע - האָט מען דאַן געקאָנט אָפּקויפן גאַנץ דייטשלאַנד.

האָבן מיר זיך געמאַכט פאַר דייטשע יידן. די יעקעס האָבן אויסגעזוכט אין די מעטריקע ביכער נעמען פון מענטשן וועלכע זאָלן מער ווייניקער אַנטשפּרעכן אונדזער עלטער. איז שייקע דאַן געוואָרן אָפּענהיים. איך האָב געהייסן לעאָפּאָלד גראָסספּאַטער. אָנגעקומען קיין מינכען ווי די פריצים - מיט דער באַן, האָט זיך דאָ אַרויסגעוויזן, אַז אויף די זעלבע פּאַפּירן קאָן מען פאָרן קיין אַמעריקע, ווייל די דייטשע קוואָטע איז נישט געניצט געוואָרן דורך די יאָרן פון דער מלחמה. זענען יידן געפאָרן. שפּעטער האָבן זיך די אַמעריקאַנער געכאַפּט, אָדער - אפשר האָט זיי עמיצער קלוג געמאַכט. האָבן זיי גענומען פאָדערן מער און מער פּאַפּירלעך. האָב איך אַ שפּיי געטאָן אויף זיי, און אַוועק קיין ישראל. געמאַכט דאָ אַ גאַנץ פיין לעבן. שייקע איז אַוועקגעפאָרן קיין אויסטראַליע. אַז ער איז דאָ געווען, האָבן מיר דערמאָנט אַלטע צייטן, גערעדט וועגן די קינדער. זיין זון - האָט ער דערציילט - איז ווערט אַרום 10 מיליאָן דאָלאַר, און דער איידעם, דער אַרכיטעקט - אַרום 5 מיליאָן. און וויפל ער איז ווערט - האָט ער מיר געזאָגט, אַז מיט אזעלכע קינדער איז ער שוין גענוג רייך...

- סיאיז אמת, אַז ער האָט אַ זון מיט אַ טאָכטער? זעט איר שוין, אַז כ'מאַך נישט קיין טעות... דער אויטאָבוס האָט זיך געשאָקלט איבערן שאָסיי וואָס איז פול געווען מיט אויסגעוואַשענע לעכער. מענטשן זענען צוגעקומען, ווייל ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין עטלעכע קיבוצים אויפן וועג. איך האָב געפילט, אַז נישט נאָר דער אויטאָבוס שאָקלט זיך, נאָר מיין גאַנצע וועלט. דאָס געפיל, אַז איך זע פאַר זיך אַן אמתן אַריסטאָקראַט - האָט פאַרלוירן דעם באָדן אונטער די פיס. האָב איך שוין דעם ייד נישט אָפּגעלאָזן.

- האָט איר אַן אַנונג פון וואַנען דער מיסטער אָפּענהיים שטאַמט? - ווען איז עס אין יענע יאָרן אָנגעגאַנגען? עפּעס פון אַ שטעטל אַרום לאָדזש. אָזערקאָוו? פּאַביאַניץ? זגערזש? דאַכט זיך מיר, אַז מען האָט אים גערופן: שייקע דער זגערזשער. שוין אַריבער אַ יאָר פופציק - קאָן מען עס געדענקען? מיר האָבן געשוויגן.

עס איז געוואָרן גוט פינצטער. פונדערווייטנס האָבן געפינקלט פייערלעך, צו וועלכע דער אויטאָבוס האָט זיך דערנענטערט.

- איז דאָס דער קיבוץ? האָב איך אַ פרעג געטאָן דעם ייד.

- יאָ. און מאָרגן וועל איך אייך נאָך מער דערציילן. מען רופט מיר פייוול. אַלע קאָנען מיך דאָ. אייערע פריינט וועלן שוין אייך אָנווייזן ווו מען קאָן געפינען פייוולען ...

איך האָב דעם ייד מער נישט געזען, נישט געקאָנט אים מוחל זיין, וואָס ער האָט צעשטערט מיין גלייכגעוויכט ווי אויך מיין פראָפעסיאָנעלן שטאָלץ, אַז איך בין נישט געווען סתם אַ טראַק-דרייווער, נאָר געאַרבעט פאַרן אַריסטאָקראַט פון ברעסלאַו - הערמאַן אָפּענהיים.

# אַ קאַרלטאָנער ראָמאַן.

די קליינע קירכע אויף פּאַראַדיי-גאַס איז געווען פול מיט בלומען, ברענענדיקע ליכט, און איבער אַלעם איז געהאָנגען דער ריח פון ווייררויך.

אין מיטן פון דער קירכע, אויפן סאַרקאָפאַג איז געלעגן דזשאָוואַני, וועלכן מען האָט שוין דאָ, אין קאַרלטאָן - אַ קוואַרטאַל פון מעלבורן, ווו עס האָבן צוזאַמען געוווינט יידן און איטאַליענער - גערופן דזשאָני.

אָנגעטאָן אין זיין טונקעלן אָנצוג, מיט אַן אויסגעבונדענער בינדע, אין שוואַרצע שיך, פון וועלכע די זוילן האָבן זיך געוויסט מיט נייקייט. ווען נישט דאָס פּאַרגרימירטע לאָך אין שלייף, און די צוויי וויינענדיקע מאַמעס - האָט מען אָן שום צווייפל געקאָנט אָננעמען, אַז ער שלאָפט, מיטביידע הענט צוזאַמענגעלייגט, און צווישן די פינגער - אַ קליין שוואַרץ צלמל.

פון ביידע זייטן סאַרקאָפאַג זענען געשטאַנען ביידע מאַמעס - די איטאַליענערין און די יידישע. ביידע אָנגעטאָן אין שוואַרצן, אַרומגעהילט מיט שוואַרצע שאַלן און האָבן שטיל געוויינט. אָפּגערוקט פון דער איטאַליענערין זענען געשטאַנען דזשאָוואַניס ברידער, דער פאָטער און קרובים.

הינטער דער יידישער מאַמען איז געשטאַנען בלויז נאַטאַליע, איר טאָכטער און דזשאָוואַניס מיידל. זי האָט געווישט די טרערן, וואָס זענען גערונען איבער איר פּנים, אויך זי איז געווען איינגעהילט אין שוואַרצן און קוקנדיק אויפן ליגנדיקן בחור האָט זי ווידער איבערגעלעבט דעם אָנהייב פון זייער באַקאַנטשאַפט, די נעכט פאַרשיכורט פון צוזאַמען זיין, פון טרוימען... איצט איז ער געלעגן - דער צוויי און צוואַנציקיאָריקער בחור - מיט אַ קויל אין שלייף.

* * *

ביים וואַרטן אויפן אויטאָבוס האָט ער זי באַמערקט, זי האָט זיך אויסגעטיילט פון די אַנדערע פּאַסאַזשירן, ס'רוב סטודענטן - מיט איר קאָפּ, פול מיט געלאָקטע, רויטלעך-בלאָנדע האָר. ביים מיטאָג-איבעררייס אין דער אוניווערסיטעט קאַפעטעריע האָט ער זיך צופעליק צוגעזעצט צו איר טישל, ווו זי איז צופעליק געזעסן אַליין, ווי זי וואָלט אויף אים געוואַרט.

דער שמועס, האַלב ערנסט האַלב שמייכל, האָט זיך פאַרפלאָכטן אָן שום אָנשטרענגונג מיט דער נאַטירלעכער איינפאַכקייט פון צוויי שכנים, אַלטע באַקאַנטע, וואָס האָבן ערשט די געלעגנהייט אָנצוקניפּן אַ שמועס. די קאַפע אין לייגאָן-סטריט ווו זיי האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן איז געווען צו נאָענט פון

זייערע היימען. כאָטש נאַטאַליע האָט נישט געהאַלטן ביי דערציילן דער מאַמען ווו אַהין זי גייט און מיט וועמען זי פאַרברענגט. מיטן טאַטן האָט מען זיך ביי איר אין דער היים ווייניק וואָס גערעכנט.

אָבער דזאָשוואַני האָט זיך באַמיט אויסצומיידן ערטער, ווו ער וועט זיך וואַרפן אין די אויגן פון זיינע לאַנדסלייט מיט אַ רויטהאָריקער. האָבן זיי באַשלאָסן אויסצוזוכן אַנדערע ערטער - מער אינטימע.

אסתר, נאַטאַליעס מוטער, ווי זי איז נישט געווען פאַריאָגט אין אירע מסחרים, האָט דאָך געהאַט גענוג צייט צו וואָרענען איר עלטסטער טאָכטער וועגן דעם, וואָס עס קאָן אַרויסקומען פון אַריינלאָזן זיך אין פריינדשאַפט מיט די איטאַליענישע שכנים - פון וועלכע עס איז איצט באַשטאַנען דאָס רוב איינוווינער פון קאַרלטאָן, וואָס איז אַ מאָל געווען אַ כמעט יידישע געגנט.

כמעט אַלע יידן האָבן זיך שוין פון דאָרט אַרויסגעצויגן - האָט זי געטענהט צו איר טאָכטער - נאָר דיין טאַטע איז אַן עקשן - וויל ער זיך נישט רירן פון אָרט. נאָר טאָמער וועט ער דאַרפן נעמען אַן איטאַליענער פאַר אַן איידעם - וועט ער זיך ס'לעבן נעמען.

נאַטאַליע האָט באַרויִקט דער מאַמען, אַז קודם, זוכט זי נישט קיין שידוך, און דאַן איז זי דאָך נישט אַלט מער ווי זיבעצן יאָר. דאָס אַלץ איז פאַר איר - פונדעסטוועגן נישט געווען קיין אָפּהאַלט יעדן אָוונט אַרויסצוגיין, און ווי זי האָט פאַרזיכערט דער מאַמען - זי האָט דאָ חברטעס.

אויף די באַגעגענישן האָבן ביידע מיט אומגעדולד געוואַרט, און קוים זיך דערוואַרט - צוגעפאַלן צו אַנאַנדער מיט יוגנטלעכן ברען...

* * *

נאַטאַליע איז געשטאַנען אָפּגערוקט אָן אַ זייט. די איטאַליענערין האָט אויף איר געוואָרפן בליקן וואָס האָבן געשטאָכן ווי גיפטיקע פיילן.

- זי איז געווען דאָס אומגליק - האָט זי נישט אויפגעהערט צו מורמלען - בעסער וואָלט זי זיך דאָ נישט באַוויזן, זי האָט אים פאַרכישופט, דער פאַרפירערישער טייוול...

אסתר, וואָס איז געווען אַ נידעריקע, ווי די איטאַליענערין און ווי איר טאָכטער, האָט אויך באַוויינט דעם יונגן בחור, אַזאַ שיינער, עלעגאַנטער און וווקסיקער, זי אַליין האָט דערפילט פאַרדרוס פון אָט דעם פאַרלוסט - אַ יונג לעבן, געגאַנגען לאַיבוד.

אין די מלחמה-יאָרן, ווען עס איז איר אויסגעקומען אויסצובאַהאַלטן זיך צווישן קריסטן, איז ביי איר געבליבן אַ געפיל פאַר יונגע מענער. זי האָט נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט איר טענה וואָס האָט שוין איצט קיין האַפט נישט געהאַט. - ווען איך ווייס, ווי ווייט עס האַלט שוין ביי אייך, וואָלט איך אפשר איבערגערעדט מיט זיין מאַמען. ער האָט דאָך נישט געדאַרפט ווערן קיין ייד...

דזשאָוואַני איז געווען אַ געוויסנהאַפטער בחור. דאָס וואָס צווישן זיי האָט זיך פאַרקניפּט האָט ער גענומען ערנסט. ער האָט איר טאַקע געהאַט - אָבער געוואָלט איר האָבן אויף שטענדיק. אָן איר - האָט אים אויסגעזען - האָט זיין לעבן קיין האַפט נישט געהאַט.

דער צוזאַמענשטויס ביי אים אין דער היים איז אויסגעבראָכן, ווען ער האָט פּראָסט און פּשוט, אָן פֿאָררעדעס געלאָזט וויסן, אַז ער האָט אַ מיידל אַ ייִדישקע און וויל מיט איר חתונה האָבן.

- דו ביסט אַ קאַטאָליק און זי אַ ייִדישקע? - איז זיין מאַמע באַלד אַרויס מיט אַ גרויס געיאָמער - ווילסט אונדז פֿאַרשעמען פֿאַר דער גאַנצער געמיינדע, פֿאַר אונדזער משפּחה אין איטאַליע? מיר האָבן זיך געגרויסט מיט דיר, געשיקט לערנען אין אוניווערסיטעט, אַ סטודענט וואָס וועט ווערן אַ גרויסער מענטש, מיר זאָלן האָבן נחת, אַ כּבֿוד פֿון דיר און אין מיטן דערינען - אַ ייִדישקע!

נאָך דעם האָט דזשאָוואַני מער נישט געהאַט קיין רו אין שטוב, יעדע מינוט, ווען ער האָט געדאַרפֿט שטודירן, האָט אים די מאַמע באַזונגען, באַקלאָגט, באַשווירן. ער איז געשטאַנען צווישן צוויי פֿאָלוסן - די משפּחה, צו וועלכער ער איז געווען שטאַרק צוגעבונדן, און נאַטאַליען, וועלכער ער האָט ליב געהאַט מיט אַלע פֿעדעם פֿון זיין נשמה. אָן איר - וואָס איז דער זין פֿון לעבן? אין זיין געוויסן האָט זיך באַזעצט אויך דער געפֿיל פֿון פֿליכט. צווישן אים און נאַטאַליען איז שוין עפּעס פֿאָרגעקומען, וואָס מען קאָן נישט צוריקכאַפּן, און ווי דער עלטערער האָט ער זיך געפֿילט פֿאַראַנטוואָרטלעך.

נאַטאַליע איז פֿאַר דזשאָוואַנין געווען אַ שטיק עקזאָטיק. ער איז נישט מיד געוואָרן אויסצופֿרעגן איר וועגן איר אָפּשטאַם, אירע עלטערן. זי האָט זיך מודה געווען, אַז זי ווייסט ווייניק וועגן אירע עלטערן, זי איז געבוירן געוואָרן נאָך דער מלחמה. אויך אירע עלטערן האָבן ערשט חתונה געהאַט נאָך דער מלחמה, איר מאַמע האָט זיך - אויף וויפֿל זי האָט געקאָנט צונויפֿשטיקעווען פֿון די אָפּגעריסענע עפּיזאָדן - אויסבאַהאַלטן צווישן קריסטן. צוליב איר בלאָנדקייט האָט זי געקאָנט אָנגיין ווי אַ יונג דאָרפֿיש מיידל.

- דיין מאַמע האָט דאַן געמוזט אויסזען ווי דו אַצינד - האָט דזשאָוואַני באַמערקט. ער איז געווען פֿאַרליבט נישט נאָר אין נאַטאַליען, נאָר אין אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט איר משפּחה.

שטייענדיק ביים סאַרקאָפֿאַג האָט נאַטאַליע גלייכצייטיק איבערגעלעבט די פֿרייד פֿון זייער צוזאַמענזיין און די מורא פֿאַרן אומבאַקאַנטן, וואָס פֿון איצט אָן וועט זי אַליין מוזן אַנטקעגנגיין איר גורל.

- קאָן זי עס דערציילן דער מאַמען?

אַזוי זענען זיי אויך - די צוויי מאַמעס אין שוואַרצן געשטאַנען אויפֿן בית-עולם אין פֿאָוקנער, ווען מען האָט דזשאָוואַניס קאַסטן, פֿאַרלייגט מיט בלומענקרענץ און באַערדיקט.

די צוויי מאַמעס האָבן זיך אויסגעוויינט - אָנגעקוקט - און אָן אַ וואָרט צו זאָגן צו אַנאַנדער - איז יעדע אַוועק איר אייגענעם וועג מיט איר אייגענעם טרויער.

* * *

אין איר גאַנצער פֿאַרהאַוונטקייט האָט אסתּר נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פֿון נאַטאַליען. זי איז געווען ווי אַ טראָפּן וואַסער ענלעך אויף איר. האָט זי זיך געחידושט: מיטן כאַראַקטער אויך? ווען זי איז נאָר געבליבן מיט דער טאָכטער אַליין האָט זי איר נישט געמוסרט, גאָרנישט פֿאָרגעוואָרפֿן, אַז זי האָט איר נאָך

געוואָרנט, נאָר גערעדט צו איר ווי אַ פרוי צו אַ פרוי.

- ווי ווייט האָט איר זיך דערלויבט אין אייער נאָענטקייט? בין איך דאָך אַ מאָל אויך יונג געווען, אפשר דאַרף מען עפּעס טאָן?

זי האָט זיך דערמאָנט אירע יונגע יאָרן, ווען יונגע מענטשן קאָנען זיך אַ מאָל נישט באַהערשן און זיך פאַרגעסן...

נאַטאַליע האָט זיך גערויטלט, אָבער איז נישט גרייט געווען זיך מודה צו זיין.

- נו מילא, זאָל עס אויסגיין צום גוטן - האָט אסתר אַ זיפץ געטאָן, זי האָט געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז עפּעס איז דאָ נישט גלאַטיק, אַז איר טאָכטער באַהאַלט עפּעס אויס.

אויבן אויף איז אַלץ געווען ווי פריער. נאַטאַליע איז געפאָרן יעדן טאָג אין אוניווערסיטעט. אין די אָוונטן געמאַכט לעקציעס, אַ מאָל אַרויס מיט חברטעס אין אַ קינאָ.

אסתרס אויג האָט באַמערקט די פלעקן אויף איר טאָכטערס פנים, דאָס איז נישט געווען קיין גוטער סימן. אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט נאַטאַליע געמוזט אָנקומען צו דער מאַמען.

- איך דאַרף פאָרן קיין פערט און קיין געלט האָב איך נישט...

- פאַר וואָס דווקא קיין פערט, אַזוי ווייט?

- דאָרטן איז שוין אַלץ אראַנזשירט, אַ שפּיטאָל, אַ רב.

אסתר האָט געוואָלט מיטפאָרן, נאָר נאַטאַליע איז אויף דעם נישט באַשטאַנען. - דער טאַטע דאַרף פון גאָרנישט וויסן...

אַ פינף וואָכן שפּעטער איז זי צוריקגעקומען. כאָטש אסתר האָט געוווּסט פון אירע בריוו ווי דאָס אַלץ האָט זיך אין פערט פאַרלאָפן - האָט זי געוואָלט וויסן מער.

- אַ שיין יינגעלע איז געבוירן געוואָרן מיט גאָלדענע האָר ווי ביי מיר, ווי ביי דיר, אַ מוהל איז אויך געווען. דער רב האָט מיר פאַרזיכערט, אַז צוגענומען האָבן אים אַ פיינע יידישע משפחה.

ביי אסתרן האָט זיך עס נישט-ווילנדיק ארויסגערעדט: אַן אייניקל, געקאָנט אים אַהיים ברענגען.

ווען נאַטאַליע האָט אויף איר אַ קוק געטאָן מיט צוויי פאַרוויינטע אויגן, איז זי מסכים געווען, - בעסער אַזוי... און דאַן האָט אסתר באַשלאָסן: אַז עס איז צייט זיך אַרויסצוציען פון קאַרלטאָן. עס האָבן גענומען אונטערוואַקסן נאָך צוויי טעכטער.

# דער זין - פון זיין.

דער פּאָעט ווינאָוו - אַזוי האָט דער רעפּאָרטער אָנגעהויבן די באַשרייבונג - פון זייער באַגעגעניש - דער פּאָעט ווינאָוו איז געזעסן קעגן איבער מיר. ער האָט געהאַלטן אַ גלאָז אין האַנט. איך - אַ בלייפעדער.
ער האָט געטרונקען קאָניאַק. איך? - איך האָב געטרונקען דעם אַראָמאַט פון זיינע רייד.

ווער זשע איז ווינאָוו? דער רעפּאָרטער האָט דווקא געהאַט אַ באַדערפעניש צו לאָזן וויסן דער וועלט אַלץ וואָס ער ווייסט וועגן פּאָעט. נאָר עפּעס אין אים האָט זיך קעגנגעשטעלט, ווייל דאָס וועט זיין אַ גרינגשעצונג פון דער אינטעליגענץ פון לייענער.
דער רעפּאָרטער פון ליטעראַרישן זשורנאַל "פּראָמעטעאוס" האָט באַקומען אַ ווונק, נישט מער ווי אַ ווונק פון זיין רעדאַקטאָר ער זאָל זיך אַראָפּכאַפּן, ניין - אַרונטערכאַפּן - ניין - אפילו נישט דאָס אויך. ער זאָל מיט די שטיוול אַריינקריכן אין ווינאָווס נשמה און אַרויסקומען מיט עפּעס, וואָס זאָל די ליטעראַרישע פיינשמעקער, די דילעטאַנטן איבערראַשן. דער רעפּאָרטער האָט אַ קוק געטאָן אונטערן טיש. ווינאָוו האָט געטראָגן ווייכע, געמזענע לאַטשן.
ווינאָוו האָט פון דעם אַלעם נישט געוווסט. ער איז אָנגעקומען אין דער מעטראָפּאָליע אויף די פליגלען פון זיין טרוים. די וועלט-שטאָט. ער האָט שוין פון לאַנג געוווסט, אַז אין דער מעטראָפּאָליע זענען דאָ כוחות, אויסער די איינגעשפּאַרטע עמיגראַציע באַאַמטע, וועלכע פּאַרלאַנגען אַ מעטריקע, ( וועלכע ער האָט נישט) אַ געזונטהייטס-באַשטעטיקונג: אַ דורכלויכטונג פון די לונגען - כוחות וואָס וועלן זיך פּאַרלייגן אויף אים, ווינאָוון. איינשפּאַנען אין עפּעס אַ ליטעראַרישן וואָגן, אָנטאָן אַ ליטעראַרישן כאָמוט -ווייל ווי קאָן מען איינשפּאַנען אַ פערד אין אַ וואָגן אָן אַ כאָמוט?
אין ווינאָווס היימאַט האָט אַ יעדער פויער פאַרשטאַנען די חכמה פון איינשפּאַנען אַ פערד אין אַ וואָגן. אויך אין דער מעטראָפּאָליע האָבן זיי געוווסט וואָס זיי ווילן, נאָר מאַכן עס - דאָס האָבן זיי נישט געקאָנט - אַלנפאַלס - נישט מיט ווינאָוון. דער דאָזיקער פרייער גייסט האָט זיך נישט געלאָזט צוימען.
דאָס אַלץ האָט שוין דער רעפּאָרטער געוווסט, ווייל ווינאָוו איז נישט געווען קיין מענטש פון סודות. ער האָט אויך נישט געמאַכט קיין סוד פון די, אָדער פון דעם - וואָס אים איז נישט געווען צום האַרצן.
דער רעפּאָרטער האָט מיטגענומען אַ פלעשל קאָניאַק, אויף יעדנפאַלס. עס האָט

זיך געלייגט אויפן שכל, אַז ווינאָוו - ווי עס פּאַסט פאַר אַ רוסישן מענטש - האַלט אין פאַרטרינקען דעם וואָרעם וואָס נאָגט אים. ווינאָוו האָט עס נישט אָפּגעלייקנט. מאָדנע מענטשן - האָט ער געטראַכט - צו וואָס דאַרפן זיי אַ מאָראַלישע פאַרענטפערונג צו טאָן עפּעס, פון וואָס אַ מענטש האָט פאַרגעניגן? אַ גלעזל קאָניאַק, אָדער וויסקי, כ'ווייס וואָס פאַראַ געטראַנק וואָס טוט אַ ברי אינעווייניק, טוט אַ רודער מיט די געהירן - צו וואָס איז נאָך נייטיק די פאַרענטפערונג וועגן וואָרעם? סיידן, מענטשן זוכן אַרויסצורופן מיטלייד, רחמנות...

מען דאַרף פאַרשטיין, אַז דאָס וואָס ווינאָוו טראַכט, האָט דער רעפּאָרטער נישט געוווּסט. אויב נישט - צו וואָס איז ער געגאַנגען נאָך אַן איטערוויו, און זיך באַוואָפנט מיט אַ פלעשל קאָניאַק דערצו. מען קאָן נישט פאַרבייגיין אַזאַ ענין, און נישט פאַרצייכענען וואָס אַ שטייגער דער רעפּאָרטער האָט געטראַכט. און געטראַכט האָט ער, אַז ער וואָלט מוחל געווען דעם אינטערוויו, דאָס פאַרבינדן זיין נאָמען מיטן נאָמען פון אַ כּמעט באַרימטן פּאָעט - ווען ער אַליין וואָלט געקאָנט הנאה האָבן פון, דעם קאָניאַק...

נישט געקוקט אויף די קלעצער וואָס מ'האָט געלייגט אין וועג - איז דער פּאָעט ווינאָוו פּאָרט אָנגעקומען אין דער מעטראָפּאָליע, און דער "פּראָמעטעאוס" האָט געהאַלטן, אַז פאַרן ווייל פון דער ליטעראַרישער משפּחה, צו האָבן אַ שמועס מיטן פּאָעט. דער רעדאַקטאָר האָט געהאַט זיין חשבון, נישט מער: דער רעפּאָרטער - וואָס אַן אמת - האָט אויך געהאַט זיין חשבון - נישט מער - ווען מען וואָלט די חשבונות פאַרגליכן - וואָלטן זיי נישט געשטימט.

עס וועט דאָך נישט שאַטן צו וואַרפן אַ שטיקל שיין אויפן כאַראַקטער - אויב נישט פון פּאָעט ווינאָוו - איז לכול-הפּחות אויפן כאַראַקטער פון רעפּאָרטער סימטשיק. הלמאי זאָלן מיר לייקענען - סימטשיק האָט זיך געשניטן אויף אַ סך זאַכן מיטאַמאָל, ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז אַ פּאָעטישער פייער האָט זיך אין אים צעפלאַקערט, ווי אַ שייטער. נאָר דער רעדאַקטאָר האָט אים אָפּגעגאָסן מיט אַ קאַלטן עמער וואַסער. ווידער האָט ער געמיינט - אַז אָט - ער האָט דערפונדן אַ ניי יידיש וואָרט, (עס איז געווען דער יאָרצענטליק פון די ווערטער דערפינדונגען...) און מיט דעם אָ וואָרט וועט ער אַריינשפּאַנען אין דער אייביקייט. פ אַ ר פ ל י ג ל ט - ווער האָט שוין פאַר אים באַנוצט דאָס וואָרט ? קיינער נישט. איז אָט - ער האָט דאָס וואָרט. נאַטירלעך - ער האָט נישט געקאָנט, ווי אַרכימעדעס אַרויסלויפן אַ נאַקעטער אין דרויסן און שרייען: 'עורעקאַ' איך האָב געפונען! פּשוט דערפאַר, ווייל ער האָט די דאָזיקע דערפינדונג נישט געמאַכט אין דער וואַננע...

דער קאַלטער גזלן, דער רעדאַקטאָר האָט אים אַ פרעג געטאָן; זייטיק אַזוי, ווו ער איז געווען ערב - יום כּפּור, ווען יידן שלאָגן כּפּרות, און דעמאָלט טאַקע נייטיקן זיי זיך אין עפּעס, וואָס איז פאַרפליגלט. סימטשיק האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט איבערגעשאַצט זיינע כּוחות נאָך דעם אַלעם בלייבט אַ רעטעניש: פאַרוואָס האָט סימטשיק דווקא געקלעבט צום "פּראָמעטעאוס"? דאָס נעמען מיר זיך נישט אונטער צו פאַרענטפערן, ווייל אפילו סימטשיק אַליין האָט נישט געוווּסט די סיבה דערפון.

ווינאָוו האָט נישט געהערט צו די גרויסהאַלטער, אַזעלכער וואָס וועט מיט סנאָבישער פאַרריסנקייט זאָגן, אַז די וואָך איז ער שוין פאַרנומען; אַז אין דער

צווייטער וואָך האָט ער בלויז איין שעה פריי, און ער מוז די שעה אויסגעפינען פון זיין סעקרעטאַרין. ניין - ווינאָוו האָט נישט געהערט צו די לייט. אַ מענטש קלינגט אָן, וויל כאַפּן אַ שמועס - וואַליי גוטער ברודער.

און אָט איז סימטשיק געזעסן קעגנאיבער דעם פּאָעט ווינאָוו, מיט דעם פאַרשניצטן בלייפעדער; ווינאָוו מיט זיין געטראַנק פאַר וועלכן סמיטשיק האָט אגב באַקומען אַ לויב, צוליב זיין קענטעניש און גוטן געשמאַק. דערווייל האָט סימטשיק געשפּונען זיינע קאָמפּליצירטע פּלענער, ווי אַזוי - איינמאָל פאַר אַלעמאָל צו איבערראַשן זיין רעדאַקטאָר.

פון וואָס האָט דעמאָלט געטראַכט ווינאָוו?

ווינאָוו האָט געטראַכט, אַז די פראַנצויזן זענען געניטע ממזרים און פראָדוצירן אַ ביז גאָר פיינעם קאָניאַק, און אַז דער רעפּאָרטער סימטשיק איז נאָך אַלעמען - גאָר נישט אַזאַ ליטעראַרישער שלימזל - ווי לייט דערציילן וועגן אים.

פאַרצויגן האָט זיך דער שמועס וועגן ליטעראַטור און וועגן לעבן און וועגן נאָך עפּעס. דאָס זענען געווען די פּינטעלעך, וועלכע סימטשיק האָט געוואָלט, אַז דער פּאָעט אַליין זאָל וועגן זיי דערציילן. ווינאָוו ווידער האָט געהאַלטן, אַז פאַרשוויגן איז געזינטער, ווי זיך צו פאַררעדן. איבערהויפּט ווען ער האָט נישט קיין געהויבענע מיינונג וועגן די, וואָס פירן דאָ דאָס ליטעראַרישע רעדל.

סימטשיק האָט סוף-כל-סוף פּאָרט געוואָלט אַריין אין דער ליטעראַטור מיט אַ שטורעם, מיט דונערן און בליצן - דורך פאַרענטפערן כאָטש איינע פון די נישט פאַרענטפערטע פראַגעס. צוערשט האָט ער געוואָלט פרעגן ווינאָוון וועגן דעם, ווער איז געווען פריער - די הון צי דאָס איי? נאָר אַפילו סימטשיק האָט פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ פראַגע קאָן מען דעם פּאָעט; ווינאָוון נישט פרעגן. סוף-כל-סוף איז ווינאָוו אַ פּאָעט און נישט קיין פאַרמער...

נו -וואָס זשע האָט ער אים פּאָרט געפרעגט ?

און ער באַשרייבט אַזוי דעם אינטערוויו:

ווען איך האָב דעם דיכטער ווינאָוו געטאָן אַ פרעג - וואָס איז אייגנטלעך דער זין פון זיין: דער זין פון מענטשלעכן לעבן? פון דער מינוט ווען ער ווערט געבוירן, איז ער דאָך לכתחילה אַ פאַרמישפּעטער. איז וואָס זשע: האָט דער מענטש עפּעס אַ שליחות צו דערפילן פון פונקט אַ ביז פונקט ב? נו - לאָמיר זאָגן:

די בין האָט אַ שליחות צו מאַכן האָניק: די קו פראָדוצירט מילך - אַ באַשטימטע, באַגרענעצטע - דערפאַר אָבער - קאָנקרעטע אויפגאַבע. אָבער דער מענטש? ווי אַזוי למשל פאַרשטייט ווינאָוו -זיין זין פון לעבן?

דער פּאָעט ווינאָוו - שרייבט ווייטער סימטשיק - האָט געטאָן אַ קוק אויף מיר מיט מילדע אויגן - אַ קוק אין זיין גלאָז - ווי ער וואָלט זיך געישובט: איבערלאָזן - אָדער אויסטרינקען? ער האָט אַוועקגעשטעלט דאָס גלאָז אויפן ראַנד פון פּאָטעל מיט דער זיכערקייט - אַז עס וועט נישט פאַרלוירן גיין. ער איז צוגעגאַנגען צום שרייב טיש, גענומען אין האַנט אַ בוך, אַ מיש געטאָן די זייטן אַהין און צוריק, האָט ער גענומען פאָרלייענען:

"דאָס שנייעלע"

"אין די דאָזיקע לעצטע מינוטן, האָבן אירע געדאַנקען זיך אומגעקערט צו די

טעג, ווען זי איז געווען יונג, און צו דער פראַגע, וואָס איז קיינמאָל נישט פאַרענטפערט געוואָרן: פאַרוואָס? וואָס איז געווען דער זין פון דעם אַלעם? און דאָס וויכטיקסטע: ווער? פאַר וועלכן צוועק איז זי געבוירן און אַראָפּגעשיקט געוואָרן אויף דער ערד - צו זיין לוסטיק און אומעטיק; צו האָבן מאָמענטן פון גליק און מאָמענטן פון אומעט. צו פאַרגיין אין גאָרנישט, צוגעצויגן ווערן צו דעם בוזעם פון דער זון, און פאַלן צו דער אויבערפלאַך פון ענדלאָזן אָקעאַן. אויף אַן אמת. דאָס מיסטעריעזע דערפון זעט אויס גרעסער, ווי ווען נישט איז - און זינלאָז. ווו איז די לאָגיק? די נאַטירלעכע שיינקייט אין געבוירן צו ווערן און דאַן שטאַרבן, צו לעבן און צום סוף גיין לאיבוד?"

נאָכער האָט ער אַ ווײַלע געשוויגן, זיך פאַרטראַכט און אַ פרעג געטאָן: ווייסט איר ווער דאָס האָט געשריבן ? - אַן ענגלישער שרייבער מיטן נאָמען גאַליקא...

ווען ווינאָוו איז ענדלעך געבליבן מיט זיך אַליין, האָט ער אַ טראַכט געטאָן: צו וואָס קאָן נוצן דעם מענטש די געוויע סיבה, אָדער אויפגאַבע, וועלכע זיין זיין דאַרף דערפילן. באַפרידיקט זיי נישט דאָס זיין גופא - אַן און פאַר זיך? איז נישט גענוג דעם פּאָעט צו באַזינגען די שיינקייט פון דער וועלט? איר טרויער און איר בענקשאַפט? וואָלט אים לייכטער געווען דאָס אַוועקגיין - ווען עמעצער וואָלט אים פון פאָרויס פאַרטרויט דעם: צוליב וואָס ער איז געקומען?

דער באַוווּסטזיין פון דעם צוליב וואָס וואָלט אָרעמער געמאַכט די מענטשלעכע פאַנטאַזיעס, עס וואָלט דערמאָרדעט דעם טרוים, די האָפענונג. דאָס וועלן אַנטפּלעקן אומבאַקאַנטע אויסמעסטונגען, דערגרייכן נייע, גייסטיקע הויכן...

אין זיין באַוווּסטזיין האָט דער פיזישער פּראָצעס פון פאַרגיין נישט אַרויסגערופן קיין רעאַקציע. פאַרגיין. אים האָט באַפרידיקט דער ענטפער, וואָס ער האָט אַנומלט געהערט פון אַ דאָקטאָר, אויף דער פראַגע פון אַן אַלטער פרוי:

- האָסטו עפּעס געשפּירט, ווען דו ביזט געבוירן געוואָרן? דאָס אייגענע וועסטו פילן ווען דו וועסט פאַרלאָזן די וועלט...

ביי זיך האָט ער פונדעסטוועגן אָפּגעמאַכט: צוליב איין לויטערער, פּאָעטישער שורה, וואָס זאָל זיין דורכויס קונסט און וועט בלייבן אייביק - האָט געלוינט צו זיין אויף דער וועלט. אויך דאָס שניי̈עלע האָט זיך באַגייסטערט מיט דער שיינקייט פון באַשאַף - אפילו אין דער קורצער רגע פון צעגיין.

להיפּוך צו אַנדערע שרייבער, איז ווינאָווס שטייגער געווען צו לייענען אויך אַנדערע דיכטער.

נישט די פאַרצייטיקע, נאָר דווקא די, וואָס פּרובירן אין דעם אומרו פון דער וועלט אַריינפּאַסן אַ ליד. און געשען איז, אַז דאָס אויג האָט זיך פאַרהאַלטן אויף אַ שורה פון אַ ליד:

"די וועלט האָט זיך באַניט ווי אָנגעטאָן אין אַ חופּה-קלייד"

נו - אַליין ברודערקע האָסטו מיטן חופּה-קלייד נישט מצלח געווען.( צו די אַלע זאַכן האָט סימטשיק אַרויסגעוויזן אינטערעס און געוואַרט, אַז ווינאָוו זאָל זיך אַראָפּריידן פון האַרץ) - וועגן דעם האָט ער מיט זיך קיין וויכוח נישט געפירט. נישט איז נישט, מסתמה זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין דער רעם... אָבער יענער פּאָעט איז דאָס נישט אויסן.

וואָס טליעט אין דער נשמה פון יענעם פּאָעט? עפּעס מוז דאָך זיין אין זיין

אונטערבאַוווּסטזיין וואָס האָט אַ שטויס געטאָן די מחשבה. די פעדער - געלאָזן איז גאַנג דעם מעכאַניזם וואָס שאַפט דעם סימבאָל.

אין דער רגע האָט ער באַנומען, אַז אייגנטלעך וואָלט ער דאָס געקאָנט ענטפערן דעם רעפּאָרטער סימטשיק. דער זין פון זיין איז נישט אין שטעלן פראַגן. דער סאַמע קלוגסטער אופן פון פרעגן, ווי קיסטלעריש און האַרמאָניש דער צוניפשטעל פון דער פראַגע - וועט סיי ווי נישט ברענגען דעם באַפרידיקנדיקן ענטפער. מען דאַרף וואַרשיילעך זוכן דעם ענטפער אין זיך - און נישט אין דרויסן.

און דעם פּאָעט וויגאָוו האָט זיך געדוכט, אַז ווען ער וואָלט געקאָנט אָנטאַפּן דעם פונק, וואָס האָט אַרויסגערופן צום לעבן די שורה מיטן דיכטערישן חופה-קלייד, וואָלט ער אפשר געפונען אַ שליסל.

* * *

און די פראַגע בלייבט הענגען אין דער לופטן, ווי אַ וואָלקן: מען זעט אים, מען שפּירט זיין אָנוועזנהייט, אָבער אָנטאַפּן - קאָן מען אים נישט.

ווינאָוו האָט אין געדאַנק אַ שפּאַן געטאָן צוריק דורך דורות - דורך קולטורן. ער האָט געזען די פאַרשריבענע בלעטער אויף וועלכע דער מענטשלעכער געדאַנק ראַנגלט זיך מיט זיין באַשאַפער און וויל פון אים אַרויסבאַקומען אַ צייכן, אַן אָנדייט... ס'איז אים אויסגעקומען, אַז ער שטייט אויף אַ הויכן לייטער, אויף וועלכן עס פאַרמעסט זיך דער מענטשלעכער געדאַנק. ער וויל זיך אַרויפדראַפּען, מאַכן אָנשטרענגונגען. עס דוכט זיך: אָט איז עס אים געלונגען - נאָר אין לעצטן סך-הכל שטייט ער נאָך אַלץ פון אונטן, מיט די פיס אויף דער ערד.

נישט ווּיסנדיק ווי אַזוי, ער האָט זיך ווידער צוריקגעקערט צו דעם חופה-קלייד, צום סוד, וועלכן יעדער מענטש וועט נישט מיד צו אַנטפּלעקן אויף ס'ניי. דעם פּאָעט וואָס פאַרבינדט עפּעס מיטן חופה-קלייד און עס בלייבט פּאָרט נישט דערזאָגט - מחמת ער איז ווי ווינאָוו אַליין, אָן אַ באַשייד צו דעם, וואָס עס פערמענטירט אין אים אומבאַוווסטזיניק.

דאָס - וואָס סימטשיק איז מער נישט געזעסן קעגנאיבער אים, האָט ווינאָוו באַדויערט. דווקא איצט האָט ער אים געוואָלט אַ פרעג טאָן:

- אָט האָט ער דעם שליסל צו דער פראַגע, וואָס וואָלט ער דערמיט געטאָן?

עס איז כדי צו לאָזן פאַלן אַ וואָרט וועגן ווינאָווס אופן פון טראַכטן: אים איז אויסגעקומען, אַז דאָס פרעגן איז בלויז אַ חנדל, אַז דער מענטש וויל גאָרנישט וויסן דעם ענטפער, מעגלעך.

אויף געוויס קאָנען מיר דאָס נישט קאַווירן...

# דער מאַן אין צווישן...

די סאָוויעטיש-דייטשע מלחמה איז שוין אַריין אין דער דריטער וואָך. לויט מאַקאַרעצקין, דעם נאַטשאַלניק פון "פּראָדסנאַב" איז אויסגעקומען, אַז די מלחמה וועט לאַנג נישט געדויערן, וואָרעם וואָס פּאַראַ ווערט האָבן די דייטשן ביי די רוסן מיט זייער קריגס-טעכניק.

נו, אויף מאַקאַרעצקיס מיינונג האָט מען ווייניק זיך געקאָנט פאַרלאָזן. ערשט אַ ווינטער פריער, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די סאָוויעטיש-פינלענדישע מלחמה האָט מאַקאַרעצקי פאַרזיכערט:

מיט די היטלען וועלן מיר זיי פאַרוואַרפן - וואָס פּאַראַ ווערט האָבן זיי ביי אונדז.

נאָר ווען די מלחמה האָט געדויערט נישט מער ווי איין וואָך, האָבן זיך באַלד געמאַכט לאַנגע רייען ביי די ברויט-קראָמען, און מאַקאַרעצקי האָט זיך נישט געקאָנט אַן עצה געבן מיט דער צושטעלונג.

- פשוט סאַבאָטאַזש, נישט צו פאַרשטיין - האָט ער זיך דאַן געקאָכט - כאָטש ער האָט קיינמאָל נישט אויסגעזאָגט ווער עס מאַכט סאַבאָטאַזש און וועמען קאָן ער נישט פאַרשטיין...

מאַקאַרעצקי דער ווייס-רוס, האָט גערעדט אַ נישקשהדיקן יידיש. פאַר דער רעוואָלוציע איז ער געווען אַ געזעלן ביי אַ מינסקער יידישן שוסטער, און ער איז געווען אַ ביסל מער צוגעלאָזן ווי די אַנדערע אַראָפּגעקומענע פאַרטייער.

- אָבער וואָס טוט מען דערווייל?

- דערווייל, ברורערקע - טו, וואָס אַלע טוען - וואָס ווייטער פון פראָנט איז געזונטער. דאָרטן, אין "טיל" - וועלן מיר שוין זען. די פאַראָרדענונג פון צענטער - האָט ער שוין פאַרטרויליך צוגעגעבן - איז עוואַקואַציע מיט אַלע מעגלעכע מיטלען. דאָס מיינט - צי, ברודערקע...

דער אינסטינקט פון זוכן שוץ פאַר דעם אומבאַקאַנטן האָט געטריבן אין דער וועלט אַריין

אין דעם פּליטים געלויף האָבן מיר שוין באַוויזן צו דערגרייכן אַ סטאַציע אויף דער מאַגיסטראַל-מיטשורינסק-טאַמבאָוו באַן-ליניע, וואָס האָט געטראָגן דעם אימפּאָנירנדיקן נאָמען: "באָגאָיאַוולענסק".

דאָס איז נישט דווקא געווען די פּאַסיקסטע צייט צו דערגרונטעווען זיך אין דעם ענין; צי האָט גאָט זיך טאַקע געיאַוועט אויף דעם אָרט - אָבער - כ'האָב זיך צוגעזאָגט, זיך איבערצופרעגן גענוי, וועגן אָט דעם נס.

דערווייל האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער אָרטיקער "עמ-טע-עס". מיט דער האָפענונג, אַז אפשר איז דאָס מאָל מאַקאַרעצקי גערעכט, און אַז גאָר בקרוב וועלן מיר קאָנען זיך צוריקקערן אַהיים.

דערווייל זענען די עשאַלאָנען מיט עוואַקואירטע געלאָפן נאָכאַנאַנד פון ווייסרוסלאַנד טיפער אין לאַנד אַריין. אין פליטים געלויף האָט יעדער געזוכט אַ באַקאַנט פנים; אַ באַדערפעניש צו זען עמעצן אַ נאָענטן וואָס איז אַנטרונען אין דער סאַמאַטאָכע, און מיט זייטיקע וועגן זיך דערשלאָגן צו אַ באַן-סטאַציע; פילן, אַז מען איז נישט אַליין - אַ קערנדל זאַמד אין דעם ווירבל-שטורעם.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט, נישטערנדיק צווישן די וואַרטנדיקע וואַגאָנען, אָנגעפּראָפּטע מיט מענטשן, האָב איך אינסטינקטיוו דערשפּירט ווי עמעצער קוקט מיר נאָך. איך האָב זיך אויסגעדרייט און דערזען: אין אַ טיר פון אַ לאַסט-וואַגאָן איז געשטאַנען אַ פרוי מיט אַ יונג מיידל. אויף וויפל איך האָב זיך אָריענטירט, איז עס געווען איר טאָכטער.

די דאָזיקע פרוי האָט געוווּסט ווער איך בין, און נאַטירלעך - איך האָב געוווּסט ווער זי איז, כאָטש איך האָב זיך נישט געקאָנט דערמאַנען, צי האָב איך אַ מאָל מיט איר אויסגעטוישט צוויי ווערטער.

אָבער דאָ, אין דער ווייטער פרעמד האָט זי אין מיר דערקענט אַ היימישן. פון מידקייט פון זען אַזוי פיל מענטשן אין אַזאַ קורצער צייט, איז זי ביי זיך נישט אינגאַנצן זיכער געווען, אַז דאָס איז טאַקע דער זעלבער, וואָס זי האָט געדענקט פון שטעטל. דאָך האָט זי איינגעשטעלט אַ פרעג צו טאָן:

- ווי לאַנג זענט איר שוין דאָ?

- אַ פּאָר טעג ערשט. און ווען זענט איר אַוועק פון שטאָט? ווייזט זיך אַרויס, אַז כמעט אין דער זעלבער צייט ווי מיר, נאָר צוליב די אומוועגן האָט עס געדויערט לענגער צוצוקומען צו אַ באַן-סטאַציע.

- וווּהין פירט דער צוג? - האָב איך שוין געפּרובירט אָנקניפּן אַ שמועס.

- דאָס ווייסן מיר נישט. דעם מאַן האָב איך ערגעץ ווו פאַרלוירן ווען מען האָט באָמבאַרדירט מאָהילעוו, און ווי לאַנג בלייבט איר דאָ?

די פרוי האָט זיך געוווּנדערט וואָס איך בין שוין דאָ אַזוי צו זאָגן - איינקוואַטירט מיט אַרבעט, אַ ברויט, קאַרטאָפל. אפשר האָט זי מיך גאָר מקנא געווען - אַ מענטש האָט שוין אַ שטיקל מקום, און זי מוז זיך נאָך שלעפּן ווער ווייסט וווּהין.

עטלעכע פראַגן זענען ביי מיר געזעסן אויפן שפּיץ צונג, נאָר גיי פרעג עפּעס, ווען יענע זיצט אין טיר פון אַ לאַסט-וואַגאָן, אויס מורא טאָמער נעמט דער צוג רירן. און בכלל - אויב אפילו יאָ - וואָס גייט עס אייגנטלעך מיך אָן... אין אָנבליק פון דער סיטואַציע האָט עס אייגנטלעך מער קיין באַדייטונג נישט געהאַט - איך גלייב - איך וועל דאָ בלייבן אַזוי לאַנג, ווי ס'וועט זיך לאָזן.

אין דעם מאָמענט בין איך שוין נישט געווען מער זיכער אין דער מעגלעכקייט פון שנעלן נצחון, וועלכן די סאָוויעטן האָבן פאַרזיכערט. דער פראָנט קען זיך אויך אַהער דערנענטערן.

- יאָ, מיר וועלן בלייבן, ווי לאַנג ס'וועט זיך נאָר לאָזן...

דאָס איז געווען די לערערין פון דער שול, וואָס איז מיטן מאַן און דער טאָכטער אָנגעקומען אין שטעטל, אפשר אַ יאָר פריער, איידער די סאָוויעטן האָבן עס

פאַרנומען.

- איך בעט אייך, אויב מיין מאַן פאָרט דאָ פאַרביי, און איר באַגעגנט אים, זאָגט אים אַז מיר זענען געפאָרן ווייטער... אַצינד בין איך שוין געגאַנגען באַגעגענען די עשאַלאָנען נישט צוליב נייגעריקייט, נאָר טאַקע מיט אַ שליחות - פון פאַראייניקן אַ משפחה.

אגב בין אויך נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט עמעצן אַרומגעזוכט. אַרום די וואַגאָנען האָט געווימלט מיט מענטשן וואָס האָבן געהאַלטן אין איין פרעגן: פון וואַנען? וווהין? עמעצן באַגעגנט?

צומאָרגנס, ווי נאָר איך האָב געגומען גיין הין און צוריק איבערן פעראָן און פונאַנדערפרעגן פון וואַנען קומען מענטשן? האָבן זיי מיך באַמערקט און באַלד צוגעפאַלן צו מיר, ווי איך וואָלט געווען זייער איינציקע מעגלעכע האָפענונג.

- האָסטו אפשר געזען דאָ דורכפאָרן די לערערין זאַלצמאַן און איר טאָכטער?

כאָטשט איך האָב דערוואַרט אַזאַ מין פראַגע, בין איך אָבער געוואָרן איבערראַשט, ווען איך האָב אָנגעקוק דעם, וואָס האָט מיך פאַרהאַלטן מיט דער דאָזיקער פראַגע. דאָס איז געווען מיין חבר פון דער פריער יוגנט - שעוועל, מיט וועלכן כ׳האָב שוין נישט גערעדט אַ יאָר זעקס אָדער זיבן. צוזאַמען מיט אים איז אויך געווען דער לערערינס מאַן.

אין מיטן פון דער מלחמה האָט שוין נישט געהאַט קיין זין אויפצוהאַלטן די דיסטאַנץ פון זיין צעקריגט. - ערשט נעכטן זענען זיי דאָ דורכגעפאָרן אין דער ריכטנג פון טאַמבאָוו.

זיי האָבן מיר נישט באַדאַנקט. זיי האָבן אפילו נישט געפרעגט וועגן מיר און מיין משפחה. זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום וואַגאָן מיט מיין אינפאָרמאַציע, ווי מיט אַן אוצר, וואָס מ׳קאָן ביי זיי יעדע רגע צורויבן. אַ ווײַלע שפּעטער האָט דער צוג, מיט אַ שווערן סאַפּען זיך געלאָזט אויף זיין מאַרשרוט.

* * *

שעוועל און איך זענען געווען יונגע ייִנגלעך, ווען מיר האָבן פאַרענדיקט די שול. נישט מער - ער איז געווען אַ צוויי יאָר עלטער, און די דאָזיקע צוויי יאָר זענען געווען אַ מין באַריערע צווישן אונדז.

פון צווישן די מיידלעך וואָס זענען געווען אין אונדזער קלאַס, האָט זיך אויסגעטיילט סאָניע - אַ הויך, דאַר מיירל מיט פלאַקסענע צעפּ. מיט איר האָב איך זיך געפילט מער היימיש, מחמת זי האָט געהאַט אַ סך שטיפערישע ייִנגלשקייט אין זיך, און איז נישט אָפּגעשטאַנען פון אונדז.

וואָס שעוועל האָט געטראַכט וועגן סאָניען, און ווי ער פאַקוקט זיך אויף אירע ייִנגלערישע שטיפערייען - דאָס האָט ער מיר קיינמאָל נישט פאַרטרויט. אפשר דערפאַר וואָס ערשט עטלעכע יאָר נאָכן פאַרענדיקן די שול, האָט סאָניע גענומען אַרויסווייזן מיידלשע שטריכן. נאָר מיר זענען דאַן שוין נישט געווען מער קיין חברים.

אָבער נישט צוליב סאָניען.

דאָס האָט שוין געהאַט צו טאָן מיט די רייבונגען אַרום פּראָבלעמען; מיינונגס פאַרשידנהייטן, וואָס זענען אַ בייפּראָדוקט פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

אויך מיר, די אונטערוואַקסנדיקע אַביטוריענטן, און די צוקונפטיקע טוער, האָבן דערווייל מיט יוגנטלעכן ברען פאַרנומען פּאָזיציעס - אונטערשטיצנדיק די מיינונגען פון די עלטערע. דאָס האָט אונדז צעשיידט.

סאָניע איז געבליבן אויף שוועלס זייט פון דער "באַריקאַדע". און כאָטש די עלטערע זענען אפשר אין אַ יאָר אַרום געקומען צו אַן אויסגלייך - צווישן אונדז איז די פרעמדקייט פאַרבליבן.

שוועל איז דערווייל אויסגעוואַקסן אַ פעסטער בחור, און שוין געאַרבעט ביי סטאָלערײַ. דער ענין מיט סאָניען האָט אָנגענומען אַן ערנסטן כאַראַקטער - אַזוי האָט עס מיר, דעם דרויסנדיקן, אויסגעזען.

זי איז שוין דאַן געווען אַ מיידל פון אַ יאָר זיבעצן, און ער - קנאַפּע ניינצן.

צוליב דער זעלבער סיבה האָב איך אויך מיט סאָניען פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט, כאָטש פון צייט צו צייט האָבן מיר זיך באַגעגנט און פאַרבייגעגאַנגען, ווי פרעמדע. סאָניעס פריינדשאַפט איז מיר געווען אַ שאָד אָבער אין יענע יאָרן איז דער פּרינציפּ געווען דער הייליקער געבאָט פון אויספרווון אַ מענטשלעכן כאַראַקטער און צו באַווייזן דעם פעסטן ווילן, האָט מען געמוזט אַ סך אויפגעבן....

קיין שיין מיידל, ווערליק מען שאַצט אָפּ מיידלעך - איז סאָניע נישט געווען. איר פּנים האָט סיי ווי איינגעהאַלטן די שאַרפע שטריכן פון איר קינדהייט. איר בליק איז אַ זוכנדיקער, אַ דורכדרינגלעכער - אָנגעשפּיצט. איר גאַנג איז נאָך אַלץ געווען אַן איילִיקער, נערוועזער.

די משפחה אירע - אַ מאַמע, אַ ברודער און שוועסטער - זענען געווען אָרעם. דער פאָטער האָט געשטאַמט פון טיף פוילן און האָט געמוזט צוריק פאָרן אַהין, ווייל אין שטעטל האָט ער מער נישט געקענט פאַרבלייבן, צוליב אַ מעשה מיט "אַמעריקאַנער כלות".

נעמען די משפחה צו זיך - האָט ער קיין מעגלעכקייט נישט געהאַט. מיר האָבן זיך דעפון קיין ווערן נישט געמאַכט. נאָך אַלעמען - דאָס איז נישט פאַרלאָפן אין אונדזער צייט. וועגן די פּרטים האָבן אפילו די דערוואַקסענע זעלטן דערמאָנט.

יאָרן זענען פאַרביי. ביי סאָניען האָט זיך נאָך אַלץ נישט אויסגעוועבט דער פאַרדאַכט, אַז עמעצער קאָן איר ווען אויסמיידן צוליב דעם.

אין דעם ענגן צימערל ווו זיי האָבן געוווינט זאַלבע פערט, איז שוועל געווען אַן אָפּטער אַריינגייער. אפשר צו אָפּט, ווערליק עס פירט זיך בלויז צווישן באַקאַנטע.

צו ערשט איז סאָניע נישט געווען פאַרכאַפּט פון דעם, ווי די זאַך צווישן זיי אַנטוויקלט זיך. נאָך איידער וואָס, ווען - האָט זיין משפחה גענומען איר צעטוליען, ווי אַן אייגענע.

איז דאָך שוועל געווען דאָס מוזיניקל; איינער וואָס האָט שוין געלערנט אין די קלאַסן...

- זיי ווילן מיך קויפן - האָט זי אַ זאָג געטאָן אַליין נישט ווייסנדיק צו וועמען...

דערוואַכטע אינסטינקטן האָבן זייערע אייגענע וועגן צו דערגרייכן און באַפרידיקן די שטרעמונגען, וואָס עס איז זיי פאַרטרויט געוואָרן - אַ שטרעבונג צום ציל פון דערנענטערן די מינים. די נאַטור דערוואַרט די פאַרמערונג פון די מינים - און אויב מענטשן ווילן עס איינוויקלען אין אַ באַשטימטער עסטעטיק, און אָנרופן ליבע, איז אדרבא...

און ווייל סאָניע האָט קיין אַנדערע חברים נישט געהאַט, איז זי מיט שוועלן געוואָרן נאָענט און נענטער...
די זומערדיקע נעכט אַרום די הינטערשטאָטישע סעדער האָבן זיי איינגעהילט אין אַ טונקעלער סודותדיקייט. די געפילן צעוואַרעמטע מיט יוגנטלעכן רייץ - ביז פאַרגעסונג - זענען געווען דער בליץ, נאָך וועלכן עס קומט דער זומערדיקער רעגן...
ערגעץ ווו, אָבער אין איר אינטערבאַוווסטזיין האָט זיך אַ כוח אַנטקעגנגעשטעלט אָט דער נאָענטקייט, אין וועלכער עס האָט געפעלט די באַרעכטיקונג אָדער די פאַרענטפערונג. דאָס געפיל פון וועלן זיין תמיד צוזאַמען; פון וועלן אויפסניי אַנטדעקן איינער דעם צווייטן; פון האָבן די פינגער פאַרקלעמט אין איינעם און פילן דורך זיי דעם פולס פון קלאַפּנדיקע הערצער.
עס האָט געפעלט די באַדערפעניש פון וועלן זיך אויפלייזן. די אויפלייזונג איז אָנגערעגט געוואָרן דורך אַנדערע אימפּולסן - וועלכע זי האָט נישט געקאָנט קאָנטראָלירן און דאָס האָט איר אויך געאַרט.
דער ריס צווישן אונדז האָט זיך מער נישט פאַרהיילט. קיינער האָט מער נישט געהאַט קיין באַדערפעניש דערפאַר. סאָניע איז געוואָרן דער צענטער אַרום וועלכן שוועלס לעבן האָט זיך געדרייט. מיין פריידשאַפט איז זיי בײדן מער נישט נייטיק געווען...
שוועל האָט געהאַלטן הויך דעם קאָפּ, און אפילו מער נישט געקוקט אין מיין זייט, ווען מיר האָבן זיך צופעליק באַגעגנט.
סאָניע איז מיט יעדן טאָג געוואָרן מיידליש-דעליקאַטער. אירע צעפּ האָבן באַקומען אַ גאָלד-קאָליר. אין איר האָט זיך צעוואַקסן אַ יונגע פרוי. זי האָט באַקומען אַ רונדן בוזעם, וולכער איז איר פאַרויסגעגעאַנגען און זיך אָנגעזען. בלויז אין איר גאַנג איז פאַרבליבן די אַמאָליקע נערוועזיטעט, פון וועלכער זי האָט זיך נישט געקענט באַפרייען.
אין אַ געוויסן טאָג איז עפּעס געשען, וואָס האָבן אַלע די, וואָס האָבן זיי געקאָנט געלאָזט ממש אָן לשון. ס'איז אַנגעשטאַנען אַ סיטואַציע וואָס איז נישט געווען פאָרויסצוזען, און געבליבן - אָן אַ באַשייד.
- נו, וואָס זאָגסטו אַצינד? האָט מיר יאָשקע ידידיהס אַ פרעג געטאָן, כאָטש ער איז נאָך אַלץ געווען שוועלס חבר, האָט ער מיט מיר אָנגעהאַלטן קאָנטאַקטן.
איך האָב אָנגעשטעלט אויף אים מיין בליק, וואָס האָט אים אויסגעזען נאַיִוו. עס האָט זיך אים נישט געגלייבט די דאָזיקע נאַיִוויטעט, און געמיינט האָט ער, אַז עס איז בלויז אַן אָנשטעל אַזאַ פון מיין זייט.
- וואָס זאָל איך זאָגן איצט? וועגן וואָס? די צייטן זענען געווען אומרוּיִקע, ספּעציעל פאַר יידן. ווערליק די צייטונגען איז אַ מלחמה נישט געווען צו פאַרמיידן. סטודענטלעך, וואָס זענען געקומען אַהיים פון לענדער און וואַרשע, האָבן שוין באַוויזן אַ היבש ביסל גיפט אַריינצולאָזן אין המון.
יאָשקען אַליין האָב איך שוין אויך נישט געזען אַ פּאָר וואָכן, און בין געווען זיכער, אַז דאָס וויל ער וויסן, וואָס עס גיט איבער דער ראַדיאָ, איבערהויפּט ווען ער האָט געוווּסט, אַז איך הער די סאָוויעטישע נייעס אויך.
- ווייסטו טאַקע פון גאָרנישט? האָט ער נישט געוואָלט מיר מוחל זיין מיין נישט

וויסן - פונקט ווי מיין איגנאָראַנץ וואָלט געווען אַ מאָראַלישע זינד. - סאָניע און איר משפּחה זענען אַוועקגעפאָרן צו איר טאַטן - האָט יאַשקע אויסגעשאָסן אין איין אָטעם, - אָן אַ זיי געזונט! - און שוועל? - האָב איך מיט געמאַכטער קאַלטבלוטיקייט אַ פרעג געטאָן.

- מ'שמועסט ער וועט נאָכער נאָכפאָרן. ער אַליין אָבער איז שטום ווי די וואַנט...

- וואָס האָט קאַליע געמאַכט דעם שידוך? האָב איך שוין גענומען אַרויסווייזן אַ שטיקל אינטערעס. נישט וויסנדיק אַליין צי דאַרף איך זיין צופרידן דערפון, אָדער נישט...

- ער איז אויס מענטש. גייט אַרום ווי אַ נעכטיקער... דאָס, וואָס אַלע באַקאַנטע האָבן דערוואַרט ווי דעם נאַטירלעכן אויסגאַנג פון דער סיטואַציע, איז נישט געשען. צו אַלעמענס אַנטוישונג איז שוועל נישט נאָכגעפאָרן.

אומגעפער אין יענער צייט האָט זיך די משפּחה זאַלצמאַן אַראָפּגעלאָזט אין שטעטל, צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון לערער אין דער יידישער שול.

וועגן זאַלצמאַנען קאָן מען זאָגן אַז ער איז געווען דאָס, וואָס יידן באַצייכענען: אַ טיפּישער מלמד, אַפילו מיט אַ צוגאָב... און וואָלט ער נישט געהאַט קיין טאָכטער ווי אַ באַוויז אַז ער איז אַ מאַנצפּערשוין, וואָלט מען אַפילו אין דעם פאַקט געקאָנט לייקענען.

די פרוי זיינע - אויך אַ לערערין - איז נישט געווען קיין יונגע, און קיין ספּעציעלע שטריכן וואָס זאָלן אַרויסרופן אויפמערקזאַמקייט האָט זי אויך נישט פאַרמאָגט. פון די קנייטשן אויף איר פּנים האָט מען געקענט אַרויסלייענען, אַז פון לוקסוס-לעבן האָט זי נישט געליטן. אָבער לויט איר באַנעמונג האָט מען באַלד געקאָנט אורטיילן, אַז וואָס-וואָס, קיין פאַרשלאָפּענע איז זי נישט.

זי גייט שוין אין די הויזן - דאָס האָט אַפילו איינער וואָס איז נישט קיין מבין אויך געקאָנט אַנען - אַזוי האָט געפּסקנט דודל "סעראָוואָדקע", וואָס איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָט די לערער אויפגענומען און באַזאָרגט מיט אַ קוואַרטיר. - און די טאָכטער? - פון דער פראַגע האָט זיך געקאָנט דוכטן אַז אַ פריילין האָט זיך באַוויזן אויפן שטעטלשן האָריזאָנט...

- ס'קומען דיר נאָך אַלץ מיידלעך צו חלום - האָט דודל דעם פרעגער אָנגעקוקט. - פאַרגעס - די טאָכטער איז אוודאי אַלט אַ יאָר אַכט אָדער ניין... און די מאַמע? האָט דער פרעגער נישט געוואָלט אויפגעבן, מ'זאָל אים נישט האַלטן פאַר קיין כניאָק: - אַזוי, אַ גאַנץ נישקשהדיק ווייבל - דאָס האָט שוין דודל געזאָגט סתם אַזוי.

פון די אַמאָליקע שילער האָט זיך בלויז שוועל באַפריינדעט מיט דער לערער משפּחה, כאָטש אַמאָל בין איך אויך געווען צווישן די ערשטע, אָפּצושטעקן נייע לערער אַ וויזיט... אָבער נישט מער...

אָן סאָניען האָט זיך נאָך אַלץ די וועלט געדרייט, כאָטש שוועלס וועלט האָט זיך געדרייט אַ היפּש ביסל לאַנגזאַמער. ער איז אין יענע טעג געווען ווי אַן אינסטרומענט - ראָמאַנטיש אָנגעצויגן - וואָס האָט געוואַרט אויף זיין מייסטער...

דעמאָלט האָט זיך שוועל געכאַפּט, אַז זיין בילדונג באַפרידיקט נישט מער די באַדערפענישן, וועדליק צו היינטיקע צייטן. די לערערין זאַלצמאַן איז מסכים געווען צו געבן אים עטלעכע לעקציעס אַ וואָך

- שעוועל קלייבט זיך צו ווערן אַ פּראָפעסאָר - האָט מיר יאָשקע געלאָזט וויסן, וואָס אויף "יענער זייט" קומט פאָר. יאָשקען האָבן אויך עלטערע גימנאַזיטסן געגעבן לעקציעס, אין פּויליש און העברעאיש. זיין באַמערקונג איז דערפאַר געווען אָן סאַרקאַזם, אדרבא - ער איז געווען צופרידן, וואָס שעוועל מאַכט אים נאָך.

- די צייט פאַרלאַנגט, אַז אַ מענטש זאָל וויסן אַביסל מער ווי ער ווייסט - האָט שוין יאָשקע מעשׂה פילאָזאָף פאַרענטפערט זיין באַמערקונג, און דו ווייסט דאָך יאָ, אַז צופיל האָבן מיר ביידע נישט געלערנט.

אויף וויפל איך האָב געדענקט פון שול נאָך, איז שעוועל נישט געווען פון די גוטע שילער און אויב ער קאָן אָניאָגן, וועט עס אים נישט שאַטן. דאָס האָב איך געקאָנט ענטפערן. אָבער צופיל סימפּאַטיע האָב איך נישט געהאַט פאַרן בחור, און דאָ האָט זיך געמאַכט אַ גוטע געלעגנהייט עס צו לאָזן וויסן:

- ער האָט אוודאי איבערגעלייענט אין פאַראיין די לאָזונג פון קאַרל מאַרקסן, אַז: וויסן איז מאַכט. צו וואָס זשע דאַרף שעוועל איצט מאַכט, אַז סאָניע איז נישטאָ מער... - קענסט נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן די אַלטע מעשׂה - האָט יאָשקע נישט געקאָנט פאַרשווייגן מיין שטאָך. נאָך דעם, ווען ער האָט זיין חוב לגבי דעם חבר אָפּגעטאָן, האָט ער פונדעסטוועגן געהאַלטן פאַר נייטיק אויך מיר צו געבן אַ לעקציע וועגן די "פאַקטן פון לעבן": - מיט אַ מיידל ביסטו קיינמאָל נישט זיכער. זי קוקט אַלע מאָל אַריבער דיר, און אויף דער אַנדערער זייט קאָן זיך אַלע מאָל געפינען עמיצער, וואָס געפעלט איר בעסער ווי דו.

וואָס ער האָט געמיינט איז פאַר מיר געווען נישט אינגאַנצן קלאָר, אָבער ס'איז געווען גלייכער נישט איבערצופרעגן, טאָמער קאָן עס מיך שפּעטער פאַרדריסן...

* * *

דער פּאַרק וואָס האָט זיך געצויגן ארום דער אָזיערע, האָט געהערט צום אַלטן גראַף, אָבער ער אָט קיינעם נישט געשטערט אַרומצושפּאַצירן אין אים און געניסן פון שאָטן פון די צעצווייגטע קלאָנען און אַלטע דעמבעס.

אין דער שילער און די לערערין געגאַנגען שפּאַצירן אין פּאַרק, אין די פריע אָוונט שעהען.

די לערערין האָט באַנומען, אַז אויסער וויסן, וואָס איז אים נייטיק, זוכט דער שילער אַן אָפן אויער, פאַר ווערמען זיך אַראָפּצורייידן פון האַרצן, האָט זי אים געלאָזט ריידן. אַ שותף צו זיין בענקשאַפט - האָט זי זיך דערפילט יינגער, און אַ נישט פאַרלאָשענע קויל וואָס האָט אין איר געטליעט, האָט זיך גענומען צעבלאָזן אין אַ פלאַם, וואָס האָט באַלויכטן די נישט-אויסגעלעבטע געפילן.

דער בחור האָט איר אימפּאָנירט. כּוח האָט געשפּראָצט פון אַלע זיינע גלידער. די האַנט מיט וועלכער ער האָט איר צופעליק באַרירט - האָט געבריט אין דעם טונקעלן אָוונט האָט זי זיך געפילט נאָענט צו אים - און די צען יאָר צווישן זיי זענען ווי אָפּגעמעקט געוואָרן.

מיט דער אינטואיציע פון אַ דערפאַרענער פרוי האָט זי גלייך דערשפּירט, אַז דער בחור איז נישט גלייכגילטיק צו איר, אַז ער וואַרט אויף אַ סימן.

ווען זי האָט געמאַכט די אַנטפּלעקונג, איז זי נאָך ביי זיך נישט געווען זיכער ווי צו האַנדלען, כאָטש זיין אויפמערקזאַמקייט האָט איר געשמייכלט.

דאַרף זי זיין געפיל קולטיווירן און דערמוטיקן? זי האָט געלאָזט אָנוואַקסן די שפּאַנונג. דער בחור איז געוואָרן אומגעדוליק. זי האָט געפילט, אַז ווען ער זיצט נעבן איר און קוקט אַריין אין העפט, אָדער אין אַ בוך, ציטערט ער אינגאַנצן, ווי עס וואָלט אים געשווידערט. דער בלייפעדער ציטערט אין זיין האַנט. לויט זיין ענטפערן אויף די פראַגן קומט אויס, אַז זיין קאָפּ, זיינע חושים זענען גאָר ערגעץ אַנדערש.

עס האָט געדראָט די סכנה, אַז אין מיטן פון דער לעקציע, אין דער ענגשאַפט פון צימערל זאָל ער עקספּלאָדירן און עס זאָל געשען. זי פילט, זי וואָלט נישט געשטעלט קיין ווידעשטאַנד...

זי האָט נישט געוואָלט איבערציען דאָס שטריקל. אויך איר האָט די, קאַץ און מויז שפּיל דערעסן. פון דער כוואַליע, וואָס האָט אַ רויש געטאָן אין איר בלוט, איז איר קלאָר געוואָרן, אַז אויך זי איז צייטיק פאַר דעם אומפאַמיידלעכן.

זי האָט מיטביידע הענט אָנגענומען זיין קאָפּ, אים אויסגעדרייט צו זיך, אַריינגעקוקט אין זיינע פאַגלייזטע אויגן און שטיל אַ שעפּטשע געטאָן. אין זיינע אויערן האָט עס אָפּגעקלונגען ווי אַ דונער.

- נישט דאָ. היינט ביינאַכט. אין פאַרק. דערוויל האָב געדולד...

קיין גרויס באַגייסטערונג האָט דער דאָזיקער ראָמאַן נישט אַרויסגערופן ביי ביידע צדדים.

אין שעוועלס משפחה האָט מען גענומען ריידן וועגן דעם, אַז פון דער לערערין וועט ער זיך גאָרנישט אויסלערנען, אַז די לעקציעס פאַרציען זיך צו שפּעט; אַז נאָך אַלעמען איז זי אַ מאַמע פון אַ קינד און זי האָט טאַקע אַ מאַן אויך...

דער לערער זאַצלמאַן איז אויך נישט געווען שטאַרק באַגייסטערט פון דער אויפמערקזאַמקייט, וועלכע זיין פרוי שענקט דעם שילער.

- די איבערגעגעבנקייט פון אַ לערער דאַרף זיין אַן איבערגעגעבנקייט ביז צו אַ גרענעץ - האָט ער איר פּעדאַגאָגיש געגעבן צו פאַרשטיין.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ בליק, פון וועלכן עס האָט געשאָסן מיט פונקען, פון וועלכן ער האָט שוין קיין גוטס נישט דערוואַרט.

- איך ווייס די גרענעץ - האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט קאַלטער אַנטשלאָסנקייט, פון וועלכן ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מער צו דיסקוטירן איז נישטאָ וואָס.

די דאָזיקע קאָמפּליקאַציע איז געווען ווי אַ מכה וואָס נעמט אָנוואַקסן פון אַ קליין טשיריקל. עס נעמט זיך אַנטוויקלען ערגעץ ווו אין קערפּער אין אַ קראַנק אָרט, עס קומט אָבער סוף כל סוף אַרויס אויבנאויף - און פּלאַצט מיט אַ נישט אָנגענעמען ריח.

און געשען איז עס אין אַ געוויינלעכן פרייטיק בייטאָג.

די קוואַרטיר ווו די זאַלצמאַנס האָבן געוווינט, איז געווען אַ צימער הינטער אַ בעקעריי. דאָרט האָט זיך - וועדליק פרייטיק - געררודערט מיט ווייבער און מיט טעפּלעך. אין אָט דעם גערודער איז מיטאַמאָל דער לערער זאַלצמאַן אַרויסגעלאָפן אין דרויסן מיט אַ געוואַלד, האַלנדיק די הויזן אין דער האַנט, ווייל ער האָט זיי נישט באַוויזן אָנצוטאָן.

שרייענדיק האָט ער באַמערקט, אַז ער האַלט די הויזן אין דער האַנט און זיי גענומען אייליק אָנטאָן. פון זיינע געוואַלדן האָט מען נישט פאַרשטאַנען וואָס ער

וויל. מען האָט געמיינט עס ברענט - אָבער קיין רויך האָט זיך אין ערגעץ נישט געזען. - יידן געוואַלד - האָט דער לערער נישט אויפגעהערט צו שרייען - ער ליגט דאָך מיט מיין ווייב אין בעט!...

* * *

וויל מען זיין ערלעך צום לערער זאַלזמאַן, דאַרף מען אַריינגיין אין זיין געמיט-צושטאַנד, אין דער קאָנפראָנטאַציע, וואָס האָט געבראַכט צו דער דעמאָנסטראַציע פון הילפלאָזיקייט. געווען איז עס אייגנטלעך, אָט ווי:

דעם פרייטיק, איז די פרוי געבליבן אינדערהיים. די טאָכטער איז נאָך דער שול געגאַנגען זיך שפּילן צו אַ חברטע. ווען דער לערער, איז פון זוניקן דרויסן, אַ מידער אַריינגעקומען אין צימער, איז דאָרט געווען גאָר טונקל. אין צימער איז קיינמאָל נישט אַריין די זון און מיט אַ פאַרהאָנגענעם פענצטער איז די טונקלקייט געווען אַ מיטנאַכטיקע. ער האָט געהערט אַז עמעצער ליגט אין בעט. פון איר רואיקן אָטעמען האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זי שלאָפט. אַליין איז ער אויך געווען מיד פון דער אַרבעט אין שול, און אַ ביסל זיך צולייגן, האָט ער געטראַכט, וועט אים וויל באַקומען.

צוערשט האָט ער אויסגעטאָן די ברילן - ער וועט דאָך נישט גיין אין בעט אַריין אין די ברילן, און דאַן האָט ער זיך אויסגעטאָן ווי געהעריק, און געוואָלט אַריין אין בעט, אויף זיין געוויינלעכן אָרט. אָבער דאָ איז שוין עמעצער אַנדערש געלעגן און געשלאָפן. די ווירקלעכקייט האָט אים אַ ברי געטאָן ווי מיט אַ גליענדיקן אייזן און ער האָט פאַרלוירן דעם ישוב הדעת. דאָס וואָס ער האָט שוין לאַנג חושד געווען, אָבער מורא געהאַט פאַרן מויל צו ברענגען האָט זיך מיטאַמאָל אַנטפּלעקט פאַר אים מיט דער גאַנצער ברוטאַלקייט. דערפילנדיק זיך איבעריק אין זיין אייגן צימער אין זיין אייגן בעט, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן די הויזן און איז אַרויסגעלאָפן אין דרויסן מיט אַ גוואַלד.

די ווייבער ביים בעקער האָבן אים באַדויערט, אָבער העלפן האָבן זיי אים נישט געקאָנט.

* * *

איך האָב נאָכגעקוקט דעם עשאַלאָן, אין וועלכן זיי זענען פאַרשווונדן מיט מיין אינפאָמאַציע, ווי מיט אַן אוצר, וואָס מ'קאָן ביי זיי אַ יעדער רגע צורויבן.

# דער מענטש פון אַנומלט...

דער "מענוזיס דרייװ" האָט נאָכגעפּאָלגט דעם אָקעאַן מיט זײַנע קאַפּריזנע ברעגן. כאָטש דער "דרייװ" איז געװען איינער פון די װיכטיקסטע אַרטעריעס פאַרן אויטאָפאַרקער, האָט ער דאָך זיך געמוזט אויסבייגן אַזוי, װי דער אָקעאַן האָט געצייכנט זײַנע ברעגן. אַזוי האָבן אויך די פּאַלמעס, װאָס האָבן זיך צעװאַקסן ביים ראַנד פון װעג געמוזט נאָכפאָלגן דעם "מענוזיס דרייװ".

אַלץ װאָס די פאַרבייפאָרער, װאָס טרייבן די שנעל לויפנדיקע אויטאָס האָבן צייט אויפצוכאַפּן מיטן בליק - זענען הויכע, קאַרבירטע, נאַקעטע שטאַמען.

דורך די פענצטער פון גאָרן, װו עס װוינט אַלף גריװין, זעען אָבער די גרינע פּאַלמע-שפּיצן אויס װי גרינע קוסטעס, װעמענס בלעטער עס גלוסט זיך אָפּט מאָל אַ צופּ טאָן. פון דעם גאָרן זענען די פאַרביילויפנדיקע אויטאָס אויס װי פלינקע זשוקעס, װאָס גליען אין דער נאַכט מיט רויטע אויגן.

דאָס אָפּשלאָגן זיך פון די כװאַליעס אין דער בעטאָנענער װאַנט, װאָס באַשיצט דעם "מענוזיס דרייװ"; דער געררויש פון די צװויגן אין װינט; דער נאָכאַנאַנדיקער ריטם פון דער פליסנדיקער באַװעגונג - דאָס אַלץ פאַרהאַלט זיך אין דרויסן, פאַרן פענצטער.

אויפן גאָרן װו עס װוינט גריװין (אַלף גריװין - איז אויסגעקריצט מיט געקינצלטע בוכשטאַבן אויפן מעשענעם בלעטל ביים נומער פון שטאָק און ביים עלעקטרישן גלאָק). װערן אפילו מענטשלעכע טריט איינגעזאַפּט אין דעם װייכן, האָריקן טעפּיך. דאָ װערן אפילו די קלאַנגען רעגולירט לויט גריװינס שטימונג, װען זיי קומען אַרויס פון עלעקטרישן שפּילקעסטל מיט די צענדליקער קנעפּלעך און רעגולאַטאָרן, דאָס האַרמאָניזירט מיט די בילדער אויף די װענט. די בילדער אַליין, קאָן מען זאָגן, זענען די עדות פון גריװינס אינטעלעקט.

פּיקאַסאָ, מאַטיס, רענואַר. עס לאָזט זיך מערקן, אַז די פראַנצויזישע מאָלעריי האָט אַן אָפּקלאַנג אין זײַן געמיט. זיי רירן אָן ערגעץ װו אַן עראָטישע סטרונע, װאָס רופט אַרויס פאַרגאַנגענע איבערלעבונגען. זיי לאָזן זיך געדאַנקלעך ביי אים רעסטאַװרירן ביזן קלענסטן פּרט... דערביי רופן זיי אויך אַרויס אַ מידן שמייכל, אין װעלכן ער איז פאַרבאָרגן די דערינערונג פון גענוס, װאָס נאָר ער - גריװין װייסט דעם באַשייד דערפון.

אַזוי זענען אויך די קליינע, פון האָלץ געשניצטע סטאַטועטקעס, געמאַכט פון פּילבאַרע פינגער פון "נאַיטיװס", װעלכע באַװוינען די אינדזלען, צעװאָרפענע איבערן אינדישן אָקעאַן. דאָס זענען צאַרטע פרויען-פיגורן, װעלכע באַמיען זיך מיט

דינע ציטערדיקע פינגער צו פאַרשטעלן זייער נאַקעטקייט. די מיידלשע גלידער, געשניצטע מיט קינסטלערישער געוואַגטקייט - לאָזן זיך נישט סתם אָנקוקן גלייכגילטיק. פון זיך אַליין ציען זיך די הענט צו די פיגורן - בלויז כדי זיך צו איבערצייגן, אַז זיי זענען טאַקע נישט מער ווי האָלץ, נישט מער ווי דער טרוים פון אַ קינסטלער. און אפשר זענען פּאָרט דאָ אַזעלכע באַרוישנדע פרויען-גלידער ביי די פרימיטיווע מיידלעך פון די טראָפּישע אינדזלען? מען פילט: דאָס איז נישט מער די עראָטיק פון דער יוגנט וואָס טראָגט אין זיך ווולקאַנישע לאַווע - עס איז עראָטיקאַ-נאָסטאַלגיע, אויסגעדריקט דורך קונסט. און אפשר האָבן די שטייגנדע, אָנגעוואַקסענע געפילן פון קינסטלער געפונען זייער אויסדרוק אין די בילדער, אין די שניצערייען? אים דאַכט זיך אפילו, אַז די געשטאַלטן זענען אויסגעוואַקסן אין באַוווּסטזיין פון קינסטלער - אַן אויסגעטרוימטע געליבטע, וועלכע בלייבט אייביק יונג; און כדי נישט צו פאַרלירן איר אָנבליק, האָבן די קינסטלער איר אָנגעקליידט אין שטיין-פאָרם, פאַראייביקט אויפן לייוונט אָדער דורך גענייטע פינגער געגעבן איר די דימענסיעס, וואָס דורך זיי וועט זי תמיד בלייבן יונג, ווען די ציטערדיקע פינגער פון קינסטלער וועלן מער נישט קאָנען אויפלעבן אויפן לייוונט זיינע יוגנטלעכע טרוימען.

אַז זיין בליק נעמט וואַנדערן פון איין געמעל צום צווייטן, פון ברוין-לאַקירטער צו אַ מאַט-מאַרמאָרנער פיגור, קומט אים אויס - אַז יעדער קינסטלער איז אַנדערש אָנגערעגט געוואָרן, אַז די דאָזיקע אַנדערשקייט האָט ער געוואָלט אויף אייביק פאַרהאַלטן, איינגלידערן אין בילד זיין אינטימען סוד - צו וועלכן נאָר ער אַליין האָט דעם שיפער...

אַזעלכע שטימונבען באַפאַלן גריווינען אין מאָמענטן פון אומעט, ווען ער דערפילט זיך מיטאַמאָל אַרויסגעשטויסן פונעם שטראָם פון די געשעענישן; ווען ער ווערט מיד פון לייענען די ביכער פון זיין פריינד, אָט דעם הויכן, דאַרן בחור מיט די גאָלדענע פענסנע, מיט וועלכן ער איז צוזאַמען געזעסן אין די קאָמיטעטן; דיסקוטירט אויף קרייזלעך. יאָ - אַצינד איז זיין פריינד אַ סאָלידער פּראָפעסאָר, וואָס שרייבט אין אַ פרעמדן לשון ביכער, וועגן זיינע דערפאַרונגען און קענטשאַפט פון פּאָליטיק.

גריווין האָט אַלע ביכער פון פּראָפעסאָר אשכנזי, און ווען ער לייענט זיי, הייבט ער אָן פון זיך אַליין אָפּפרעגן געוויסע געדאַנקען. ער דערפילט דעם כוח פון יענע דיספוטן אין די שלאָפלאָזע נעכט... די ביכער רופן ביי אים אַרויס אַ מין געפיל, אַז ער האָט עפּעס פאַרלוירן אַז ער איז אויסנגעבליבן. דעמאָלט באַפאַלט אים אַ בייזקייט;

- געוויס האָב איך מער געלט פון אים, אַ שענערע וווינונג - אָבער ער האָט עפּעס אויפגעטאָן. זיינע אידעאַלן זענען נישט געגאַנגען לאיבוד. עס איז אַ גייסטיקע ירושה פאַר דורות, און איך דאָ צאַפּל זיך ווי אַ פישל אויף אַ ווענדקע - אויף אַ קליינבירגערלעכער ווענדקע, געכאַפּט אויף אַ גאָלדן האַטשיקל... געוואָרן אַן אָנגעזעענער מענטש ביי די גויִם - פּראָפעסאָר אַשכנזי. נעבן די ביכער שטייט אַ ידיש ביכל פון זיינס אַ צווייטן חבר. ער איז נאָך ביי זיין לעבן געווען אַ לעגענדע די בלעטער דערציילן וועגן דעם מזבח אויף וועלכן דער מענטש האָט זיך פרייוויליק געבראַכט פאַר אַ קרבן

אַ דריילינג זענען זיי געווען: אשכנזי, ריבקין און גריווין. און קוקנדיק אַזוי, דוכט זיך אים - אַז אויך איצט וואָלטן זיי געדאַרפט שטיין צוזאַמען צווישן אשכנזיס ביכער

און ריבקינס - דאָס ווערק פון אַלף גריווין - אַ פיין געבונדענער באַנד מיט גאָלד-געפּרעסטע בוכשטאַבן אויפן רוקן. און דאָך האָט אים געצויגן צו אַן אַנדער בוך. ער איז תמיד צוגעקומען צום זעלבן אָרט, ווו דאָס צעטעלע איז געווען פאַרלייגט מיט זיינע באַמערקונגען. דער אָפּזאַץ וואָס ער האָט געפונען, האָט אים באַמרואיקט און דענערווירט:

- מענטשן לאָזן וואַרשיינלעך איבער שפורן אין דור, אין וועלכן זיי לעבן - אַזוי אויך לאָזט יעדער דור איבער זיינע שפורן אין מענטשן. לויט די שפורן קאָן מען געווינטלעך באַשטימען דאָס אָרט פון דעם דור אין דער צייט-רעכענונג.

די אינטעליגענץ פון מענטש אין דער ווייטער אורצייט האָט מען באַשטימט לויט די געפונענע כלים אָדער געצייגן - אַזוי געפינט מען היינט די שפורן אין אַ וואָרט, אַ באַגריף. אפילו לויט די מידות וואָס די מענטשן פון געוויסע קרייזן אין דעם דור האָבן באַנוצט, כדי זיך צו לאָזן דערקענען צו אייַנאַנדער; אפילו ווען דער מענטש איז שוין אַריינגעוואַקסן העט, העט אין אַנדערע דורות - גייט אים אָבער נאָך ווי אַ שאָטן דער דור, אין וועלכן ער אַליין איז אויפגעוואַקסן...

גריווין האָט זיך באַטראַכט ווי אַ מענטש פון דער עפּאָכע, אין וועלכער ער לעבט. דאָך איז אים אויסגעקומען פאַרדעכטיקט, ווי אַזוי אָט די צייט ווערט געשילדערט. איז עס טאַקע די עפּאָכע אין וועלכער ער לעבט?

- עס איז די עפּאָכע פון יונגע מענטשן וואָס דרייען אויס דעם פעלץ אויף דער לינקער זייט אין זייער איבערצייגונג, אַז ביז איצט איז עס גאָר קיינעם נישט איינגעפאַלן דאָס צו טאָן. עס דוכט זיך זיי, אַז וואָס זיי האָבן דערהערט - איז דאָס כישוף-וואָרט נאָך וועלכן די מענטשהייט האָט געבענקט, נאָר אין איר צוריקגעשטאַנענקייט האָט זי עס נישט געקאָנט באַנעמען.

וועלכע פּאָזיטיווע אידייען קאָנען האָבן די בחורים אין לויזע, צעצויגענע סוועטערס מיט נישט געצוואָגענע האָר און מיט בערד ווי פון פאַרצייטיקע קריגער; די מיידלעך - אין ענגע "דזשינס" און דינע, כמעט דורכזיכטיקע "באָדי-שערטס" ווו די ברייטע בריסט-וואָרצלען זעען זיך שאַרף אָן, אַ דעמאָנסטראַטיווער באַוויז - אַז זיי טראָגן נישט קיין "ביוסטן-האַלטערס".

צום ווילפלטן מאָל לייענט שוין גריווין די באַמערקונגען? זיי פּרובירן צו פאַרטרייבן פון גריווינס געדאַנק דעם גלויבן, וועלכן ער האָט אינוועסטירט אין דער יוגנט; די האָפענונג, אַז זיי וועלן אונדזער טרוקענער מאַטעריאַליסטישער וועלט געבן אַ נייעם אינהאַלט. אויפהייבן איר אַ שטאַפּל העכער - געבן איר עקזיסטענץ אַ זין. גריווין אַליין האָט נישט באַנומען, אַז ער טראַכט מיט די מחשבות פון זיין דור.

צו זיינע צווייאונצוואַנציק יאָר האָט גריווין שוין אויך צוליבן ווויל פון אַרבעטער-קלאַס. געהאַט גרייט זיין אייגענעם "בלופּרינט" (מוסטער) פאַר דער פירונג פון דער וועלט, לויט וועלכן דער מענטש וועט געניסן פון צוגעזאָגטן מן - און הגם גריווין האָט שוין דאַן געוווסט, אַז דער מן האָט פאַר יעדן געהאַט אַן אַנדערן טעם - דעריבער האָבן עקאָנאָמישע סטאַנדאַרטן (אונטערגעשטראָכן מיט אַ רויטן בלייפעדער) געדאַרפט זיין דער מאַטעמאַטיש-באַרעכנטער יסוד, אויף וועלכן די געזעלשאַפט וועט זיך אַנטוויקלען.

אין זיינע פילאָזאָפישע באַגריפן האָבן אָפּט זיך געביטן די שיטות. מען מוז אָבער

מודה זיין - נישט צוליב דעם, ווייל גריווין האָט באַמערקט בלויזן, אָדער עס האָבן זיך ביי אים באַוויזן סימנים פון נישט שטאַנדהאַפטיקייט. פאַרקערט: גריווין האָט געהאַלטן פון זיין "בלופרינט", אַ וועלט. ער איז גרייט געווען צו גיין אויף באַריקאַדן פאַר אים. אַזוי זיכער איז ער געווען אין דער פרעציזקייט פון די אָנגעצייכנטע ליניעס, באַרעכנטע פאָרמולן אויפצוציען די נייע געזעלשאַפט, ווי מען ציט אַרויף שטאָקן אויף אַ בנין.

נאָר וואָדען?

שולדיק זענען געווען די אינזשעניערן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט דורכקומען צווישן זיך וועגן געוויסע טעאָרעטישע באַהויפּטונגען. געווען צווישן זיי נאָוואַטאָרישע און אויך קאָנסערוואַטיווע אינזשעניערן. די ענדערונגען, וועלכע גריווין האָט איינגעפירט זענען געווען דערפאַר, וואָס ער האָט אין דעם דיספּוט געגעבן גערעכט אַמאָל איין גרופּע, אַמאָל אַ צווייטער.

צוליב די אַלע סיבות איז אויסגעקומען, אַז אין גריווינס "בלופּרינט" האָבן זיך באַוויזן איבערגעקרייצטע ליניעס. עס האָט אָנגעהויבן אויסזען ווי אַ לאַבירינט, אין וועלכן מען קאָן נישט געפינען קיין אַריינגאַנג און קיין אַרויסגאַנג. ער האָט זיך דערפילט ווי אַ שילדקרעט וואָס גראָבט טונעלן אין דער פינצטער, אין פאַרשידענע ריכטונגען. דער אינסטינקט פון שילדקרעט איז צו גראָבן אין דער ערד, איז אַ פון פאָרויס באַשטימטע פונקציע - אָט צוליב דעם איז ער אייגנטלעך באַשאַפן געוואָרן.

נו - און גריווין?

וואַרשיינלעך איז זיין מוח אַזוי קאָנסטרואירט, אַז ער מוז זיך תמיד גראָבן אין פּראָבלעם, אָן צו פּרוּוון דערגיין די לאָגיק פון די אינזשעניערישע ווידעראַנאַנדן.

סיי ווי: דאָס געפיל, אַז די אינטעלעקטואַלן האָבן ווידער פאַרקניפּט דעם פאָדעם, וואָס האָט זיך ביי אים ערגעץ ווו איבערגעריסן - האָבן ביי אים אַרויסגערופן ווידערקלאַנגען פון יענע יאָרן, ווען ער אַליין האָט געהערט צו דער יוגענד. האָט געפּרוּווט אַ טרייסל טאָן מיט דער וועלט פון קליינבירגער. ווייל וויסן דאַרף מען: אין גריווינס דור באַצייכנט צו ווערן ווי אַ קליינבירגער, איז געווען נאָך ערגער ווי מען וואָלט עמעצן פאַרגעוואָרפן, אַז זיין מאַמע ווייסט איבערהויפּט נישט, ווער זיין טאַטע איז געווען.

דאָך האָט זיך געלאָזט מערקן אַ געוויסער איינפלוס פון דעם, וואָס גריווין האָט געלייענט וועגן דער סטודענטשאַפט, וועלכע ער האָט ליב געהאַט צו באַצייכענען: יונגע אינטעלעקטואַלן.

פאַרדראָסן האָט אים, וואָס די יונגע חברה האָט אַזאַ מין טעאָריע, אַז מענטשן ווערן אַלט און אידייען ווערן אַלט. דעריבער קאָנען אַלטע לייט נישט האָבן קיין נייע אידייען, ווייל די אידייען פון אַלטע לייט זענען פונקט אַזוי אַלט און אָפּגעלעבט, ווי זיי אַליין זענען. און נאָך עפּעס: וואָס הייסט עס: געטרוי נישט קיין מענטש וואָס איז שוין איבער די דרייסיק?

גריווינס מוח, וואָס האָט געאַרבעט ווי אַ קאָמפּיוטער, לויט די פּראָגראַמירטע באַגריפן פון זיין יוגנט, האָט צוריקגעוואָרפן די נייע באַהויפּטונג. איבערצושטעלן אים האָט אָבער גריווין נישט געקאָנט, האָט ער זיך דעריבער געוועדט קעגן דעם אַנאַליז מיטן אימפּעט פון אַלע זיינע דיספּוטאַנטישע פעאיקייטן.

זיין עלטער איז נישט געווען צו פאַרלייקענען, כאָטש ער האָט זיך צו איר

קיינמאָל נישט מודה געווען. אָבער אידייען? ער איז שוין גרייט אַרויסציען זיין "בלופּרינט" און באַווייזן די צוציקעס, אַז כאָטש זיי האָבן געדיכטע, לאַנגע בערד, און כאָטש זיי לעבן אין די ווילבאַוווסטע זעכציקער יאָרן - אַז - נאָך הער, הער אין די צוואַנציקער יאָרן, וואָס ביי זיי קומען די יאָרן אויס ווי זיי וואָלטן געווען טיפער מיטלאַלטער - אַז שוין דאַן, האָט מען וועגן דעם פּלאַנירט און זיי האָבן קיין אַמעריקעס נישט אַנדעקט. נאָר וואָס-זשע דען? אין יענער צייט איז מען דערגאַנגען צו דער אידיי, ווי קאָלומבוס צו אַמעריקע - מיט זעגל-שיפן. היינט פּרובירן זיי צו איר צוקומען מיטן קירצערן וועג - ווי מיט אַ ראַקעטע צו דער לבנה.

און דאָ דאַרף מען לאָזן פאַלן אַ וואָרט וועגן גריווינס אָפּשטאַם, אויב עמעצער איז גרייט צו זוכן זיינע שפּורן: ביי גריווינען הייסן יונגע מענטשן, נאָך אַלץ: **יוגענד.** ווייל יונגע מענטשן אין גריווינס דור האָט מען גערופן יוגענד. אַ יונגער מענטש, וואָס האָט זיך אָנגעהערט ווו ניט איז פּאָליטיש, האָט געדאַרפט האָבן אַ צוגעטראַכטן נאָמען, ווי דאָס איז געווען די מאָדע פון דעם עלטער אין גריווינס צייט. גריווין האָט איינגעהאַלטן ביז היינט, אָט דעם אַנטי-ברית נאָמען זיינעם, מיט וועלכן ער האָט זיך געלאָזט דערקענען צווישן פריינד. און ווען אַ קינד איז געבוירן געוואָרן ביי די מענטשן פון דער צייט - די מענטשן מיט צוגעטראַכטע נעמען - איז געווען פאַרשטענדלעך פון דער איינגעשטעלטער עטיק, מען זאָל עס אָנרופן מיטן נאָמען פון אַ באַליבטן פירער, אַ סימן - אַז מען איז אויף אייביק פאַרכנסט צו דער באַוועגונג.

אָט ווי אַ מאַטראָז, וואָס לאָזט זיך אויסטאַטוּאירן אויפו אָרעם דעם צייכן פון זיין באַרוף - אַן אַנקער און איבער אים דעם נאָמען פון זיין ערשטער געליבטע, וועלכער ער וויל נישט פאַרגעסן - אַזוי האָט גריווין אָנגערופן זיין טאָכטער מיטן נאָמען פון דעם זאַמאָשטשער יידיש מיידל, וואָס איז אויסגעוואַקסן צו אַ פּאָליטישער לעגענדע - ראָזע.

* * *

אַלף גריווינס לעבן איז באַלאַנסירט מיט זאַטער רואיקייט. אַ צוויי-דריי מאָל אין וואָך טרעפט ער זיך מיט באַקאַנטע אין קאַפע. ער האָט דאָרטן זיין טיש. די פאַרקויפערין קען שוין זיין שוואַכקייט און גרייט אים צו די קאַווע, ווי ער האָט ליב און דאָס שטיקל עפּל-קוכן, וואָס מוז דווקא זיין אַ מיטל-שטיקל. ביי זיין טיש זענען תמיד דאָ מענטשן וואָס הערן זיך צו, צו זיינע קאָמענטאַרן וועגן פּאָליטיק. זיי האַלטן, אַז דער פּאָליטישער אָדער שלאָגט נאָך אין אים מיט יוגנטלעכן ברען. אויך דאָס טוט אים הנאה.

אין אָט דער זאַטער רואיקייט האָט זיך אַריינגעריסן דאָס ביכל. דאָס פאַרשאָלטענע ביכל - רופט עס גריווין, וואָס האָט אַוועקגענומען זיין רו. ער האָט עס שוין נישט איינמאָל געוואָלט אַרויסוואַרפן, און פטור. נאָר די געדאַנקען האָבן זיך סיי ווי באַזעצט אין זיין מוח, און רופן אים.

"אַ מענטש קאָן באַקעמפן פּאָליטישע ווידעראַנאַנדן. ער קאָן זיי אויסטייטשן און צופּאַסן צו זיין געדאַנקענגאַנג, זיי זאָלן אים אַנטשפּרעכן. אַ מענטש קאָן אָבער נישט באַקעמפן דעם ווידערשטאַנד פון צייט. ער איז איינגעשמידט אין זיין צייט,

ווי אין אַ שטייג, כאַטש ער פילט עס נישט. געוויס: מיט אַלע זיינע חושים לעבט ער אין דער צייט - און וועלכער ער לעבט. זיינע פרנסות, זיינע פאַרלאַנגען, זיינע פאַרמעסטן און דערגרייכונגען - דאָס אַלץ פּאַסט זיך געווי אַריין אין זיין צייט. זיין גייסטיקע וועלט איז אָבער פאַרבליבן אין דעם דור - און וועלכן ער איז רייף געוואָרן. ער טראַכט מיט יענע קאַטעגאָריעס. זעט מיט יענע אויגן. די אויסווירקונג פון דער צייט איז שטאַרקער ווי זיין ווילן - איר קאָן ער נישט בייקומען".

גריווין האָט אויפגעהערט צו קומען אין קאַפע. אויפגעהערט צו באַוווּנדערן זיין בילדער-קאָלעקציע. אויפגעהערט אפילו הערן מוזיק.

ווי אַ בייזע פליג האָט געזשומעט אין זיין אויער אַ באַגריף, וואָס האָט צוגערויבט זיין רו.

- בין איך דער מענטש פון אַנומלט?

# די אַספּיראַציעס פון דער מומע רייצע...

די מומע רייצע האָט פאַמאָגט איר אייגנס -- אַ טאָכטער. אַנדערע האָבן אויך געהאַט טעכטער - נאָר מיט דער מומע רייצעס טאָכטער קאָן מען זי נישט פאַרגלייכן. אַז מען וויל - האָט זיך דער מומע רייצעס טאָכטער מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון די אַנדעדע מיידלעך ביי אונדז אין גאַס. זי האָט חלילה נישט געהאַט קיין צוועלף פינגער אויף די הענט, אָדער דריי בריסטן, אָבער ווער ווייסט וואָס פאַראַ אויסנאַם זי האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט. ווען איך דאַרף עודת זאָגן, וואָלט אויסגעקומען, אַז ריקלע איז אַ מיידל מיט אַ קאַרפּאַטן נעזל וואָס איז תמיד געווען אַביסל צוגעברוינט פון דער זון; שעלמישע צוויי אויגן, וואָס האָבן פאָרשעריש נאָכגעקוקט אַלץ, דער עיקער זאַכן וואָס מען דאַרף נישט, און ווו מען האָט זיך גאַנץ גוט געקאָנט באַגיין אָן איר. אין די צוויי קורצע צעפּלעך האָט זי אַריינגעפלאָכטן סטענגעס, יעדעס מאָל פון אַן אַנדער קאָליר; און דעריבער האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זענען אַנדערש געפלאָכטן. אַ קאָליר האָבן אירע האָר - עפּעס ווי איבערגעטריקנט שטרוי - עפּעס ווי זאַמד-קאָליר, און אין אַלגעמיין האָט מען בכלל נישט געקאָנט אויף געוויס זאָגן וועגן זייער ריכטיקער פאַרב, ווייל ערטערווייז זענען זיי געווען טונקל: ערטערווייז האָט מען געקאָנט מערקן אַ צוזאַמעהאַנג צווישן דעם קורצן, קאַרפּאַטן נעזל און די שטרויענע האָר און דעם שעלמישן קוק פון אירע אויגן. מען קאָן זאָגן מיט אַ רויִק געוויסן - אַז ס'האָט ריקלען געפעלט דער יידישער חן - וואָס האָט געקאָנט זיין אי אַ מעלה אין אַ חסרון, ס'ווענדט זיך ווי מען קוקט אויף די זאַכן.

וואָלט די מומע רייצע געווען דערביי - דאַרף מען זיך מודה זיין - וואָלט מיך ערשטנס קיינער נישט געפרעגט קיין מבינות - קוק נאָר אָן דעם מבין פון אַ יאָר פערצן, צי אפילו פופצן. און צווייטנס טאַקע - ווער האָט זיך עס געקאָנט אונטערנעמען צו פאַרגלייכן דער מומע רייצעס טאָכטער מיט עמעצן, מעג עס זיין דאָס שענצטע מיידל אין שטאָט - אַ נעכטיקער טאָג. לויט דער מומע רייצען איז אויסגעקומען, אַז דאָס איז עס: ריקלע. בלויז ביי איר האָט געקאָנט געבוירן ווערן אַזאַ טאָכטער און בלויז איר ריקלע האָט באַקומען די האָדאָוואַניע ווי ס'געהער צו זיין - שוין אָפּגערעדט פון דעם, וואָס ריקלע האָט אַלץ אויפגעטאָן אין די קלאַסן.

נו - און דער פעטער אַהרן - קען מען פרעגן - גאָרנישט? טאַקע גאָרנישט? נישט זיין שכל, נישט זיין אויפטו אין ביזנעס? נאָר ווער וועט זיך עס איינשטעלן דאָס לעבן און פרעגן די דאָזיקע פראַגע? איך נישט... די מומע רייצע איז גרייט דעם פראַגן שטעלער צו בלייבן אַ שונא אויפן גאַנצן לעבן. אָבער עמעצער האָט

געפרעגט: - דער פעטער אהרן? - פאַר דער מומע רייצע איז בכלל אַ רעטעניש און ביז גאָר אומפאַרשטענדלעך אַזאַ מין פראַגע. וואָס הייסט דער פעטער אהרן? ווי קומט דאָ אַריין דער פעטער אהרן?

דאָס אַלץ - דאַרף מען פאַרשטיין, - האָט זי געמיינט - אין גייסטיקן זין. וואָרעם אפילו די מומע רייצע - ביי איר גאַנצער שטאָלצקייט און איבערצייגונג אַז ריקלע פאַרמאָגט איר אינטעליגענץ; אירע פעיִקייטן; אַז בכלל - זי און ריקלע זענען ווי צוויי טראָפּנס וואַסער - זי אַליין וועט דאָך נישט גיין אָפּלייקענען דעם פאַקט גופא - אַז דער פעטער אהרן איז ריקלעס טאַטע. אָבער נישט מער. מיט וואָס אייגנטלעך אין ריקלע אַנדערש פון - לאָמיר זאָגן - לעבנזאָנס טאָכטער, וואָס וווינט אַ טיר אין אַ טיר מיט דער מומע רייצע - דאָס האָט מען בשום אופן נישט געקאָנט דערגיין. אַלנפאַלס - נישט פון דער מומע רייצע גופא. כאָטש כ'האָב געהערט מענטשן זאָגן: - דאָס גוטע יאָר זאָלן זיי האָבן, ווי לעבנזאָנס טאָכטער פאַרשטעקט ריקלען אין אַרבל אַריין, אי מיט איר שיינקייט און אי מיט איר אויסנעמען ביי בחורים.

אוודאי אין עס דערגאַנגען צו דער מומע רייצען. - אַליין, הייסט עס פאַרשטייט מען שוין גאָרנישט? מענטשן אידיאָטן. באמת. דאָס - וואָס ריקלע איז דער מומע רייצעס טאָכטער - פאַרענפערט שוין אַלע צווייפלען.

נישט געקוקט אויף דעם אַלעם - האָבן מענטשן ליב געהאַט ריקלען. זי איז געווען אַ פריינדלעכע, אַ צוגעלאָזענע; אַ וואַרעמע. זי האָט נישט געבלאָזן פון זיך; אין קלוב האָט זי פאַרבראַכט מיט אַלע יינגלעך - אַבי ס'איז געווען פריילעך. אַבי זי איז געווען צווישן אירס גלייכן.

באַקאַנטע האָבן אויף ריקלען געהאַט גרויס רחמנות - זי וועט נעבעך פאַרזיצן...

- משוגה מיינע שונאים - אַזאַ מיידל ווי ריקלע? - אַ קלאָרע זאַך. קיין יידישע פרינצן זענען נאָך דערוויילע נישטאָ און די מומע רייצע וועט נישט "סעטלען" אויף עפּעס ווייניקער...

* * *

דער פעטער אהרן האָט געהאַט געננוג צו טאָן, אויסער אַריינלאָזן זיך אין די תכלית זאַכן, וואָס אָנבאַלאַנגט זיין טאָכטער.

- די צוויי ווייבער וועלן זיך שוין אַליין אַ עצה געבן - אַזוי האָט ער געטענהעט פאַר פריינד. נישט מער: סיי ער אַליין און סיי די פריינד האָבן געוווּסט ווי גרויס דער בראָך איז, און ווי ווייניק דער פעטער אהרן האָט צו זאָגן. האָט ער זיך בעסער אָפּגעגעבן מיט זיין מעבל פאַבריק און מיט דער פאַרנעמיקער מעבל-קראָם, וואָס האַלט זיך אין איין צעוואַקסן, טאַקע ביי דער פאַבריק. אין דעם איז געלעגן דער מומע רייצעס קאָפּ.

- אָנצושטאָפּן די סוחרים - נישט געפּאַקט און נישט געמאָזלט. מיר קענען אַליין די חכמה פון פאַרקויפן און מאַכן אַן איבעריקן דאָלאַר, וואָסי? מיר אַרבעטן נישט געננוג שווער?

אַ גלייכע זאַך. נישט מער, דעם פעטער אהרן האָט זיך געדוכט, אַז ווען ער האָט אַ זון, וואָלט ער אים אויסגעלערנט די מלאכה - נישט פון מאַכן אַ מעבל-שטיק, נאָר פון אָנפירן מיטן גאַנצן געשעפט, וועלכן ער אַליין האָט אין די יאָרן אויפגעבויט. אָט, פון מאַכן אַ בענקל, אָפּטאָקן פיס פאַר אַ טיש - ביז מענטשן

האָבן זיך פֿאַרשטאַנען אויף זיין טאַלאַנט. און ווער וויל עס נישט פֿאַרמאָגן אַן אָריגינעל שטיקל מעבל?

ריקלע איז שוין געווען אין אוניווערסיטעט. זי איז שוין געווען פֿאַרטאָן אין דעמאָנטראַציעס און מיטינגען; אין צייכענען פּלאַקאַטן; אין מאַכן צווישנרופֿן; עפּעס האָט זי אין דער פֿרייער צייט - צווישן איין דעמאָנסטראַציע און אַ זיץ-שטרייק - פֿאַרט עפּעס געלערנט, ווייל אין אַ געוויסן טאָג האָט די מומע רייצע אויסגעפּוצט דעם פֿעטער אַהרן אין אַ ביז גאָר לייטישן אַנצוג מיט אַ שוואַרצער בינדע - און זי אַליין, אויסגעצירט אין עסיק און אין האָניק - האָבן זיי זיך געלאָזן, ווערדליק דער איינלאַדונג - צום מאָנאַאַש אוניווערסיטעט - בייוווינען, ווי אַזוי ריקלע, דער מומע רייצעס, ווערט אַ דאָקטאָר פֿילאָזאָפֿיע. דער פֿעטער אהרן האָט געטראַכט, אַז צום מעבל קאָן מען עס נישט ניצן - אָבער ער האָט נישט געבראַכט די פֿאַרע פֿאַרן מויל. ער איז אפֿילו נישט געווען איבערצייגט, אַז ס'איז אַ ס'גולה צו אַ שידוך.

די מומע רייצע האָט געשיינט, ווי אַ נאָר וואָס אויסגעשייערטער סאַמאָוואַר. נאָר אַ פּנים האָט די מעלה, וואָס עס טוט נישט פֿאַראַטן דאָס, וואָס אינעווייניק קאָכט זיך.

און אינעווייניק - ביי דער מומע רייצען האָט עס ביז גאָר ווי געטאָן, מיט יענעם נאָגעדיקן פֿאַרדרוס, פֿאַוואָס ריקלע, אויב שוין יאָ אַ דאָקטאָר - פֿאַרוואָס טאַקע נישט אַ מעדעצינישער דאָקטאָר?

זי האָט תמיד געזען דעם אייגענעם חלום: ריקלע ווערט אַ דאָקטאָר. אין איר פֿאַרליבט זיך אַ באַרימטער פּראָפֿעסאָר, איינער פֿון יענע וואָס האַקן אַן אָדער, עפּענען ס'האַרץ, באַוויזן וווּנדער.

אין אירע טרוימען איז דער חתונה טיש געווען אפֿשר אַ מייל די לענג. באַשטעלט איז ער מיט גאָרנדיקע טאָרטן; אויף וועלכע ס'האָט זיך געזילבערט צוקער "פֿראָסטינג". אויבן אָן זענען געשטאַנען צוויי באַפֿליגלטע מלאכים - אַן אָנבליק פֿון ריקלען און איר באַשערטן...

זי האָט שוין פֿון פֿריער געוווּסט - וואָס פֿאַראַ חתונה זי וועט פֿראַווען: זי האָט עס געזען אין פֿילם. עס איז געווען אַ פֿאַרנעמיקע חתונה, פֿון דעם אויל-מאַגנאַטס זון מיט דעם טאַטנס סעקרעטאַרקע. דאָס איז - קען מען זאָגן - די איינציקע סצענע אין פֿילם - קענן וועלכער איר גאַנצער מאַמישער וועזן האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט. - אַזאַ שלימזל פֿון אַ טאַטן? דערלאָזט אַזאַ מין זאַך? און אַז זי שוואַנגערט איז וואָס? ווייסט מען שוין נישט אין אַמעריקע ווו מען קאָן אַ קראַץ טאָן? ער'ט זיך נישט געקענט דערלויבן? נישט געקאָנט געפֿינען עפּעס אַ לייטישן שידוך?

אַ חוץ - הייסט עס - דעם שידוך - האָט אַלץ אויסגענומען ביי דער מומע רייצען. אַלץ איז געווען גוט און פֿיין. די סאַרווערס זענען געלאָפֿן מיט געטראַנקען; מיט די פֿאַלומעסקעס געבראָטענע קאַטשקעס; וויין האָט מען געטרונקען אַזש פֿון פֿעסער. געוויס האָט זי נישט פֿאַרזען דאָס אָרט, ווו דער חתנס מוטער זיצט. דאָס קלייד, וואָס זי האָט געטראָגן איז ווערט געווען אַ פֿאַרמעגן. די מומע רייצע האָט זיך אפֿילו נישט פֿאַרגונען עס אָפּצושאַצן - טאָמער מאַכט זי אַ טעות... אויפֿן קאָפּ האָט די מאַמע געהאַט אַ מין היטעלע אויסגעזועצט מיט פּערל.

דאָס איז דער מומע רייצען נישט געפעלן געוואָרן. זי וועט דווקא לאָזן די געסט זיי זאָלן באַוווּנדערן אירע שיין-צוגעקעמטע האָר. זי וועט זיי באַשפּריצן מיט פינקלדיקע שטערן, אין וועלכן דאָס ליכט וועט זיך אָפּשפּיגלען און צעשיטן אין שטראַלן. איין ענין האָט איר פאַרשאַפט אַביסל פאַרדרוס: ביז היינט ווייסט זי נאָך נישט, וואָס פאַראַ מין קלייד זי וועט זיך לאָזן מאַכן...

אין איר פאַנטאַזיע, האָט זי געמאָסטן קליידער; געטוישט פאַסאָנען. זי האָט זיך געקריגט מיט די שניידערינס, אַז דאָם קלייד ברענגט אַרויס צופיל איר פיגור, און צו ווייניק איר כאַראַקטער. און נאָך עפּעס איז געווען אַ שטערונג, זי האָט נישט געקענט פאָרויסזען, ווי אַזוי דאָס קלייד וועט אויסזען אויפן פילם וועלכן מ'וועט מאַכן פון דער חתונה. אַ פילם אין קאָלירן... - זי וועט עס אומבאַדינגט דורכריידן מיט צילינכן דעם פאָטאָגראַפיסט. זי האָט געהאָפט, אַז מיט איר נאַטור וועט זי די שוועריקייטן סוף כל סוף בייקומען... .

אין זאַל האָט אַלץ אויסגעזען יום-טובדיק. די גראַדואַנטן, די עלטערן; די שוואַרצע אַקאַדעמישע פעלערינעס; די פיר-עקיקע היטעלעך. די מומע רייצע האָט זיך אַוועקגעזעצט באַקוועם. ווען מען האָט אויסגעלייענט דעם נאָמען פון איר טאָכטער, האָבן טרערן אַ פינקל געטאָן אין אירע אויגן... ריקלע.... נאָך ערשט אַ קינד געווען - און שוין - קנאַפּע צווייאונצוואַנציק יאָר....

עס איז איר שווער געווען שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז זי אַליין איז שוין וואָסערע פינפאונצוואַנציק יאָר נאָך דער חתונה.

קיין פילם האָט קיינער אין זינען נישט געהאַט צו מאַכן. אפילו קיין חופה-קלייד האָט מען נישט געקענט באַקומען אין ערשטן יאָר נאָך דער מלחמה. מען האָט זיך באַנוגנט מיט אַ מנין יידן און אַ פּשוט פלעשל "סאַמאָגאָן" וואָס האָט אין יענער צייט אויך געקאָסט אַ פאַרמעגן. בכלל ווי קומט זי צום פעטער אהרן? ער - ערגעץ פון דער ליטע, איז נאָר וואָס צוריקגעקומען פון די וועלדער; ערשט אָנגעהויבן פאַרלייגן אַ סטאָלער-קאָאָפּעראַטיוו. איר האָט אַן עשאַלאָן אַראָפּגעבראַכט פון טיף רוסלאַנד, אין דער גרויסער שטאָט, ווו זי האָט געהאָפט צו געפינען איר משפחה. אָבער אויסגעפונען האָט זי - אַז זי איז אַ קיילעכדיקע יתומה. דער פעטער אהרן האָט געהאַט מער מזל: געבליבן מיט אים זענען אין וואַלד, אַ ברודער און אַ שוועסטער. זענען זיי אַלע געוואָרן איין משפחה.

האָט דאַן געקאָנט זיין אַ רייד פון אַ חתונה מיט אַ פאַרנעם? זי האָט געוואָלט אָפּכאַפּן. ריקלעס חתונה וועט שוין אין איין וועגנס זיין אויך אירע - אפילו דאַן - ווען קיינער וועט דערפון נישט וויסן. בלויז זי אַליין וועט עס פילן. זי האָט געפיבערט פון דערוואַרטונג, ווי אַן אמתע כלה-מיידל דאַרף פיבערן. כאָטש אַליין דערמאָנט זי זיך גאָרנישט, צי זי האָט יאָ, אָדער נישט.... עס וועלן זיין צוויי כלות - און ביידע וועלן פיבערן איבער עפּעס אַנדערש.

מען האָט געדריקט הענט. דער פּראָפעסאָר האָט גראַטולירט מר. אַהראָנסאָן פאַר דער גראָטענער טאָכטער, און צו דער מרס. אַהראָנסאָן האָט ער געטאָן אַ לייכטן שמייבל, וועדליק דעם מנהג פון דער מדינה ווו מען איז נישט מחויב צו געבן דער פרוי אַ האַנט, און מ'קאָן אָפּקומען מיט אַ לייכטן שאָקל מיטן קאָפּ. דער מומע רייצען איז עס, פאַרשטענדלעך נישט געווען צום האַרצן, וואָרעם אַלע ווייסן דאָך, אַז ריקלע איז איר טאָכטער. אָבער איינרייסן מיט אַ פּראָפעסאָר איז נישט

געווען איר דרך. פאַר אַ פּראָפעסאָר דאַרף מען האָבן דרך-ארץ. און - ער ווייסט נישט - ווער ס'איז ווער אין דער משפחה אַהראָנסאָן - דאָס איז נישט זיין שולד. זי האָט קיינמאָל נישט געהאַט די געלעגנהייט, צו לאָזן אים וויסן.

ריקלע האָט זיך צעקושט מיט דער מאַמען, און דער מומע רייצען איז אויסגעקומען, אַז מ'קושט זיך שוין נאָך דער חופּה, אַז אָט באַלד וועט ציליך דער פאָטאָגראַפיסט, אָנהייבן דרייען דעם פילם פון דער מומע רייצע, ווי זי פירט ריקלען פון דער חופּה; ווי זי ווייזט איר אָן ווי צו צעשניידן דעם חתונה-קוכן פון די פיר שטאָקן. די מזל-טובן הילכן אין אירע אויערן צוזאַמען מיט דער מוזיק פון אָרקעסטער. דער פעטער אהרן האָט געפירט דעם „וואָלוואָ" - וועלכן מען האָט ספּעציעל צו דער געלעגנהייט געלאָזט אויסריייניקן פון די פּעקלעך צייכענונגען; פּרייז - קוראַנטן; האָלץ-מוסטערן און אַנדערע ביזנעס קלייניקייטן וואָס האָבן זיך דורך יאָרן אָנגעזאַמלט.

מיר האָבן שוין געוואַרט אויף זיי אין רעסטאָראַן כדי צו באַגריסן דעם דאָקטאָר, וואָס איז נאָר וואָס אַרויס פון נאָדל. דאָ, זעט איר - וואָלט איך זיך שוין יאָ איינגעשטעלט עדות צו זאָגן אַז די מומע רייצע האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון דעם טאַראַראַם; פון דעם פיינעם כינעזישן עסן; און אויב עמעצער האָט דעם גאַנצן אָוונט נישט אויפגעהערט צו רעדן, איז עס געווען די מומע רייצע. אגב - זי אַליין האָט זיך דערצו מודה געווען...

דער פעטער אהרן האָט געטאָן ס'זייניקע: ער האָט געגאָסן וויין אין די גלעזלעך און געהאַלטן אין איין זאָגן מבינות אויף זייער געשמאַק. דער חיות איז דער מומע רייצען אויסגעגאַנגען - עמעצער זאָל איר אָנווינטשן, אַז זי זאָל מיט מזל פירן ריקלען צו דער חופּה. נאָר די גאַנצע משפּחה האָט עפּעס אָנגענומען אַ מויל מיט וואַסער, ווי זיי וואָלטן גאָר פאַרגעסן אַז דאָס איז ריקלעס שמחה - און וועגן אָט דער קיצלדיקער פראַגע געמאַכט דעם גרויסן שוויג. מען האָט זיך איבערגעקוקט - און מען האָט געשוויגן. אין אַן אַנדער צייט וואָלט די מומע רייצע דעם פעטער אהרנס משפּחה צעטומען אויף פּיצלעך, פאַר אַזאַ מין פאַרשווערונג, פּונקט ווי מען פאַרגינט איר נישט. זי האָט נישט פאַרטראַגן אַז מ'דאַרף מענטשן ציען ביים צונג; מ'דאַרף זיי אַריילייגן אַ פינגער איז מויל. - וואָסי, אַליין קיין שכל האָט מען נישט? רייד מיט זיי - גאַנצע חכמים - נאָר אַז עס קומט צו תכלית זאַכן, מאַכט מען זיך געפגרט...

די מומע רייצע איז געווען צופיל פאַרטאָן אין דער שמחה. זי האָט זיך געטאָן אַ שטעל אַוועק נעבן ריקלען, פאַרריסן דעם קאָפּ און זיך געלאָזן אָפּפאָרטרעטלען מיט אַזאַ מינע, ווי זי - און נישט ריקלע - האָט באַקומען דעם דאָקטאָר-דיפּלאָם. ווו איז דאַן געווען דער פעטער אהרן? ער האָט געטרונקען אַ לחיים מיט אַן אַלטן באַקאַנטן, געשמועסט וועגן געהילץ; וועגן אימפּאָרטירן אַ געוויסן סאָרט שוואַרץ דעמב, וואָס מ'קריגט שוין באַלד נישט; וועגן פּאַכלייט - וואָס ווערן ווייניקער. ער האָט זיך נישט געשטופּט. ער האָט אויף ווען זיך צו פאַרלאָזן. די מומע רייצע, ביי איר גאַנצער קלוגשאַפט האָט גאָר פאַרזען, אַז ס'פּאַסט נישט אַז אויך דער פעטער אהרן זאָל זיין אויפן פּאָרטרעט פון דער גראַדואירונג. אַז זי האָט זיך געכאַפּט - איז שוין געווען נאָך אַלעמען. דער פעטער אהרן האָט שוין געהאַלטן ביים, ווער ווייסט וויפלטן גלעזל, און דעם פאָטאָגראַפיסט האָט מען געריסן פון

אַלע זייטן.

דער פּאָרטרעט פון יענער געשעענישׁ איז געשטאַנען ביי דער מומע רייצען אויף אַ בכבודיק אָרט. נישט באַמערקן אים, איז געווען אוממעגלעך. עס האָט געקוקט אויף אייך פון אַלע זייטן, און איר האָט תמיד געהאַט דאָס געפיל, אַז די מומע רייצע האַלט אַן אויג אויף אייך. האָט דער פעטער אהרן באַמערקט דעם פאַרזען - זיין פעלן אויפן פּאָרטרעט? מעגלעך - יאָ און מעגלעך - נישט. קיין גרויסן צימעס דערפון האָט ער אַלנפאַלס נישט געמאַכט. שוין אָפּגערעדט - פון באַקלאָגן זיך. פאַרשטייט זיך - גלייכגילטיק פאַרביי גיין דעם פּאָרטרעט, און סתם גאָרגישט זאָגן, איז ווי מען וואָלט דורכגעגאַנגען אַ ברענענדיקן רינג - און זיך נישט פאַרסמאַליט - איז אַזאַ זאַך מעגלעך? דער מומע רייצע - האָט עמעצער באַמערקט - פּאַסט אַז זי אַליין זאָל זיין אַ סטודענטקע.

פאַרוואָס טאַקע נישט. איז מען מיט יענעם מסכים געווען.

- זי וועט פאַרשטעקן די סטודענטקעס אין וועסטל קעשענע מיט איר שכל, מיט איר אינטעליגענץ...

אין דער מומע רייצעס פּנים - האָב איך געקאָנט זען - שפּילן די קאָלירן, ווי אין אַ רעגנבויגן. זי נעמט אָטעמען אַביסל האַסטיקער, אַביסל טיפער, אירע אויגן טוען אַ גלי מיטן פייער פון צעגליטע קוילן. מ'קאָן פּילן דעם ברי... .

ווען עמעצער ביי אונדז אין שטוב האָט נאַכער דערמאָנט די מומע רייצע, האָט ווי אַן עכאָ געגומען אָפּקלינגען -"האַו דו יו ספּעל איט"...

עפּעס איז "האַו דו יו ספּעל איט" געוואָרן ווי אַ צווייטע נאַטור ביי דער מומע רייצע. געגומען האָט זיך עס דערפון, וואָס צוליב ריקלעס גראַדואירונג איז די מומע רייצע אַריין אין די ביכלעך; גראַמאַטיקעס; שעקספּירן - און ווען נאָר ריקלע איז געווען אין דער היים, האָט מען נישט געהערט עפּעס אַדערש ווי - ריקלע: "האַו דו יו ספּעל איט"?

אַלע סימנים - קאָן מען זאָגן האָבן געוויזן, אַז די מומע רייצע קלייבט זיך אָפּצוטאָן דער וועלט אַ קאַטאָוועס - - און ווערן אַ סטודענטקע.

ביים פעטער אהרן איז זי איבערנאַכט געוואָרן אַ פּראָפעסאָר - אַזוי האָט ער טאַקע גערעדט צו מענטשן. - זייט וויסן - מיין ווייב, דער פּראָפעסאָר... עס איז טאַקע מעגלעך - אַז די מומע רייצע וואָלט דער וועלט אויף צולהכעס - געוואָרן אַ פּראָפעסאָר. נאָר אַז ריקלע האָט פאַרלוירן דאָס געדולד צו דערקלערן דער מאַמען: "האַו דו יו ספּעל איט" - האָט זי איר, אויף קאַטאָוועס אַ פרעג געטאָן: - צו וואָס מאַמע דאַרפסטו דעם אוניווערסיטעט - זוכסט דען אַ חתן?

ביי דער מומע רייצען - דאַרף מען וויסן - זענען נישטאָ קיין פראַגן, אויף וועלכע זי זאָל נישט קאָנען ענטפערן. - איך וויל טאַקע זען - פאַרוואָס מיין טאָכטער האָט עפּעס נישט געקאָנט געפינען אַ לייטישן בחור, צווישן אַזוי פיל פיינע סטודענטן. - דיין טאָכטער - האָט געזאָגט ריקלע - דאַרף נישט קיין חתן - זי האָט שוין.

אָט דאָ איז די מומע רייצע געבליבן אָן לשון. שטום ווי די וואַנט. הינטער אירע פלייצעס אָן איר וויסן. שוין. אָפּגעטאָן. הפקר, מיטאַמאָל.

אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען ס'ערגסטע. ווען ריקלע האָט אַהיים געבראַכט דעם בחור, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נישקשה - אַ פיינער בחור, נישט מער: ער איז אַמאָל געווען אַ סטודענט און היינט איז ער אַ טעקסי-דרייווער - אַזוי האָט אים

ריקלע פאָרגעשטעלט.

ניין - זיין טאַטע פאַרמאָגט נישט קיין פאַבריקן און נישט קיין געשעפטן. ער איז אַ "געז-פיטער"...

אפשר וואָלט די מומע רייצע עס פאַרגעבן, נאָר געזאָגט האָט ער עס אין אַ טאָן, פון וועלכן מ'האָט געקאָנט מיינען אַז ער גיט ראָטשילדן אַ גמילת-חסד... די ריכטיקע חתונה האָט זיך אָנגעהויבן, ווען ריקלע האָט איינגעפּאַקט אירע קליידער, און זיך אַרויסגעצויגן פון דער היים.

- אָן אַ חופּה? סתם אַזוי? ווי וועט דיין טאַטע אויסזען צווישן מענטשן? אויסגעהאָדעוועט אַ טאָכטער, געגעבן איר פון שענצטן און בעסטן - צוליב וועמען האָט דיין טאַטע אָפּגעהאָרעוועט אַ לעבן, אויב נישט צוליב דיר?

כאָטש די משפּחה איז געווען דעם פעטער אהרנס - האָבן זיי דאָך געהאַט גרויס רחמנות אויף דער מומע רייצע: זי איז עפּעס אַראָפּ פון דער מראה; עפּעס קלענער געוואָרן. איר אויסטענהנען זיך - איז שוין נישט געווען דאָס אייגענע, ווי אַמאָל. זי כאַפּט זיך אָן, אָן דעם פעטער אהרן ווי אַ טרינקענדיקער כאַפּט זיך אָן אין אַ שטרוי...

מען קען זאָגן: ריקלע איז געווען אַ קאַלטער גזלן:

- דערווייל מאַמע, וועלן מיר וווינען אַזוי. מחמת איזיס ווייב וויל אים נאָך קיין גט נישט געבן - אָבער זיינע צוויי מיידעלעך בלייבן מיט אונדז, און איך אַליין...

* * *

דער פעטער אהרן האָט זיך ארומגעזען, אַז אויב ער טוט נישט עפּעס - איז אויס מיט דער מומע רייצע, אוודאי האָט ער געוווסט דעם זאָג: "אַז וואָס די אויגן זעען נישט - טוט ס'האַרץ נישט וויי" - אָבער ווי מאַכט מען פון אַ זאָג - אַ תכלית?

איך האָב שוין דאַן געאַרבעט ביים פעטער אהרן און מ'האָט זיך געקאָנט אויף מיר פאַרלאָזן - אַזוי האָבן מענטשן געעצהט דעם פעטער אהרן. ער אַליין האָט אויך געזען, אַז ס'איז פון מיר אַרויסגעקומען אַ לייטישער בעל-מלכאה. נאָר אויף יעדן פאַל - האָט ער אַריינגענומען אַ מענעדשער, אַ געשעפטס-פירער פון דער זעלבער בראַנזשע.

פאַרפּאַקט די טשעמאָדאַנעס - און אַוועק קיין אויסלאַנד. אַ נישט - איז שווער צו זאָגן, וואָס פון דער מומע רייצע וואָלט געוואָרן....

# און דאָס לעבן גייט ווייטער...

ביים יום-טובֿ'דיקן טיש זענען זיי געזעסן קעגנאיבער. די מאכלים האָבן אַרויסגעשמעקט פון גלעזערנע, קאָלירטע שיסלען; פון קאַרבירטע טאַצן. די פלעשער ווײַן און וויסקי, די פינקלדיקע גלעזער - דאָס אַלץ איז געווען צווישן זיי. ער האָט אָנגעגאָסן וויסקי אין זײַן גלאָז. זי האָט מיטן אויג נאָכגעפאָלגט זײַן האַנט. אין איר בליק איז געווען ווייכע, הכנעהדיקע איבערגעגעבנקייט. לויטן סכום, וואָס ער גיסט זיך אָן האָט זי געוואָלט אַרויספילן זײַן שטימונג, זײַנע פּירונגען און זייער אויסווירקונג אויפן אַרום. דאָס גלאָז איז געווען דער באַראָמעטער - זי האָט געקאָנט פאָרפילן דעם שטורעם וואָס הויבט אָן אָנוואַקסן אין אים. און אפילו דער שטורעם האָט געקאָנט זײַן פאַרשידנאַרטיק: טייל מאָל איז עס געווען דער שטורעם, וואָס האָט געבראַכט אַ וואַרעמען רעגן פול מיט ראָמאַנטישן אויסגוס - אַ סך מאָל איז עס אָבער געווען אַ ווילדער שטורעם-ווינט, וואָס האָט אָגעמאַכט אַ חורבן.

זי האָט גענומען דאָם גלאָז פון טיש, וואָס ער האָט נאָר וואָס אָנגעפילט מיט דער בורשטינענער פליסיקייט, און שטיל אַ פרעג געטאָן: - אייז?

- נאַטירלעך...

זי האָט אים געבראַכט אייז. זי איז אים דאַנקבאַר געווען פאַר זײַן אויפמערקזאַמקייט, פאַרן פריינדלעכן טאָן.

אויפן טיש האָבן יום-טובדיק געברענט די ליכט. די געסט; פאַרטאָן אין אַ זאַטן, זאָרגלאָזן שמועס האָבן נישט פאַרגעסן, אַז עס געהערט צום גוטן טאָן צו לויבן דער באַלעבאָסטע פאַר אירע געראָטענע מאכלים, פאַר איר אויפטו. און לויבן איז טאַקע געווען וואָס. יעדע שיסל האָט געהאַט אַ באַזונדערן טעם, און כאָטש די געסט האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך בריהשאַט און וויסן אין ענין קאַלאָריעס, זייער ווירקונג אויפן געזונט און וויפל אַ שטייגער אַ מענטש דאַרף עסן כדי צו האָבן אַ באַלאַנסירטע דיעטע - האָבן זיי פונדעסטוועגן עס פאַרקוקט, און שטילערהייט אונטערגעזינדיקט קעגן זייער באַהאַוונטקייט, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון.

זי האָט אָבער געזען - בלויז אים. אַ נעפלדיקע פייכטקייט האָט פאַרצויגן אירע אויגן, אין וועלכע עס האָבן זיך געפּלעמלט דער אָפשיין פון די ליכט, מחמת זי האָט שוין אויך עפּעס געהאַט פאַזוכט פון דער בורשטינענער פליסיקייט - און אַלץ אין איר האָט זיך קאָנצענטרירט אויף אים. מיטן קוקן אויף אים, האָט זי געוואָלט

אים עפּעס לאָזן וויסן. עפּעס - וואָס נאָר ער אַליין קאָן באַגרייפן. ער האָט זיך געלאָזט באַדינען מיט אַ נאַטירלעכקייט, ווי ער וואָלט שוין געווען געוווינט דערצו, עס האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז דאָס זענען צוויי ביז גאָר נאָענטע, און אפילו אינטימע מענטשן, וואָס צוליב עפּעס אַ סיבה, אָדער אַ צופאַל זיצן זיי קעגנאיבער, פונאַנדערגעטיילט מיטן יום-טוב׳דיקן, פאַרפּוצטן טיש.

ער האָט באַמערקט איר נײַ קלייד מיטן טיפן אויסשניט אַרום האַלדז, וואָס האָט כמעט ווי פאַרשטעלט איר ראָזלעכן, צאַרטן בוזעם. ער האָט אפילו וועגן דעם געמאַכט אַ דרך-אגבדיקע באַמערקונג, וועלכע נאָר זיי ביידע האָבן פאַרשטאַנען - און עס האָט זיך איר געדוכט, אַז עס גייט אים אָן. זי האָט געוווּסט, אַז ער וועט אין דעם אָוונט זײַן דאָ, ביים יום-טובדיקן טיש, האָט זי דעריבער אָנגעטאָן דאָס דינע קייטעלע מיט דער גילדענער פיגור, וועלכער ער האָט איר געשענקט צו זייער חתונה. נאָר דאָס האָט שוין געהאַט אַ שייכות צו די ערשטע יאָרן פון זייערע ליבע - איידער ער האָט זי איבערגעלאָזט. אַצינד טוט זי אַלץ, אים צוריקצובררענגען. זי האָט זיך באַמיט אײַנצוהאַלטן זײַן בליק אויף זיך וואָס לענגער - ווײַל זי האָט געקאָנט זײַן שוואַכקייט, און געוווּסט, אַז איר פרויאישקייט קאָן אים נאָך אַלץ באַווירקן ווי דאָס איז געווען אין אָנהייב צווישן זיי. פּונקט ווי זי - האָט ער עס אויך געוווּסט. האָט ער זיך דעריבער באַמיט אַוועקצוקוקן פון אָט דעם פּונקט, אין וועלכן עס האָט, ווי אַ געפאַנגענער פויגל געצאַפּלט איר אָנציאונגס-קראַפט, וואָס האָט אים פאַרשיכורט און געררייצט.

ער איז געווען פאָפּולער מיט די געסט ביים טיש, און יעדער האָט געפילט פאַר זײַן חוב אים עפּעס צו זאָגן, עפּעס אַזוינס, וואָס ער ווייסט נאָך נישט. אַ חכמה׳לע; אַ וויץ. ער האָט זיך צוגעהערט, אַרײַנגעוואָרפן אַ וואָרט, אַן אייגענעם וויץ - זיך באַמיט צו מאַכן דעם אײַנדרוק  פון אַ זאָרגלאָזן מענטש וואָס איז באַפרידיקט מיט זײַנע דערגרייכונגען אין לעבן; אַ מענטש, וועלכן ס׳פעלט גאָרנישט, ממש אָן זאָרגן. אָבער פאָרט, זײַנע שאַרפע, געדיכטע ברעמען האָבן פאַרראַטן דאָס, וואָס קומט פאָר אין זײַן מוח - מיט אַ נערוועזן צוקן. עס איז געווען די שפּירונג, די אָנרעגונג וואָס פירט מיטן בליק, ווי באַוועגט פון אַן אומזעבאַרן מעכאַניזם, אָדער פאַרבאָרגענע עלעקטרישע פולסן. ער האָט געקאָנט די קוועלע פון וועלכער עס קומען די עלקטרישע כוואַליעס - און זיי געפּרוּווט אַנטקעגנווירקן.

די געסט האָבן זיך וואַרשײַנלעך געכאַפּט, אַז ער האָט נישט קיין גרויסן אינטערעס אין דעם אַלעם, וואָס זיי פּרובירן אים היינט דערציילן. לעולם - זיי האָבן אים געקאָנט פון קינדוויַיז אָן... זיי האָבן זיך דעריבער אַרײַגעלאָזן אין זייערע אייגענע ענינים, און מ׳קאָן רואיק זאָגן, אַז די ענינים זענען געווען פון ביז גאָר פּראַקטישן, קאָנקרעטן כאַראַקטער, ווי למשל: דאָס אויספּרובירן און זאָגן מבינות אויף די ווײַנען, די ליקערן און די געפּעקלטע, קאַלטע צונגען... די געסט, אָט אַזוי פאַרטאָן אין דעם, נאָך וואָס מ׳האָט זיי דאָ אייגנטלעך פאַרבעטן, און וועדליק דעם - וואָס מ׳האָט פון זיי דערוואַרט - האָבן זיך נישט געהאַט מיט וואָס צו פאַרשעמען. זיי האָבן אויך געפונען צײַט צו ווידמען אַ רגע אויפמערקזאַמקייט, כאָטש אַ זײַטיקע, די פרײַנדלעכקייט צווישן די צוויי יונגע מענטשן. מיט דער געמיטלעכקייט פון זאַטע, גוטמוטיקע מענטשן האָבן זיי דאַן אַ טראַכט געטאָן וועגן העכערע פּראָבלעמען: וועגן דער פירונג פון דער וועלט; וועגן דעם - צוליב

וואָס האָט גאָט באַשאַפֿן אדמן און חוהן, און דאַן זענען זיי געקומען צום אויספֿיר, אַז אדרבא: - עס וואָלט געווען אַ יושר, אַז אָט די צוויי וועמענס חתונה זיי האָבן אויך נישט פֿאַרשעמט - ווערדליך דעם עסן און טרינקען און לאָזן זיך ווױלגיין, און זיך דעריבער געפֿילט דאָ שטיקלעך מחותנים, אַז טאַקע אדרבה - עס וואָלט גאָר נישט געווען קיין קרומע זאַך, אַז אָט די צוויי זאָלן ווידער אַרונטערקריכן אונטער דער פֿערענע (עס איז געווען אַ קאַלטע, ווינטערדיקע נאַכט, אין דרויסן), ווייל פֿון דעם זעלבן אָרט טאַקע, זענען זיי דערגאַנגען צו דער חופּה...

נאָר די געסט האָבן נאָכאַלעמען געהאַט גענוג שׂכל, אָט די געדאַנקען טראַכטן פֿאַר זיך, און חלילה נישט אויפמאַכן דאָס מויל... מ׳זאָל נישט מיינען - אַז זיי זענען שיכור. די געדאַנקען, דאַרף מען פֿאַרשטיין, האָבן צו לאַנג נישט באַאומרואיקט דאָס געמיט פֿון די געסט. נישט צוליב דעם, דאָס הייסט - נאָכצוקוקן ווי עס פֿירן זיך יונגע מענטשן - האָט מען זיי אַהער פֿאַרבעטן. דעריבער טאַקע האָבן זיי זיך צוריקגעקערט צו זייער באַשעפֿטיקונג און ווידער גענומען אויספּרובירן די נייע מאכלים, וואָס מ׳האָט דערלאַנגט צום טיש.

אַחוץ אַלעמען - וואָלט כּדאַי געווען צו באַמערקן אין דער פֿאַרטיידיקונג פֿון די געסט - אַז דער געדאַנק ביי זיי האָט זיך שוין היפּשלעך געפּלאָנטערט, און זיי האָבן שוין מער נישט געוווּסט אויף קלאָר צי ס׳וואָלט געווען אַ תּכלית, ווען די צוויי וואָלטן זיך ווידער צענויפֿגעפּאָרט. אַ פֿאַרצירעוועטער גוואַלד-ריס, בלייבט סיי ווי אַ גוואַלד-ריס. שפּעטער צו, האָט מען זיך גענומען קלייבן אין וועג אַריין. ווידעראַמאָל האָט די איבערגעגעבנקייט און די ווױלטעטיקייט און די גוטסקייט גענומען אויבערהאַנט, און די געסט האָבן גענומען צושטיין צו לאָצין, ער זאָל אָפּפֿירן אַהיים מערין - ווייל עס איז דאָך זעלבסטפֿאַרשטענדלעך:

- ווי קאָן מען עס, אין אָט דער שפּעטער שעה לאָזן אַ פֿרוי, זי זאָל זיך זוכן אַ טעקסי אַהיימצופֿאָרן?

אָבער דאָ האָט דער גוטמוטיקער, צוגעלאָזענער, שפּילעווידיקער לאָצי, מיטאַמאָל באַקומען באַק-ציין - און זיך איינגעשפּאַרט:

- קודם איז ער אַ מענטש, זייער אַ פֿאַרנומענער - און יעדער ווייסט, אַז ער וווּינט איבערהויפּט אין גאָר אַן אַנדער ריכטונג - מ׳קאָן זאָגן - אַבסאָלוט אַ פֿאַרקערטע ריכטונג, און די שעה אַליין איז שוין אויך נישט קיין פֿריִע - און ער קען עס זיך נישט אונטערנעמען. ווי אַ גוט דערצויגענער מענטש האָט ער אפילו געזאָגט, אַז ער באַדויערט עס זייער - אָבער דאָך...

* * *

דער אַדוואָקאַט לאָצי גרינשפּאַן, כאָטש ער איז אין די מיטל-דרייסיקער, האָט שוין באַוויזן צו מאַכן זיך אַ נאָמען, ווי אַן עקספּערט, אויפֿן געביט פֿון אינדוסטריעלע געזעצן. ער האָט אַ שאַרפֿן קאָפּ, שאַרפֿע, דורכדרינגלעכע אויגן אַ שאַרפֿע צונג, און כּדי דאָס אַלץ צו געבן דעם געהעריקן אויסדרוק - האָט ער זיך געלאָזן וואַקסן אַ שאַרף, פֿאַרשניצט בערדל.

זיינע אַדוואָקאַטישע פֿעיִקייטן און געניטקייטן - האָט ער געוווּסט - וועלן צו גאָרנישט נוצן אין דעם מאָמענט - ווען ער און מערי וועלן זיך געפֿינען אויפֿן ענגן שטח פֿון אויטאָ. אָנשטאָט צו פֿירן דאָס רעדל, וועלן זיינע הענט נעמען

אַרומוואַנדערן, זיך איינקלאַמערן אין אירע פינגער, און ער וועט מוזן זיך אָפּשטעלן אין מיטן פאָרן אין עפּעס אַ טונקעלער גאַס, און דאַן וועט זיך עס איבערחזרן.

אפילו אין די עטלעכע יאָר, ווען זיי האָבן געוווינט צוזאַמען אין דער באַקוועמער, סאָלידער וווינונג, מיט די ווייכע, רחבותדיקע בעטן, שפּיגלען, באָד-צימערן; ווייכע טעפּיכער און צוגעקליבענע בילדער אויף די ווענט; דער באַר, אויסגעשטאַט מיט די גוטע געטראַנקען, האָבן זיי דווקא אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, אין ענגן ספּאָרט-אויטאָ אָן אַ פריערדיקער צוגרייטונג און אָפּריידעניש – פּלוצלונג דערפילט די באַדערפעניש צו זיין צוזאַמען; די באַדערפעניש צו פאַרגעסן זיך; פאַרפלאָנטערן זיך, און אויפפלאָנטערן זיך – ווי זיי וואָלטן עס געווען די ערשטע צוויי מענטשן, וואָס האָבן נאָר וואָס אַנטדעקט דעם גענוס פון ליבע און האָבן מורא אַ רגע צו פאַרלירן, ווייל אין אָט דער רגע פון וואַרטן קאָן דאָס גליק פאַרשווינדן, ווי עס פאַרשווינדט אַ פאַלנדיקער שטערן...

נאָך די אַלע וויסקיס און ווייַנען, וואָס לאָצי גרינשפּאַן האָט אין יענעם אָוונט געטרונקען אויף דער פאַמיליע שמחה, האָט ער דאָך נישט פאַרפעלט צו געדענקען, ווי שווער עס איז אָנגעקומען צו באַשליסן – אַז זייער צוזאַמענלעבן פאַרמאָגט נישט מער דעם באַזיס, אויף וועלכן ער האָט געבויט – און אַז ער רייסט איבער מיט מערין.

געווען איז ער דאַן אויף אַ פּראָצעס אין סידנעי. נאָכער איז ער איבערגעבליבן אַן איבעריקן טאָג, כאָטש מ'האָט אים זייער נייטיק געהאַט אין זיין מעלבורנער ביוראָ, און דער טעלעפאָן האָט אָן אויפהער אים גערופן. ער האָט געוואָלט אויסטדרן זיין אייגן לעבן, וואָס איז אים אָנעקומען אַ סך שווערער, ווי אויסטדרן דעם ענין מיט די פאַטענטן, וואָס צוויי פירמעס האָבן געהאַלטן – אַז זיי האָבן דאָס אויסשליסלעכע רעכט אויף זיי.

נו, ער האָט פאַרשטאַנען די סיבה: דאָס אייגענע לעבן קאָן מען נישט רעגולירן מיט קאַלטער לאָגיק; פאַררופן זיך אויף געזעצן; אָנווייזן אויף פרעצעדענטן, ווי באַרימטע יוריסטן האָבן געמשפּט. עס איז דאָס זעלבע ווי ביי אַ דאָקטאָר, וואָס קאָן נישט אָפּערירן זיין אייגן קינד...

און דאָ הייבט זיך אָן די צרה: אַ מענטש לעבט דאָך נישט אין וואַלד – הייבסט זיך אויף און אַנטלויפסט – און אויס, פּטור... זיינע עלטערן האָבן אים געוואָרנט, אַז זיין געפיל פון אחריות איז נישט קיין גענוגנדיקע סיבה צו מאַכן דעם שריט, וואָס אַ מענטש מאַכט אים געוויינטלעך נאָר איין מאָל אין לעבן.

דער באַגריף: אייביק און אייביקייט איז פאַרן צווייאוןצוואַנציק יאָריקן לאָצי געווען ווי עפּעס אַ ווייטע זאַך, איינגעהילט אין סודותדיקע נעפּלען וואָס פלאָנטערן זיך אין קעפּ ביי אַלטע לייט. דער היינט איז פאַר אים געווען אַ לעבעדיקער, אַ צאַפּלדיקער, אַ זאַך וואָס מ'קאָן אָנטאַפּן, אַרומנעמען, צודריקן צו זיך און אַריבערשפּאַנען די שוועל, וועלכע טיילט פונאַדער די וועלטן פון יונג און אַלט.

אַזוי האָבן לכתחילה געקלונגען זיינע אַרגומענטן. אין קאָן איז געשטאַנען זיין אייגענע צוקונפט, וועלכע ער וויל געשטאַלטן אַליין – אַליין מאַכן זיינע פעלערן, און פון זיי זיך לערנען. מ'קאָן נישט לערנען פון די פערזענלעכע דערפאַרונגען

פון אַנדערע. אין די פּאַהאַנדלונגען מיט זיינע עלטערן, האָט ער אָנגעוואָנדן דעם אַרגומענטאַטיוון כוח - וואָס האָט אים שפּעטער געמאַכט פּאַרן אָנגעזעענעם אַדוואָקאַט. די אַרגומענטן - מוז מען צוגעבן - זענען געווען גענוג וואָגיק, און ווי האָבן עלטערן זיך געקאָנט אַנטקעגנשטעלן?

סיי ווי - דאָס קינד איז שוין געווען אונטערוועגנס...

אין סידנעי, אַליין מיט זיך - האָט ער ווידעראַמאָל איבערגעמישט אין זכרון די אַקטן פון זיין "קעיס". מיט זיך אַליין איז ער פּאַרטיק געוואָרן: קעטי - דאָס בלאָנדע מיידעלע לערנט שוין אין שול - פּאַר איר וועט ער זאָרגן. זי דאַרף נישט זיין קיין אָפּהאַלט. און אַז ער וועט מער נישט וווינען מיט מערין - הערט ער אויף צו זיין איר טאַטע?

פּאַר זיינע עלטערן - און פּאַר מעריס עלטערן וועט עס זיין אַ ביטערער פּיל אַראָפּצושלינגען. זיי האָבן זיך שוין איינגעלעבט מיטן געדאַנק, פון אָט דער סטאַטישער געמיטלעכקייט. פּאַר אים אָבער איז ענג געוואָרן די שטוב. מערי איז אים געוואָרן ווידערווילִיק: אין איר באַנעמונג: איר באַציאונג, איר עגאָאיזם - דאָס איז שוין נישט איינמאָל דורכגעלופטערט געוואָרן צווישן זיי, און ער האָט איר אויפפירונג געשילדערט מיט שאַרפע ווערטער מיט באַצייכענונגען וועלכע מ'קאָן נישט געפינען אין די יורידישע טעקסט-ביכער. די שפּראַך פון גאַס האָט נישט נאָר אויסגעדריקט זיינע געפילן אין אומצווייפלהאַפטע טערמינען - נאָר אויך האָט עס אים געהאָלפן אונטערשטרייכן איר ראָל ווי אַ פרוי, אַ מאַמע, אַ געליבטע...

עס איז אים באַפאַלן אַ בענקשאַפט נאָך פרייהייט. די פיר שטעקנס פון דער חופּה, אונטער וועלכער ער איז געשטאַנען מיט מערין - אין שוואַרצן קאַפּעליוש און די ווייסע הענטשקעס (אָ - מער האָט ער זיי שוין נישט באַנוצט...) ווערליך עס פירט זיך ביי לייטן - האָבן אים, אין סידנעיער האָטעל-באַר, ווו ער האָט זיך פּאַרקליבן, כדי צו באַטראַכטן, ווו ער האַלט אין דער וועלט - ווייל נאָכאַלעמען - וואָס עס זאָל נישט געשען - און דאָס לעבן גייט ווייטער... און ער קאָן אויסנבלייבן - דער צוג פון לעבן וועט אַוועק, און ער וועט בלייבן שטיין אויפן פּעראָן, אַן איבעריקער, אַ פּאַרגעסענער - איבערגעלאָזן צו זיין אייגענעם גורל. די פיר שטעקנס זענען פּאַר אים געווען די אומזעבאַרע קראַטן, וועלכע פּאַרצוימען אים דעם וועג צו דער פרייהייט.

אין איין רגע קומט אים אַלץ צוריק:

דער ערשטער וואַרעמער, סודותדיקער ציטער פון זיין נאָענט מיט אַ מיידל; די אַנטפּלעקונג פון נייע וועלטן, וואָס זענען געווען פּאַרבאָרגן פּאַר אים. זיי האָבן זיך פּאַר אים צעעפנט, און ער האָט געוואָלט זיי אַריינעמען אין זיך; זיך פּאַרזיכערן געזעצלעך - אַז דאָס איז זיינס, און קיינער קען עס אים נישט אָפּפרעגן, צונעמען. דאָס איז דער אור-קוואַל; דער ענד-ציל; דער עלעקסיר פון יוגנט און לעבן. נאָכער איז געקומען די אַנטוישונג, ווי עס קומט די אויסניכטערונג נאָך אַ נאַכטיקער הולאַנקע. די אויסניכטערונג ברענגט מיט זיך אַ ביטערן נאָך-טעם, און דעם צוזאָג - מער עס נישט איבערצוחזרן...

ער האָט געוואָלט אָניאָגן זיין יוגנט, וועלכער ער האָט צוגעשמידט צום שול-באַנק, אוניווערסיטעט; קאָמפּליצירטע געזעץ-ביכער.

* * *

נאָך די אַלע ווײַנען, און וויסקיס וואָס לאָצי האָט יענעם אָוונט געטרונקען בײַם יום-טובדיקן טיש, האָט ער דאָך געזען אירע טיפֿע, ברוינע אויגן, וואָס האָבן אויף אים געקוקט מיט אומעט, מיט געבעט. אין איר בליק איז געווען ווייכע, הכנעהדיקע וואַרעמקייט. זי האָט געזען בלויז אים. אַ נעפּלדיקע פײַכטקייט האָט פֿאַרצויגן אירע אויגן, אין וועלכע עס האָבן זיך געפּלעמלט דער אָפּשײַן פֿון די צאַנקענדיקע ליכט.

איז עס דער זעלבער בחור פֿון אָנהייב? דער בחור פֿון סוף?
אַצינד טוט זי אַלץ אים צוריקברענגען...

# אין חשבון האָט עפּעס נישט געשטימט...

- דער בעסטער וועג - האָט זי באַשלאָסן - איז גיין מיט גוטן. דאָס איז שוין געווען נאָך דעם ווי רייע האָט אַוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָן-טרייבל און זיך צוגעזעצט. זי איז געווען די מאַמע - וואָס האָט געקאָנט איר זון. אונטערדריקן דעם פאַרדראָס איז אָבער נישט מעגלעך געווען. אירע נערוון האָבן וויברירט ווי אָנגעצויגענע סטרונעס - אַלע מיטאַמאָל. דאָס האַרץ האָט געאַרבעט ווי אַן איבערגעהיצטער מאָטאָר. דאָס בלוט האָט שטורמיש גערוישט אין אירע שלייפן. בענען, איר בן-יחיד, האָט זי געקאָנט אַ סך פאַרגעבן. אָט האָט ער צעשמעטערט דעם נייעם אויטאָ, וואָס האָט איר אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן, כאָטש זי האָט זיך ביי אים געבעטן: - אין אַזאַ נעפּל פאָר נישט. דער נעפּל ליגט אויף די בערג. דיינע גרויסע געשעפטן קאָנען נישט וואַרטן? האָט ער איר דען געהערט? זיין יינגלישער שטאָלץ האָט פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל באַווייזן אַז דער נעפּל מיינט גאָרנישט פאַר אים; אַז ער קאָן זיין געניטקייט באַווייזן.

אָבער דאָס, וואָס זי האָט געהערט אויפן טעלעפאָן, דאָס האָט זי אַמווינציקסטן דערוואַרט. אוודאי האָט זי געוווסט, אַז די דאָזיקע קרענק איז ערגער ווי מאָזלען. עס טראָגט זיך מיט אַ פאַרנעם, אויסער יעדער קאָנטראָל. אָבער טיף אין איר באַוווסטזיין האָט געטליעט אַ פונק פון האָפענונג, אַז זי וועט נישט געפּרוווט ווערן מיט דעם נסיון. די האָפענונג האָט פאַרפירט. - ניין - שטראָפט זי זיך אַליין - זי האָט אים צופיל נאָכגעגעבן.

בעני איז געווען איר גאַנץ פאַרמעגן. צוליב אים האָט זי אַוועקגעגעבן ס'לעבן אויפצובויען אַ מעמד. פאַרזאָרגט אים מיט אַלע ווילטאָגן ועדליק אַ מאַמע, ווען דער גורל האָט נישט באַוויליקט מער ווי איין זון. דאָס איז געווען איר ווערסיע. ווען רייע שטעלט זיך נישט אַנטקעגן דעם גורל (דאָס איז געווען דעם גורלס ווערסיע...), וואָלטן אין שטוב אַצינד אַרומגעלאָפן אַ שפּאָר ביסל קינדער, און נישט דווקא אַלע יידישע... נאָר דאָס איז נייטיק צו פאַרקוקן, כדי אויסצומיידן רכילות. לייבל, בעניס טאַטע, האָט זיך די זאַך נישט גענומען צופיל צום האַרצן. ער האָט זיך בכלל נישט שטאַרק איבערגענומען מיט דעם, וואָס ביי אים אין הויז קומט פאָר. אויף אַלעם האָט רייע סיי ווי געהאַט אַן אויג. נאָר פון זאָגן אַ טרייסט וואָרט, פון דעם האָט ער זיך נישט געקאָנט אַרויסדרייען.

- ביזט נישט די ערשטע און ביזט נישט די לעצטע. אויב דו נעמסט זיך אַזוי ס'לעבן, האָסטו געדאַרפט בלייבן אין ישראל און נישט לויפן זוכן גליקן אין דער

וועלט... - דיך הייסט עס, גייט די זאַך נישט אָן, פּונקט ווי בעני וואָלט נישט געווען דיין זון. - ניין - זאָגט לייבל - דאָס האָב איך קיינמאָל נישט געלייקנט - ער איז טאַקע מיין זון, אָבער דו באַשטייסט שוין פאַרביידן...

אַצינד האָט לייבל געהאַלטן, האָט ער ענדלעך די געלעגנהייט ארויסצוזאָגן עפּעס וועגן דער באַנעמונג פון זיין זון אָן מורא רייע זאָל אים צומאַכן ס'מויל. - צו ניינצן יאָר ווילסטו ער זאָל זיך נאָך אַלץ האַלטן אָן דיין ספּודניצע? זאָל ער איבערפרעגן דער מאַמען צי עס געפעלט איר די אָדער דאָס אַדערע מיידל? דו האָסט עפּעס אַ סך געפרעגט דיין טאַטן? אדראבא, לאָמיר הערן ווי אַזוי דו האָסט זיך באַנומען - טאַקע ווי אַ ניינצניאָריקע?

ער האָט תמיד געוואָלט דערגיין עפּעס פון רייעס אַמאָל, און נישט געקאָנט. אפילו דער שטורעם, וואָס האָט געבושעוועט אין איר, איז נישט געווען בכוח אָפּצוּווענדן איר פון וואָרט, וואָס זי האָט זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל געגעבן: - פאַרזיגלט בלייבן די בלעטער פון מיין נעכטן. היים... רוסלאַנד, און אַלץ וואָס איז מיט דעם געווען פאַרבונדן - דאָס אַלץ גייט אויפן חשבון פון דער מלחמה...

מיט לייבלען האָט חתונה געהאַט אַ ניי-געבוירענע רייע. אַ פרוי אָן אַ פאַרגאַנגענהייט... האָט זי דעריבער געשוויגן, כאָטש די צונג האָט געבריט צו דערציילן וועגן איר גדלות אין יענע ביטערע יאָרן פון פאַרוואָגלונג. נאָך אַלעמען - האָט זי נישט גענוג דערציילט? די משפחה איז אומגעקומען. נו, כמעט קיינער האָט דאָך נישט געהאַט קיין משפחה. דאָס איז געווען פאַרשטענדלעך. זי אַליין האָט זיך עוואַקואירט מיטן ערשטן סאָוויעטישן עשאַלאָן, צוליב אירע פאַרבינדונגען טאַקע, אַזוי איז געשען מיט אַלע - אַזוי איז אויך געשען מיט איר. דאַרף זי לאָזן פאַלן אַ שאָטן אויף איר פאַרגאַנגענהייט? ביי דעם אַלעם איז דאָס איינשאַפן זיך אַן אויסגעטראַכטע משפחה, מיט וועלכער מען זאָל זיך קאָנען באַרימען, איז איר נישט געווען צום האַרצן. דאָס איז אין די מלחמה-יאָרן געווען די מאָדע. פון די "ביעזשענצעס" האָט מען געהערט, אַז אָדער זיי שטאַמען פון גבירים, פאַבריקאַנטן, אָדער זענען רבנישע אייניקלעך. - נו - האָט רייע דערויף געזאָגט צום מאַן - אַז מען עסט חזיר, זאָל שוין רינען איבער דער באָרד. לייבל איז נישט קליגער געוואָרן פון דעם זאָג... כאָטש רייע איז געווען פאַרהאַוועט אין אירע געשעפטן, איז זי דאָך נישט געווען בלינד צו דעם, וואָס אין דרויסן טוט זיך; ווי עס באַנעמען זיך די קינדער פון אירע שכנים - יידישע סוחרים און פאַבריקאַנטן פון דער לאַנגער האַנדלס-גאַס אין אַ דרום-אַמעריקאַנער לאַנד, וווּהין זי האָט אָנגעשפאַרט, נאָך אַלע וואַנדערונגען. - צוליב דעם מאַנס געשעפטן אין פוילן, ווען די ערד האָט גענומען ברענען אונטער די פיס... בנימין, וועלכן מען האַט שוין דאַן גערופן בעני - איז אויסגעוואַקסן אַ פאַרשטענדלעכער בחור און האָט געהאַט גענוג טאַקט נישט צו איגנאָרירן די עלטערן, איבעהויפּט דער מאַמען.

די מעשה איז דאָס, וואָס ער האָט אויך געהאַלטן פון דעם זעלבן כלל: אַז גיין מיט גוטן איז דער בעסטער וועג. דאָס האָט געגאָלטן ביז ער איז אַריין אין אוניווערסיטעט. לחטחילה איז רייע צעשמאָלצן געוואָרן פון נחת מיטן זונס דערגרייכונגען סיי אין דער הויכשול און סיי אויפן אוניווערסיטעט. אירע שלאָפלאָזע נעכט זענען געווען אויסגעפילט מיט האַנדלס-טראַנזאַקציעס; געלט פּראָבלעמען און אומזיכערקייט מיטן קומענדיקן סעזאָן, ווען מען דאַרף אָפּזעצן

די פאַבריצירטע פּראָדוקציע. אין יענע נעכט האָבן זיך צווישן איין מחשבה און אַ צווייטער, פאַרגנבעט האָפענונגען: זי האָט געזען איר זון ווי אַ דאָקטאָר אָדער אַדוואָקאַט, פאַר וועלכן זי וועט צוגרייטן אַ קאַבינעט מיט די נייסטע איינריכטונגען. מענטשן רימען זיינע קלוגע רייד, מיט וועלכע ער געווינט פּראָצעסן.

מיט אַ מאָל איז אַלץ זויער געוואָרן. בעני טאַקע האָט געמאַכט דעם גרויסן שוויג, אָבער דער מאַמעס האַרץ האָט גענומען אומרואיק קלאַפּן, ווען דער זון איז אַהיימגעקומען אַ ביסל צעשטרייט מיט פאַרחלומטע אויגן - אָבער אין גאַנצן ניכטער. דאָס נישט וויסן וואָס מיט אים קומט פאָר, האָט איר קיין רו נישט געגעבן. און דאָס איז נישט געווען סתם אַזוי, אין יענעם לאַנד האָבן יונגע סטודענטן - בחורים און מיידלעך - געהאַט אַ טבע צו פאַרשווינדן און מען זאָל נישט וויסן, ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

- מיט פּאָליטיק - האָט איר בעני פאַרזיכערט - פאַרנעם איך זיך נישט. אויך נישט מיינע חברים. כ'האָב גענוג פּראָבלעמען אויפן אוניווערסיטעט, ווייל כ'בין געבוירן אין פּוילן און געקומען אין לאַנד אַריין פון ישראל. - דאָס איז צו קאָמפּליצירט פאַר די גויִים צו צעקייען: בין איך אַ פּאָליאַק? בין איך אַ ישראלי? - עס שאַדט נישט אַמאָל - האָט ער געטראַכט - צו זאָגן דער מאַמען דעם אמת...

אין אָוונט האָט זי לייבלען נישט געקאָנט אָפּרייסן פון דער טעלעוויזיע. - טו אים אַ פרעג: מיט וועמען חברט ער זיך פאָרט? זי האָט ביי זיך נישט געקאָנט פועלן, אַז אַ געוויקסיקער, שיינער בחור פון אַ פאַרמעגלעכער היים, מיט אַן אייגענעם אויטאָ, זאָל נישט האָבן ערגעץ אַ מיידל... אָבער פונקט דעמאָלט זענען געלאָפן די פערד און לייבל האָט מיט עקסטאַז נאָכגעפאָלגט איינעם אַ פּירפּיסיקן מיט אַ מאָדנעם שפּאַנישן נאָמען, אויף וועלכן ער האָט געשטעלט אַ היפּשע מטבעה. צווערשט האָט ער גאָרנישט געענטפערט, ביז דאָס געיעג האָט זיך פאַרענדיקט, נאָר אַז זי איז צוגעשטאַנען, האָט ער נישט געקאָנט מער שווייגן.

- ווילסטו וויסן מיט וועלכע בחורים אָדער מיט וועלכע מיידלעך בעני חברט זיך? - כאָטש ער האָט פאַרשטאַנען וואָס רייען רופּעט, האָט ער זיך געמאַכט געפגרט. - דו האָסט דאָך אים געקויפט דעם אויטאָ, טאָ וועד דו געוווּיער מיט וועמען ער פאָרט דאָרטן אין די בערג, צום ים...

פאָרט - אַ מאַמעס האַרץ, האָט זי געפילט איז אַ נביא. אומזיסט איז עס נישט אומרואיק. נאָך עטלעבע דיפּלאָמאַטישע געשפּרעכן איבערן טעלעפאָן צו באַקאַנטע, וועמענס קינדער לערנען אויך אין אוניווערסיטעט, האָבן אירע דרך-אגבדיקע פראַגן פאָרט פאַרטשעפּעט עמעצן, און ער האָט זיך אויסגערעדט: זי איז א שיינע, אַ סטרוינע, אַ טונקל-הויטיקע און וואָלט געקאָנט אָנגיין ווי אַ יידיש קינד, ווען נישט דער גילדענער צלם, וואָס קליידט איר זייער גוט און ליגט אַזוי ווי אַ קעצעלע אויף אירע ווייכע קישעלעך... זעליק דער העמדער-סוחר, וועמען מענטשן האָבן גערופן: שמדניק, מחמת ער האָט געהאַט אַן אויג אויף די בראָנזענע מיידלעך ווי סטאַטועס, וואָס האָבן געאַרבעט אין זיין געשעפט, און נישט נאָר אויף די... דער צעשטערערישער עלעמענט, וואָס איז געווען איינגעבויט אין זיין כאַראַקטער האָט מיט גאָרנישט זאָגנדיקע באַמערקונגען אַרויסגענומען יענעם די נשמה. די פיס האָבן זיך אונטער רייען ווי אונטערגעזעגטע איינגעבויגן,

ווען זי איז אַריינגעפאַלן אין פאָטעל. זי האָט זיך דערפילט אַן אומבאַהאָלפענע, ביים ראַנד פון אַ טיפן אָפּגרונט. ווען זי איז געקומען צו זיך, האָט זי ביי זיך אָפּגעמאַכט - דער בעסטער וועג איז צו גיין מיט גוטן...

- בנימין - האָט זי אַ פרעג געטאָן אָן פאָררעדעס, כדי ער זאָל זיך נישט קאָנען אַרויסדרייען - ווער איז עס די דאָזיקע ערנעסטינאַ? האָט זיך בעני פאַרלוירן? האָט ער זיך געריכט אויף דער פראַגע און גלייך געהאַט דעם ענטפער? דאָס ווער מען שוין קיינמאָל נישט וויסן. זיין ענטפער איז אָבער געווען ווי פון אַ גזלן - קאַלטבלוטיק: - זי איז אַ פיין אָנשטענדיק מיידל און לערנט מיט מיר צוזאַמען. מיר זענען גוטע פריינד און פאַרשטייען זיך זייער גוט. דעריבער פאַרברענגען מיר אָפט צוזאַמען. ווילסטו נאָך עפּעס וויסן? רייזע איז געבליבן געפּלעפט. דערוואַרט האָט זי, אַז דער געשפּרעך זאָל זיך אַנדערש אַנטוויקלען. אַז ער וועט זיך פאַרלירן, פּרוּוון אַרויסדרייען זיך פון אַן ענטפער, פּרוּוון זיך פאַרענטפערן - דאַן וועט זי קאָנען נעמען דעם בחור אין אירע הענט. אויף אַזאַ ענטפער האָט זי זיך אַמווייניקסטן געריכט: וואָס נאָך ווילסטו וויסן ? - רייזע האָט זיך פאַרלוירן. - ווי ווייט איז - ווי דו רופסט עס - אייער פריינטשאַפט אַוועק? - דו מיינסט וועגן חתונה האָבן? דערווייל נאָך נישט, אָבער אויסגעשלאָסן איז עס אויך נישט... אַזאַ לשון פון איר זון האָט רייזע נישט דערוואַרט. דער טאָן האָט איר געקרענקט, ווייל זי האָט געוווּסט, אַז ער קאָן איר שוואַכקייט. וועט זי אים אַרויסטרייבן פון שטוב? וועט זי אים אָפּזאָגן דאָס טאַשן-געלט? וואָס קאָן זי מיט אים אויפטאָן? דאָך - איר מאַמישע אויטאָריטעט האָט נישט דערלאָזן, אַז בעני זאָל האָבן דאָס לעצטע וואָרט.

דו ווייסט זייער גוט, וואָס עס טראַכטן די היגע שיקסעס. זיי זוכן נאָר פאַרמעגלעכע ייִדישע בחורים, ווייל זיי ווייסן, אַז דאָס איז אַ גוטער שידוך. עס ליגט שוין אין דער נאַטור פון יונגע מענטשן זיך לייכט צו צעפלאַקערן אין פאַרבלענדעניש פון צערטלעכקייטן, און זיסע צוזאָגן. די יינגלעך מיינען, אַז זיי האָבן נאָר-וואָס אַנטדעקט די אַכצן-קאַראַטיקע ליבע. אָבער די ריכטיקע כוונה זעען זיי נישט. ליבע איז נישט מער ווי אַ פאַרבלענדעניש און ווען מען וועקט זיך אויף פון חלום, דאַן איז עס שוין צו שפּעט...

רייזע האָט זיך שטאַרק נישט פאַררעדט. זי האָט דאָס אים געקאָנט באַווייזן מיט פאַקטן פון איר אייגענער דערפאַרונג, פאַקטן וואָס האָבן נאָכער אָפּגעקאָסט אַ שטיק געזונט. אָבער אפילו ווען זי טוט עס, ווייסט זי אַז ס'וועט סיי ווי נישט העלפן. זי וועט זיך בלויז פאַרשוואַרצן דאָס פנים.

בעני האָט זיך, ווייזט אויס, נישט שטאַרק איבערגענומען פון דער לעקציע, ווייל ער איז געבליבן גלייכגילטיק צו די רייד. געטראַכט האָט ער אָבער יאָ דערפון - וואָס שייך ליבע, האָט זי פאַר מיר קיין אַמעריקעס נישט אַנטדעקט. דאָס האָט זי וואַרשיינלעך דערציילט פון אירע אייגענע דערפאַרונגען... אָבער ווי אַ גוט דערצויגענער בחור, מיט דרך-ארץ פאַר דער מאַמען, האָט ער בלויז געענטפערט:

די לעקציע האָב איך שוין געהערט ביי זעליקן אין שטוב. ער האָט גערעדט צו מיין חבר, ווי אַ טאַטע צו אַ זון: מיט גוטן און מיט בייזן. געקלאַפּט מיטן פויסט אין טיש. געריסן זיך די האָר פון קאָפּ. געשווירן זיך ביי זיין טאַטן אין קבר, אַז נישט ביי זיין לעבן וועט ער אַזאַ זאַך דערלאָזן. עס איז געווען זייער דראַמאַטיש, אָבער

וואָס קען שוין זעליק אויפטאָן, אַז דאָס מיידל שוואַנגערט?

רייע האָט איר ביטער האַרץ אָנפּאַרטרויט דעם מאַן: - מיר מוזן זען זיך ראַטעווען פון אַזאַ שנור - האָט זי אין גאַנצן געפּיבערט - איידער עס ווערט צו שפּעט; איידער זי פירט אים אין קלויסטער אַריין. אַז גלויבן, גלויבט ער סיי ווי נישט, טאָ וואָס איז אים די נפקא מנה? מיט אים צו רעדן - איז אַרויסגעוואָרפענע רייד.

לייבל האָט קיין צופיל האָפענונגען נישט געלייגט אויף דער מעגלעכקייט, אַז רייע זאָל קאָנען עפּעס אויפטאָן, אויב בעני וועט זיך דווקא איינשפּאַרן - ער איז דאָך ס'מאַמעלע אויסן אויג. ווי די רוסן זאָגן: "קאָסאַ נאַ קאַמיען". זיין עקשנות וועסטו אפילו מיט אַ לאָם נישט אַרויסהאַקן, אַזוי ווי זי... נאָר צוליב שלום-בית האָט ער נישט געוואָלט שיטן זאַלץ אויף די ווונדן. - עס פעלן מיר אויס צרות? - האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט פאַרן שווייגן.

רייע האָט איבערגעלאָזט לייבלען אין פאַבריק - אַכטונג צו געבן אויף די מענטשן. - קען איך אים אָנטרויען אַזאַ דעליקאַטע שליחות? - און כדי צו באַרעכטיקן אירע אייגענע ספיקות, האָט זי צוגעגעבן: ער אַליין קאָן נאָך וואַרפן אַן אויג אויף דער מויד... דאָס איז געווען אַ געדאַנק אין אַ מינוט פון שוואַכקייט. זי האָט געפילט, אַז, זי איז נישט מער דאָס, וואָס געווען. ווייזט אויס, אַז רייע האָט נישט געהאַט קיין צו גרויסן צוטרוי צום מענלעכן מין...

שטילערהייט, בעני זאָל נישט חושד זיין, ווי זי וועבט אירע פּלענער, איז זי דערגאַנגען ווו די ערנעסטינאַ וווינט, ווער עס איז איר משפחה. אָן קיין שום אַנונג פון מלחמה-סטראַטעגיע, האָט זי אינסטינקטיוו געפילט, אַז זי דאַרף זיין גרייט צום אָנגריף, וואָס האָט געקאָנט אָפּגעהאַלטן ווערן בלויז אין איין שלאַכט - געווינען אָדער פאַרשפּילן.

* * *

רייע איז געווען מיינע אַן אַלטע באַקאַנטע פון די שטעטלשע יאָרן. זינט מיר זענען געוואָרן דערוואַקסענע מענטשן מיט פאַמיליעס, שוין היפּשלעך נאָך דער מלחמה, האָבן מיר פאַרלוירן דעם אינטערעס צו איבערשרייבן זיך. נאָך דעם אָבער, ווי זי האָט זיך אַרויפגעאַרבעט אויף אַ פאַבריק פון פרויען-קליידער, און ווען זי האָט געפּראַוועט די רייכע חתונה פון בענין, האָט זי דערפילט אַ באַדערפעניש צו טיילן זיך מיט איר דערפאָלג. און ווער קאָן עס נאָך אַזוי אָפּשאַצן, ווי אַלטע באַקאַנטע?

איז איר איינגעפאַלן אָפּצוזוכן עמעצן, טאַקע עמעצן פון שטעטל. נאָר ער קאָן אָפּשאַצן, וואָס זי האָט אַלץ אין איר לעבן אויפגעטאָן און ביי דער געלעגנהייט צו שיקן אים די בילדער פון דער חתונה. זי האָט זיך דאַן דערמאָנט אין מיר. אויפן בילד האָב איך איר דערקענט בלויז דערפאַר, ווייל כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס דאַרף זי זיין. דאָס איז שוין נישט געווען די רייע, וועלכע איר האָב געדענקט. איר בילד אין מיין זכרון איז פאַרבליבן אַ מיידל מיט רויטע בעקעלעך, מיט חין-גריבלעך, מיט שמייכלענדיקע אויגן און אַ גאַנץ אָנציענדיקע פיגור, וועדליק אַ יינגל פון אַ יאָר זיבעצן קאָן אָפּשאַצן.

אַצינד איז זי אויך געשטאַנען אַ צעשמייכלטע. דאָס גליק אויף איר פּנים האָט געשפּילט ווי די זון אין אַ שפּיגל. זי האָט ממש געשפּרודלט מיט פרייד. נעבן איר,

אַ היפּשער ערנסטער בחור אין אַ סמאָקינג און נעבן אים אַ סימפּאַטיש מיידעלע אין אַ ווייס קליידל און אַ טיולענעם שלייער. דער טאַטע איז געשטאַנען אַ גלייכגילטיקער. ער האָט וויזט אויס פאַרגעסן צו שמייכלען פאַרן פאָטאָגראַפיסט. אויבנאויף האָט זיך גאָרנישט אָנגעזען. דער סקעפּטישער בליק פון צוקוקער האָט אין בילד געפונען בולטע סימנים פון יאָרן, וועלכע האָבן אין רייען איבערגעלאָזן שאַרפע צייכנס...

באַגלייט די בילדער האָט אַ לאַנגער בריוו, מחמת די נייטיקייט צו באַשרייבן איר וויכטיקן אויפטו. "דאָס בילד איז פון בעניס חתונה מיט רחלען. זי איז אַ סטודענטקע וואָס וועט גאָר אין גיכן ווערן אַ קינדער-דאָקטאָרשע. אירע עלטערן זענען פיינע יידישע מענטשן, מיט וועלכע מען רעכנט זיך ביי אונדז אין שטאָט. ווי אַזוי איך בין פּטור געוואָרן פון דער שיקסע?"

- זי האָט געשריבן מיט אַ טאָן ווי איך וואָלט באמת געווען באַהאַוונט אין איר זונס ליבעס.

"עס האָט מיך געגנוג אָפּגעקאָסט, ביז זי און אירע עלטערן האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישט קיין תחלית. דאַן איז זי קאַלט געוואָרן צו בענין און געגומען אויסמיידן אים. ער האָט עס איבערגעקרענקט און איך צוזאַמען מיט אים. נאָר דו ווייסט דאָך, יונגע מענטשן צינדן זיך שנעל אָן און קילן זיך שנעל אָפּ".

איך בין נישט געווען איבערצייגט, אַז עס איז טאַקע אַזוי, נאָר מילא... ווייטער שרייבט זי: "מיר האָבן טאַקע דערגרייכט אַ יידישע שנור. צומאָרגנס נאָך דער חתונה זענען זיי אָפּגעפּאָרן אויף אַ וועלט-רייזע".

נעמענדיק דעם בריוו אין האַנט, האָב איך זיך געוווּנדערט: מיט אַמאָל אַ בריוו פון רייען? נאָכן איבערלייענען אים און אָנקוקנדיק די בילדער האָב איך איינגעזען, אַז עפּעס האָט איר געדריקט און אַז דאָס איז אַ מין אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן. ענדלעך - האָב איך אַ טראַכט געטאָן - האָט זי געפונען אַ זין אין איר לעבן...

* * *

די אייניקלעך האָבן פאַר רייען אויפגעמאַכט אַ טיר אין אַ וועלט פון טרוים און פאַנטאַסטישע שטימונגען. טייל מאָל האָט זי אין דעם געזען אַ פאַרגיטיקונג פאַר אַ סך אַנטוישונגען אין לעבן. מקנא זענען איר געווען די שכנים, וועלכע האָבן נישט געקאָנט באַווייזן דאָס, וואָס זי האָט אויפגעטאָן. צופרידנקייט האָט געוואַרעמט דער באָבעס האַרץ. זי אַליין איז נישט מיד געווען צו ווייזן פאַר אַלע באַקאַנטע די בילדער פון די אייניקלעך; פון די חשובע געסט אויפן ברית, פון ערשטן יינגעלע, וואָס האָט מיט אַ קינדערשן שמייכל אַראָפּגעקוקט פון בילד.

נאָכן צווייטן קינד, ווען בעני איז שוין געווען אויפן וועג אָנצוהייבן אַרבעטן אין אַן אַדוואָקאַטן-פירמע און אַראָפּגיין פון דער מאַמעס קעסט, האָט ער נאָך אַלץ געטראָגן אין זיך דעם פאַרדרוס אויף ערנעסטינאַן צוליב דער מיסטעריעזער קאַלטקייט, וואָס האָט מיט אַמאָל געגומען בלאָזן פון איר, ביז זי האָט זיך מער מיט אים נישט געוואָלט באַגעגענען.

איבער נאַכט קאָן זיך אַ מענטש נישט ענדערן - האָט בעני איבערגעחזרט אפשר צום הונדערטסטן מאָל. ער איז געווען זיכער, אַז הינטער אירע אויסריידן באַהאַלט זיך עפּעס. נאָר וואָס דער עפּעס איז געווען, איז שווער צו באַגרייפן.

- האָסטו אַן אַנדער פריינד? - האָט ער ביי דער לעצטער באַגעגעניש געפרעגט. כאָטש זי האָט נאָכאַנאַנד אויסגעמיטן צו געבן אַן ענטפער, וואָס זאָל זיך לייגן אויפן שׂכל, האָט זי זיך מודה געווען: - ניין, נישטאָ קיין אַנדערער... מיר אַליין זענען בלויז פון אַן אַנדער טייג געקנאָטן...

דער זומער-אָוונט אין בעניס אויטאָ האָט זיך פאַרצויגן אין טיפער נאַכט. ערנעסטינאַ האָט אָפּגעשלעפּט מיטן לאָזן אים וויסן, אַז דאָס איז זייער לעצטע באַגעגעניש. בעני האָט אין איר נערוועזיטעט אַרויסגעפילט, אַז עפּעס וועט די נאַכט געשען. זיין מענערישע שטאָלץ האָט אים נישט געלאָזן שטעלן די לעצטע פראַגע, וואָס איז אים געלעגן אויפן שפּיץ צונג: האָט זיך מיין מאַמע אַריינגעמישט? - דער געדאַנק האָט אים יאָרן לאַנג נישט אָפּגעלאָזט, כאָטש ער האָט נישט געקאָנט געפינען קיין סיבה פאַר זיין חשד.

צווישן בענין און זיין יונגער פרוי, וואָס האָט צוליב איר קינדלען נישט באַוויזן נאָך צו קוואַליפיצירן זיך ווי אַ דאָקטאָר, האָט נאָכן ערשטן אימפּולס זיך איינגעשטעלט אַ קילע, טאָלעראַנטע באַציאונג, וואָס האָט אויבנאויפיק נישט אַרויסגעוויזן קיין שום סימפּטאָמען. ביז איין טאָג האָט רעבעקאַ נישט אויסגעהאַלטן די אַטמאָספער און אַ זאָג געטאָן:

ווען נישט דיין מאַמע וואָלסטו געהאַט די צוויי קינדער מיט ערנעסטינאַן און וואָלסט געווען אַ סך גליקלעכער. אין דעם בין איך אָבער גאָרנישט שולדיק. ליידן צוליב דעם מוז איך אויך נישט. אין דיין מאַמעס חשבון האָט עפּעס נישט געשטימט...

* * *

אין איינעם אַ בריוו, וואָס איך האָב באַקומען פון ישׂראל פון מיינעם אַן אַלטן חבר, מיט וועלכן מיר האָבן נאָך אין קנעפּלעך געשפּילט אַרום די שולן, און בין שוין געווען צוגעוווינט צו זיינע באַמערקונגען וועגן דער וויכטיקייט עפּעס אויפצוטאָן אין לעבן, האָט ער אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר שורות, וואָס האָבן זיך גאָר נישט געפּאַסט צו זיין טאָן, אָדער אפשר האָט ער דערמיט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר איך האָב נישט געכאַפּט דעם מיין דערפון...

"געדענקסט רייען, בענטשע דעם נאַוואַרעדקערס טאָכטער? זי איז געווען אַמאָל אין ישׂראל. זי האָט זיך געגרויסט מיט איר ידישער שנור; היינט איז זי געבליבן אַ ניאַנקע צו אירע צוויי אייניקלעך. איר זון איז זיך פונאַדערגעגאַנגען מיט זיין פרוי"...

# ווען עס קלינגט דער טעלעפאָן...

ביים טיר פון ביוראָ איז ירוחם געבליבן שטיין אַ פאַרסאַפּעטער. פון צווישן בינטל שליסלען האָט ער נערוועז געזוכט דעם פּאַסיקסטן. די דאָזיקע טואונג איז בײַ אים שוין געוואָרן אַ געוווינהייט, וועלכע האָט זיך איבערגעחזרט יעדן טאָג. יעדן טאָג האָט ער געמוזט אויספּרובירן עטלעכע שליסלען, ביז ער האָט געקאָנט אויפמאַכן די טיר.

בשעת מעשה האָט אים געערגערט, וואָס ער קאָן נישט אויפמאַכן די ביוראָ, אָן צו פאַרשפּעטיקן, כאָטש ער איז געווען איבערצייגט, אַז פּינקטלעכקייט איז אַ פּאָזיטיווער כאַראַקטער-שטריך.

אויפן ביוראָ-טיש האָט ער געטראָפן ווי תמיד, בריוו, רעכענונגען; פאַרשריבענע צעטעלעך - באַמערקונגען וועגן דעם, וואָס ירוחם האָט אַלץ נישט דערליידיקט. עס האָט אים דענערווירט אָט די באַציאונג.

- בין איך אַ ראָבאָט וועלכן מ'דאַרף אָנקאָרמען מיט אינפאָרמאַציע, אַז נישט ווייס איך נישט ווו אײַן און ווו אויס?

נאָר וואָס? דעם אָנזאָג פון דירעקטאָרן-ראַט מוז מען אויספירן. נישט מער: ער האָט זיך געהאַט זײַן מיינונג וועגן די דירעקטאָרן און זייער וויכטיקייט; כאָטש ווען מען איז אָנגעגאַנגען זײַן מיינונג, אַז ער איז נישט מער ווי דער סעקרעטאַר פון קלוב: "פּראָספּעקט". די לאַסט פון דער אַרבעט פאַלט אויף זיינע פּלייצעס: פאַרהאַנדלען מיט אַרטיסטן; מיט מוזיקער - וועגן קאָנצערטן; מיט רייזע-ביוראָען וועגן פלי-בילעטן און מיט בענק וועגן הלוואות; דעוויזן, צוגרייטן פאַרווײַלונגען פאַר די מיטגלידער און אפילו אַכטונג געבן אויפן בופעט. מיט אַלע עסט מען זיך אויס דאָס האַרץ. קיין זאַך קומט נישט אָן לייכט; און ירוחם מוז אָנווענדן אַלע זיינע פעאיקייטן, טריקן, חכמה'לעך, ביז ער פירט דורך דאָס - וואָס די דירעקטאָרן האָבן פאַרטראַכט.

שאַצט עס ווער אָפּ? און ער ענטפערט זיך אַליין: - מיט קאַלטער בוכהאַלטערישער אויסגערעכנטקייט, באַרעכנט מען די שעהן וואָס ער זיצט אין ביוראָ - און דאָס איז אַלץ. זײַן איניציאַטיוו, די פעאיקייטן, די איבערגעגעבנקייט פאַרן קלוב - דאָס פאַרזעט מען.

דער פאַרדראָס שטײַגט אין אים, ווי כוואַליעס ערב אַ שטורעם.

- צוליב די פּאָר דאָלאַר, ביסטו ווי אַ פּייערלעשער. נישט קיין טאָג און נישט קיין נאַכט. תמיד אויף דער וואַך...

אין דעם דאָזיקן זאָג האָבן זיך צעגויפגענומען ליבעס, און אַלע אירע פֿאַרדראָסן. דער דאָזיקער זאָג האָט אין ירוחם'ס אויערן אָפּגעקלונגען ווי אַ וואָרענונג קעגן דער פּירונג, וואָס ער האָט איינגעשטעלט: ער האָט דעריבער געמוזט זיין אויף דער וואַך, צוליב דער מורא, אַז דאָס שטריקל קאָן יעדער רגע פּלאַצן....

- נאַכט נאָך נאַכט בלייבן אַליין. די קינדער שלאָפֿן. זיצן און דרעמלען ביי דער טעלעוויזיע. רופסטו עס אַ לעבן? צו וועמען זאָל איך אויסרעדן אַ וואָרט? כאָטש נעם און רייד צו דער וואַנט. האָבן אַ מאַן וואָס איז פֿאַרשקלאַפּט צו אַ קלוב.... און וואָס קען זיין ערגער, ווי זיין פֿאַרשקלאַפּט צו אַ שקלאַף? אַ יונג ווייב פון אַן אַלטן שקלאַף - געפינט זי נאָך עפּעס נייטיקס צוצוגעבן... .

ירוחם קאָן געשיכטע: אפילו ווייבער פון שקלאַפן צעבונטעווען זיך אַמאָל. ספּעציעל יונגע פרויען - וועלכע מען פֿאַרקוקט.

דערווייל האָט ער נאָך נישט אויסגעפונען דעם מיטל, ווי אַזוי דעם אָנקומענדיקן בונט צו צוימען....

ירוחם טוט פּאָרט אַ בלעטער די פּאַפּירן אויפן טיש, כדי זיך קלאָר צו מאַכן, וועלכן ענין מען קאָן שוין ווייטער נישט אָפּלייגן.

- בריוו. נאָר מען שרייבט בריוו, וויפל דירעקטאָרן עס זענען דאָ אין ראַט, אַזויפיל פאָרשלאַגן מאַכן זיי - און אַלץ וועגן שריינן בריוו.... אַ חוץ שרייבן בריוו האָט ירוחם פיינט יעדן טאָג צו מוזן זוכן אַ נייעם תירוץ, אַ פֿאַרענטפערונג פֿאַרן פּרעזידענט, וואָס, שוין באַלד אינדערפרי הערט ער זיין פֿאַרצוקערטע שטים אין טעלעפאָן. דער טאָן שטעכט מיט סאַרקאַזם.

אַזוי - הייסט עס - מיינט ער גאָרנישט, דווקא פריינדלעך. ירוחם קען שוין זיינע רגילותן, פון נאָכקוקן אים, אויב ער ניצט נישט די צייט פון קלוב, פאַר עפּעס וואָס זייטיקעס. דער פּרעזידענט איז צופרידן, ווען ירוחם דערציילט אים אַ לייטישע מעשה ער באַוווּנדערט זיין שעפערישקייט אויף דעם געביט. ירוחם שטויסט זיך אָבער אָן, אַז ער גלייבט נישט קיין איין וואָרט. אָבער פּאָרט, ער טוט ס'זייניקע.

מיט די תירוצים פֿאַרן פּרעזידענט וועט ער שוין ווי נישט איז מוזן שלום מאַכן. ער טרייסט זיך, אַז אפשר וועט ער אַמאָל צעגויפנעמען די תירוצים אין אַ בוך, וואָס וועט הייסן "דער דערפּאָלגרייכער ליגן". מען דאַרף וויסן: שרייבן אַ בוך איז אויך געווען זיין חלום. אין בוך וועט ער זיך אָפּנעמען פאַר אַלע דערנידעריקונגען, וועלכע ער מוז אויסשטיין.

ערגער פון פּרעזידענט - זענען די טענות פון ליבען, זיין פרוי. זי וויל וויסן אַ חשבון פון זיינע נעכט. זי וויל וויסן, צי די אַלע דירעקטאָרן האָבן אויך מער זיצונגען, וויפל נעכט עס זענען דאָ אין דער וואָך. - די קינדער הייבן אָן פֿאַרגעסן, ווי דער טאַטע זעט אויס.... די צרה איז - טראַכט ירוחם - וואָס אין דעם שטעקט אַ שטיק אמת.

ירוחם האָט אַריינגעלייגט אַ בויגן פּאַפּיר אין דער שרייב-מאַשין - פאַר יעדן פאַל, טאָמער קומט עמיצער אַריין. עמעצן איז איינגעפאַלן, אַז מען דאַרף איינלאַדן צום פייערלעכן אָוונט פֿאַרן דיכטער יחיאל דיסק, דעם וועטעראַן. קיינער האָט זיין נאָמען נישט אָגערופן, ווייל אַלע האָבן געוווּסט, וועמען מען מיינט. עמעצער האָט נאָך צוגעגעבן, מען זאָל שרייבן אַ וואַרעמען בריוו.

- וועט נישט זיין גענוג אָנצוקלינגען? - דאָס האָט ירוחם זיך געפּרווּוט אָפּדינגען

פון שרייבן בריוו.

דער כעס נאָך דער נעכטיקער זיצונג האָט זיך ביי אים נאָך נישט אָפּגעקילט. מען שאַצט נישט אָפּ ווי געהעריק זיינע אויפטועןֹ, און זיינע קענטעונישן. מ'האַלט אין איין באַקלאָגן זיך: - פאַרוואָס האָט ער נישט געשיקט באַצייטנס די טעלעגראַמע צום אַקטיאָר סילווסטער?

ירוחם האָט זיך געבעטן: דער אַקטיאָר איז אַ פלאָקן. ער איז נישט ווערט קיין סענט - שוין אָפּגערעדט פון אַ טעלעגראַמע. און אַז עס קומט צו געלט, איז ער יענער קאַנאַרעק ... מען וועט האָבן אַ גראַדיעזן דורכפאַל...

- צי ווייסט ירוחם דעם פרייז פון אַ בריוו-מאַרקע? דאָס איז שוין געווען מער ווי אַ פראַגע - שטייגט דער כעס אין ירוחמען - דאָס איז שוין סאַרקאַזם.

- אוודאי ווייס איך וואָדען? די מאַרקעס קלעבט ער, צי עמעץ אַנדערש? דער ווירטשאַפטלער האָט געשריען געוואַלדן.

- דער רעכענונג פאַר טעלעפאָנען איז ממש אַרויס פון די האָלאָבליעס. (אַז ער ווערט בייז, ווייסט שוין ירוחם, - רעדט פון אים אַרויס דער ליטוואַק) אָבער ירוחם, ווי אַ קולטורעלער מענטש האָט פאַרשריבן אין פראָטאָקאָל, אַז די טעלעפאָן אויסגאַבן, זענען אויסער יעדער פראָפּאָרץ... בלויז איינער, דער פרעזידענט האָט זיך נישט באַקלאָגט. ער האָט בלויז געמאַכט צוויי באַמערקונגען, פון וועלכע ירוחם האָט קיין גרויס נחת נישט געהאַט.

- קאָן ער דאָס אַלץ דערציילן ליבען? קודם, שלאָפט זי, ווען ער קומט אַהיים. זאָל ער איר אויפוועקן און באַקלאָגן זיך? וועגן וויכטיקערע זאַכן וועקט ער איר נישט אויף, און בכלל: ער ווייסט שוין איר ענטפער: - וואָס קלעבסטו אַזוי צום קלוב? מיט דיינע פעאיקייטן וועסטו נישט פאַלירן גיין. ליבע - זעט אויס - האָט פון ירוחמען געהאַלטן אַ וועלט...

אַצינד - טראַכט ער - איז דווקא די ריכטיקע צייט אַרויסצוווייזן, אַז כאָטש ער איז זייער אַ וויכטיקער און פאַרנומענער מענטש, דאָך וועט ער צוליב ליבען צעטרעצלען זיין ווערטפולע צייט אויף היימישע קלייניקייטן, כדי צו דערווייזן איר, זיין זאָרג פאַר דער משפחה.

צוערשט האָט ער געקלונגען וועגן די גאַרדינען. וואָס מיינט ער זיך, דער מענעדזשער, און ווי לאַנג נאָך וועט עס געדויערן. קאָנען זיי נישט קריגן די באַשטעלטע סחורה, וועט ער זוכן עמעצן אַנדערש. מיטן גערטנער איז עס צוגעגאַנגען אַ סך לייכטער. באַשטימט וועט ער קומען אַרומשניידן די ביימער איידער זיי צעבליען זיך. אפשר שוין מאָרגן. די בלומען-בייטן וועט ער אויך צוגרייטן. צום סוף האָט ער געלאָזט ליבען וויסן, וועגן זיינע באַמיאונגען פאַר דער משפחה.

- זעסטו - איך נעם אַ גרונטיקן אָנטייל אין אונדזערע פאַמיליע ענינים...

די ווערטער האָט ער פאַרצייכנט אויפן טיש-פּאַפּיר, נאָך אַ שמועס מיט אַן אָנגעזעענעם פען-מענטש. דאָס איז ביי אים געווען אַ געוווינשאַפט, אַז בשעת רעדן אויפן טעלעפאָן, אָנצוואַרפן אויפן פּאַפּיר פראַזן, צייכענונגען, גראַפישע אומזיניקייטן, ווערטער וואָס קלינגען שיין.

נאָך דעם, ווי ער האָט ליבען געגעבן אַלע עצות וועגן גאָרטן, כאָטש אין גערטנעריי האָט ער געהאַט אַ קנאַפּן וויסן, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז אין דעם

מאָמענט קאָן דער פּרעזידענט קלינגען, און דאַן וועט ער אים זאָגן, אַז יאָ - שוין אַ שעה זיצט ער ביי דער שרייבמאַשין און קאָמפּאָנירט דעם בריוו צום מיניסטער וועגן אַ דערלויבעניש פאַרן אַרטיסט, וועלכן די רעגירונג האָט נישט קיין חשק צו געבן די אַריינפאָר-וויזע, מחמת ער קומט פון יענעם לאַנד....

דערמאָנט ער זיך, אַז דער ליטוואַק האָט שוין אַ מאָל צען באַמערקט; אַז ירוחם איז נישט קיין קאָמפּאָזיטאָר, און דאָ דאַרף מען נישט אַרומפידלען, נאָר טאָן אַרבעט, און אַ חוץ אַלעמען דאַרף מען שרייבן בריוו און נישט קאָמפּאָנירן זיי...

ירוחים קוקט אויף זיין אַרבעט, נישט ווי סתם אַ סעקרעטאַר, נאָר ווי אַן אינטעלעקטועלע באַשעפטיקונג, וואָס מוז אויך צייטנווייז אויספירן לאַנגווייליקע פליכטן, ווי ער טוט עס איצט, ער בלייבט דעם ליטוואַק נישט שולדיק קיין ענטפער:

- מעגלעך, אַז לויט שרייבן בריוו. ביי אים איז אַ בריוו - אַ קאָמפּאָזיציע, וואָס מ'קאָן גלייך אַריינשיקן אין בעסטן ליטעראַרישן זשורנאַל, און מ'וועט עס פאַרצוקערן...

דער ליטוואַק געהערט אויך נישט צו די פאַרשווייגער: - טאָמער לייגט מען אייער קאָמפּאָזיציע אַרויף, אויף דער פּיאַנאָ - מאַכט ער - צעפּוזשעט זי זיך, ווי אַ נאַראַווויסטער פערד... אַזאַ באַמערקונג קאָן שוין ירוחם נישט פאַרטראָגן - און שלינגט זי אַראָפּ. ער וועט זיך שוין מיטן ליטוואַק צערעכענען אין זיין בוך: "דער דערפאָלגרייכער ליגן". אָ דעמאָלט...

ער האָט אָנגעשריבן די ערשטע שורה, און זיך פאַרטראַכט. דאָ מיינט ער - בעט זיך אָפּצוטרעטן פון אָפיציעלן לשון, און אָנשרייבן עפּעס טיפּזיניקס. עפּעס, וואָס זאָל אַ צופּ טאָן ביי דער נשמה. אַ פּערזענלעכע נאָטקע.

און בכלל:

עס זאָל באַרעכטיקן די מיינונג, וואָס ער האָט וועגן זיין שרייבן, אַז דאָס איז נישט סתם אַ בריוו נאָר אַ קאָמפּאָזיציע. אַז דער בריוו צום וועטעראַן איז פּאַרטיק געוואָרן, האָט דער זייגער געוויזן, אַז עס איז צייט פאַר אַ גלעזל קאַווע. דער עלעקטרישער טשייניק האָט געגומען זידן. אין דער שטילקייט פון ביוראָ האָט זיך מיטאַמאָל צעקלונגען דער טעלעפאָן מיט אַזאַ רוגזה, אַז ירוחים האָט געמוזט אַ כאַפּ טאָן ס'טרייבל, אַנישט וואָלט דער טעלעפאָן אַראָפּגעשפּרונגען פון טיש. - האַלאָ? - פון די ערשטע קלאַנגען האָט ער דערקענט די שטים. דער פאַרדראָס האָט אים ווידער אַ כאַפּ געטאָן.

מירקע - וויפל מאָל האָב איך דיך געבעטן נישט צו קלינגען אַהער. טאָמער זיצט דאָ עמעצער, מיינט מען באַלד, אַז איך פיר פּריוואַטע געשפּרעכן. ס'פעלן מיר דען אויס צרות? און פונקט בין איך אַצינד זייער פאַרנומען.... נישט אויסהערנדיק די פאַרענטפערונג האָט ער אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל.

דער עלעקטרישער טשייניק האָט דערוויילן געטאָן ס'זייניקע. געדיכטע קנוילן דאַמף האָבן זיך געריסן צום סופיט. דאָס פייפל האָט אַלאַרמירט.... טרינקענדיק די קאַווע, האָט ירוחם צוריקבאַקומען דאָס גלייכגעוויכט און גענומען טראַכטן, ווי ס'דאַרף טראַכטן אַ מענטש וואָס איז פול מיט קאָמפּליקאַציעס. (דער אַלטער שקלאַף, האַ?) און מוז דעריבער קאָנען באַהערשן יעדע סיטואַציע מיט קאַלטער לאָגיק. ירוחם איז געגאַנגען אויף אייז - פּאַניק - אפילו אויף אַ רגע - מיינט

אויסגליטשן זיך... דעם לוקסוס האָט ער זיך נישט געקאָנט פאַרגינען...

זאָגט ער זיך אַצינד מוסר: - נישט געדאַרפט ניצן דעם לשון פון אַן איבערגעשראָקענעם, נערוועזן געליבטן, אויף וועלכן עס ציטערט די הויט. און אַז מען גייט אויף אייז, מוז מען זיך דען אויסגליטשן?

נאָך אַלעמען איז ער דאָך ירוחם קלעבער - דער אינטעלעקטואַל און געניטער סטראַטעג. כדי זיך צוצוגעבן מוט, טוט ער אַ זאָג, הויך אויף אַ קול:

- נישט שלעכט פאַר אַן אַלטן שקלאַף, האַ?

אפנים - ליבעס זאָג האָט אים גערופעט...

פון זייטיקן שענקל אין שרייב-טיש, האָט ער אַרויסגענומען אַ פלעשל ברענדי און אַריינגעגאָסן אין דער קאַווע.

- די נערוון... מ'דאַרף האָבן אַ קאָמפּיוטער, נישט קיין קאָפּ, די אַלע תרוצים צו סינקראָניזירן...

פון זיך אַליין, כמעט אָן ירוחם'ס אַריינמישונג, האָט דער בלייפעדער אָנגעדרייט אַ נומער אויפן טעלעפאָן דיסק. ער האָט געוואַרט אויפן אָפּערעדטן צייכן, אַז מען קאָן רעדן, אַז מערקע איז אַליין.

- מיינע נערוון... מ'דריקט מיך דאָ ממש צו, צו דער וואַנט. מ'קוועטשט אַרויס פון מיר דאָס לעצטע ביסל מענטשלעכקייט. ממש אינקוויזיציע. יעדער וויל, איך זאָל העלפן דורכפירן זיין פּראָיעקט... זיך אַרומרייסן מיט אַלעמען פאַר זיינעטוועגן... זיך איינשאַפן שונאים...

דער טאָן, די צוגעקליבענע רייד, האָבן געקלונגען ווי אַ פאַרענטפערונג. ירוחם האָט געשפּירט מערקעס אָטעם אין טרייבל. ער איז געווען איינגעהאַלטן; נערוועז, נישט צו פאַרלירן קיין וואָרט פון דעם, וואָס ער זאָגט דאָ. איר שווייגן האָט ער אָנגענומען ווי אַ פאַרגעבונג. ער איז געוואָרן לעבעדיקער. מאָרגן איז די זיצונג. צווישן ניין און האַלב נאָך... נאָר... געדענק: צוערשט דעם ווייסן שליסל, און דאַן דעם געלן מיטן גרינעם רינגל. צינר נישט אָן דאָס ליכט. ברענדי, איז אויפן זעלבן אָרט...

זי האָט קיינמאָל נישט געמאַכט קיין טעות מיט די שליסלען. זי האָט איבערגעלאָזט דעם אויטאָ אין אַ זייטיקער גאַס. אַלץ האָט ירוחם פאָרויסגעזען. ער איז נישט געווען פון די, וואָס פאַרלאָזן זיך אויף ניסים. דאָס זיכערסטע אָרט, איז דער זייטיקער צימער נעבן ביוראָ. צופעליק שטייט דאָרטן אפילו אַן אַלטע קאַנאַפּע. כאָטש זי האָט אָנגעוויזן אויף באַקוועמערע ערטער פאַר אַ באַגעגעניש וואָס אין פונקט אַזוי זיכער, האָט זי פאָרט געקאָנט ירוחמען: דאָס פאַרגרייטן די פאַרענטפערונג נאָך איידער מען פאַרלאַנגט עס פון אים, איז געוואָרן זיין צווייטע נאַטור. זיכער איז נישט געווען גענוג פאַר אים. ער האָט געוואָלט זיין אַבסאָלוט זיכער:

מיטן בריוו צום מיניסטער איז עס שוין נישט געגאַנגען אַזוי גלאַטיק. דאָס מיסט-קערבל איז געוואָרן פול מיט צעקנייטשטע פּאַפּירלעך. דאָ האָט זיך שוין געפאָדערט נישט קיין קאָמפּאָזיציע; געדרייטע פיאות און שמעטערלינגען - (פערפומירטע וואַסער - האָט ער זיך דערמאָנט די רייד פון ליטוואַק) נאָר לעגאַלע טערמינען; קלאָרקייט אין אויסדרוק. דירעקטער צוגאַנג. אַ וויכטיקע אונטערנעמונג הענגט אָפּ פון דעם בריוו און אַ מיניסטער האָט נישט קיין צייט צו

לייענען אַ לאַנגע מליצה...
- ס'איז נישט אַזוי פּשוט - האָט ירוחם צו זיך אַ זאָג געטאָן - און פאַרלייגט אַ ניי בלעטל אין דער שרייב-מאַשין. אומדערוואַרט האָט זיך דער טעלעפאָן צעקלונגען. נאָך איידער ער האָט באַוויזן אָפּצוזאָגן דעם אָנגענומענעם פּזמון - קלוב, "פּראָספּעקט", האָט ער באַלד דערקאָנט דעם היימישן האַלאָ!
- האָסט זיך פאַרבענקט נאָך מיר? האָט ער שטיפעריש אַ פרעג געטאָן ליבען, אָבער ס'האַרץ האָט גענומען האַסטיקער קלאַפּן. אין וואָסערע צוויי שעה וועט ער שוין זיין אין דער היים, און דאַן קאָן זי אים לאָזן וויסן דאָס - וואָס עס איז נייטיק, אַז ער זאָל וויסן.
צו וואָס זשע איז דאָס קלינגען?
איר שטים איז געוואָרן אויפגעהייטערט. אפשר אַ טראָפּן אויפגערעגט. ירוחם האָט זיך נישט געקאָנט כאַפּן וואָס הינטער דעם טאָן שטעקט. מאָדנע: לעבסט אָפּ מיט אַ מענטש כמעט אַ לעבן, און פאָרט פאַרבלייבן פאַרבאָרגענישן, וועלכע דו קאָנסט נישט פאַרשטיין. זיינע נערוון - תמיד אָנגעשפּאַנטע. אומעטום זוכט ער סימנים. עס קאָן תמיד געשען דאָס אומדערוואַרטע - וועלכעס ער דערוואַרט... געהאַט הײנט אַן איבעראַשנדיקע באַגעגעניש - הערט ער ליבעס שטים - און געוויער געוואָרן...
- אַהאַ - אַ ציטער איז אַדורך איבער ירוחם'ס ביינער. אַצינד הייבט זיך עס אָן; איצט וועט ער שטיין פאַרן משפּט פון לעבן. אַצינד הייסט עס, וועט קלאָר ווערן, וואָס פאַראַ ווערט עס האָט זיין פעיקייט צו באַהערשן סיטואַציעס.. דער ערשטער כלל: שווייגן איז גאָלד. האָט ער געשוויגן.
ליבע האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף אים, ווי ווייט די נייגעריקייט האָט אים פאַראינטריגירט: האָט זי ווייטער געפּלאַפּלט: - איך האָב פאַרבעטן מענטשן אויף מאָרגן אָוונט... מען דאַרף אַמאָל זען אַ פריינד אויך... - אוממעגלעך - האָט ירוחם אַריינגעברילט אין טרייבל - מאָרגן האָבן מיר אַן אויסעראָרדנטלעכע זיצונג...
ווייזט אויס - ליבע האָט זיך גאָרנישט וויסנדיק געמאַכט פון ירוחם'ס רייד. אפשר גאָר איינפאַך - זי האָט זיי נישט דערהערט, אָדער - ערגער נאָך: זי איגנאָרירט אים פּשוט. עפּעס ווייסט זי, וואָס ער ווייסט נאָך נישט; איז זי זיכערער ביי זיך...
אַ פּרוּוו פון אַ שקלאַף צעבונטעוועט זיך אויך אַמאָל...
זי איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט אירע איבעראַשונגען: - יאָ, זיי וועלן מאָרגן קומען צווישן ניין און האַלב נאָך... - אוממעגלעך - האָט ירוחם אויסגערופן מיט אַ פרעמדער שטים, וואָס האָט אים אַליין אַ גרילץ געטאָן אין די אויערן. דער גאַנצער ענין האָט אים אויסגעזען נישט גלאַטיק.
- ווען האָבן זיי דאָס לעצטע מאָל געהאַט געסט? - דאָס קאָן ער זיך נישט דערמאָנען... איז וואָס איז מיט אַ מאָל געשען? האָט זי צופעליק אונטערגעהערט זיין טעלעפאָן געשפּרעך?
- איך ווייס, איך ווייס - האָט ליבע ווייטער גערעדט, פונקט ווי זי וואָלט שוין אַלץ געוווּסט, און דאָס, וואָס ירוחם האָט נאָר וואָס געזאָגט, זענען אַרויסגעוואָרפענע רייד. וואַרט זי, ער אַליין זאָל זיך פאַררעדן?
ליבע האָט נישט פאַרשטאַנען זיין אויפרעגונג: - זיי נישט אַזוי צעיאַכמעט, נעם אַ

ביסל ברענדי. דאָס פלעשל שטייט ביי דיר אין שרייב-טיש...

- דאָס איז עס. אונטערגעהערט. פאַרפלאָנטערט די דראָטן... ירוחם האָט שוין פאַרשטאַנען. ער האָט גאָרנישט געפרעגט:

- דיין פרעזידענט - מיסטער שוואַרצקאָפּ האָט מיר שוין אַלץ דערציילט...

- איך האָב באַלד געוווּסט - לויפט ירוחמען דורך דער געדאַנק.

ירוחם האָט זיך דערפילט ווי אין אַ ווינדע, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ צו שנעל. עס האָט אים פאַרפעלט אָטעם. ער האָט מיר נאָכגעקוקט... ער האָט מיך פאַררעדט מיט קלייניקייטן, איך זאָל נישט וויסן וווּ אַהין ער צילט:

אַצינד ציען זייביידע די נשמה פון מיר... מ'האָט פאַרבעטן געסט. אפשר איז צווישן זיי אויך דאָ אַ סוד... די געסט וועלן זיין דערביי... מ'וועט דערציילן וועגן פאַרפלאָנטערטע טעלעפאָן דראָטן... אונטערגעהערטע געשפּרעכן, פאַוואָלינקע וועלן זיי אויסוואַרטן, איך זאָל פאַרלירן די נערוון און נעמען פלאָנטערן מיטן צונג... זיי ווילן מיך כאַפּן ביי אַ וואָרט...

- יאָ - האָט ליבע נישט געקאָנט באַנעמען זיין שווייגן. - געטראָפן דעם שוואַרצקאָפּ אין עקלען-סטריט. ער האָט מיך פאַרבעטן אויף אַ גלעזל קאַווע. ער איז אַ מבין אויף דיר. ער שאַצט אָפּ דיין ווערט, פאַרן קלוב. ער קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן - האָט ער מיר געזאָגט - ווי וואָלט דער קלוב געקאָנט גאָר פונקציאָנירן אָן דיר...

טאַקע ער האָט מיך פאַרזיכערט:

איר קאָנט פאַרבעטן מענטשן אויף מאָרגן. קיין שום זיצונגען מאָרגן. מאָרגן ביינאַכט איז דער מאַן, אייערער.

נו - איצט ווייסטו שוין אַלץ...

אַ קאַלטער שווייס האָט ירוחם'ן באַשלאָגן. די אָנגעשפּאַנטע נערוון זענען מיטאַמאָל לויז געוואָרן. מיט ציטערדיקע הענט האָט ער אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל.

# בעמוד אֵש

די גראָדע ליניע פון מאָמע לעוו'ס לעבן האָט זיך איבערגעבראָכן אין יענעם גורלהאַפטן האַרבסט פון ניין און דרייסיקסטן יאָר.

ער האָט זיך דאַן געפונען אין סאַמע פינטעלע, אין האַרץ פון ווירלווינט, וואָס האָט זיך ערשט גענומען פאַנאַנאַנדערוויקלען מיטן אָנוואַקסנדיקן אימפעט פון אַ שטורעם, וואָס האָט אַראָפּגעריסן הייזער; פאַרוויסט פעלדער; אונטערגעגראָבן איינגעפונדעוועטע, הונדערט-יאָריקע דעמבעס.

מאָמע לעוו האָט כמעט נישט געפילט דעם צי, מיט וועלכן דער ווירלווינט האָט אים אָפּגעריסן פון היימישן באָדן.

ער האָט זיך געלאָזט טראָגן פון ווינטיקן אימפעט, וואָס האָט צונויפגעיאָגט מחנות יונגע מענטשן - ווי ער יאָגט געוויינלעך צונויף האַרבסטיק-פאַרגעלטע בלעטער, און זיי פאַרטראָגן העט, העט ווייט איבער גרענעצן צו פרעמדע, אומבאַקאַנטע און גלייכגילטיקע, פראָסטיקע מקומות.

דעם ווירלווינט האָט נישט געאַרט די גרענעצן וואָס מענטשן האָבן אויפגעשטעלט צווישן לענדער ווייל פריער שוין האָט ער דאָך אַליין די גרענעצן אָפּגעווישט.

דער פחד פאַרן אייזיקן גלאַצער וואָס האָט זיך גערוקט אויף זייערע שטעט און היימען, האָט געטריבן די מענטשן-כוואַליע. דאָס זענען געווען יידן.

די יידן האָבן זיך באַמיט אַריינצובאַקומען אויף אַ שטח, אויף וועלכן זיי וועלן זיין באַשיצט פון דער וועלט-זאַוויערוכע, וועלכע האָט זיך קודם פאַרנומען אויף זייער לייב און לעבן.

אין יענע טעג האָבן די אַנטלויפנדיקע יידן אויסגעזען ווי, צעשראָקענע חיות, וואָס לויפן אין פאַניק פון ברענענדיקע וועלדער. זיי האָבן געזוכט אַ הייל זיך צו באַהאַלטן. אַ וואַסער זיך אונטערצוטונקען, אַ שרץ-אָרט - איבערצולעבן די בראַנד.

אָבער דאָס זענען נישט געווען קיין פלאַמען פון ברענענדיקע וועלדער. די וועלדער זענען געשטאַנען אין דערוואַרטונג פון ווינטער. דער האַרבסט האָט ערשט אַרויפגעצויגן אַ קופּער-רויטן קאָליר אויף די בלעטער.

דאָס זענען געווען בראַנדן פון מענטשלעכע רשעות און בלוט-דאָרשטיקייט, וואָס האָט געיאָגט די יידן.

די פליטים האָבן זיך גיכער געפילט ווי פרידלעכע באַשעפענישן, וועמענס וווין-שטח און גרינע פּאַשע עס זענען פלוצלינג באַפאַלן צעיושעטע יעגער און גענומען הפקרדיק שיסן פון אַלע זייטן.

די חיות זענען זיך צעלאָפן אָן אַן אָרדענונג און אָן אַ ציל. געטראָגן פון לעבנס אינסטינקטן - האָבן זיי געזוכט אַ רואיק אָרט, ווו די קוילן פון יענע יעגער, זאָלן זיי נישט דערגרייכן. אין זייער זכרון האָבן זיך פאַרקריצט סימנים, לויט וועלכע זיי וועלן זיך צוריקקערן שפּעטער - ווען די סכנה וועט פאַרביי.

אין זייער פּאַניק-געלויף האָבן זיי מיטגענומען די בענקשאַפט צו דער גרינער אַרומרינגלונג, דעם שטילן וואַלד און די משפּחהדיקע צונויפלעבונג. זיי האָבן ווייטער געוואָלט אָנגיין מיטן לעבן אין די היימישע ערטער, אַ לעבן וואָס איז מיטאַמאָל צעשטערט געוואָרן. ווי אַזוי האָט דער זיבעצן יאָריקער מאָמע לעוו דאָס אַלץ געקאָנט באַנעמען?

נאָך דעם, ווי ער איז דורך דעם שטורעם פאַרטראָגן געוואָרן צו אַן אָרט, ווו זיין כוח האָט זיך אויסגעלאָזט - דאַן האָט זיך מאָמע לעוו געכאַפּט אַז אים און זיין היים, זיין משפּחה טיילט פאַנאַנדער נישט סתם אַ האַלבע וועלט - ווערדליק דעם שטח - נאָר אַ האַלבע וועלט מיט פאַרצוימונגען, גרענעצן וועלכע זענען אין צווישנצייט אויפגעקומען.

מאָמע לעוו האָט באַנומען, אַז דער זעלבער שטורעם וואָס האָט אָפּגעווישט גרענעצן - האָט אויך באַוויזן אויפצושטעלן נייע; אַז פון ביידע זייטן גרענעץ געפינען זיך באַוואָפנטע מחנות, וועלכע האַלטן אין שלייפן די שווערדן, כדי זיך קעגנזייטיק צו צעפליישן. ווי אַזוי האָט דער זיבעצניאָריקער מאָמע לעוו דאָס אַלץ געקאָנט פאַרויסזען?

ווען ער איז שטיין געבליבן מיט ביידע פיס אויף דער קאַלטער סיבירער ערד, אין אַ שטאָט פאַרוואָפן צווישן טייגעס - האָט ער דערשפּירט דאָס, וואָס יעדער בעל-חי דערשפּירט.

- אַ ווילן צום לעבן.

זיינע זיבעצן יאָר האָבן זיך געקלאַמערט אין לעבן, ווי אַ בלינד, נאָר וואָס געבוירן חיהלע רייסט זיך צו דער מוטערס אייטער, כאָטש די מאָגערע אייטער האָט נישט געהאַט גענוג נאָפלען פאַר די אַלע קריכנדיקע, נאַסע און בלינדע באַשעפענישן, וואָס זענען נאָר וואָס אַרויסגעקראָכן פון איר אינגעווייד.

צו זיינע זיבעצן יאָר האָט ער זיך שוין געהאַט איינגעשאַפּן אַ סכום בילדונג, אַ ביסל לעבנס-דערפאַרונג פון אַ יונגן מענטש וואָס האָט שוין באַלד באַהערשט אַ פאַך. מיט אָט די מכשירים האָט ער זיך באַמיט איינקלאַמערן אין לעבן מיטן ווילן - איבערצולעבן.

געוואַרעמט דעם ווילן האָט דער פונק פון בענקשאַפט נאָכן מיידל, מיט וועלכער ער האָט זיך געזעגנט אין טויער.

דאָס כאַאָטישע לעבן אין רוסלאַנד, אַרומגעכאַפּט מיטן מלחמה-פיבער, ווי אַ שיף אויפן צעשטורעמטן אָקעאַן וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט די שוימיקע כוואַליעס, וועלכע האָבן די שיף געשלעפּט צום אָפּגרונט. געבויט אָבער לויט די כללים פון שיף-בוי, האָט די שיף נישט געוואָלט זינקען כל זמן זי איז נישט באַשעדיקט. זי האָט זיך דעריבער געשליידערט אַרויף און אַראָפּ איבער די וואַסערדיקע בערג און אָפּגרונטן.

מאָמע לעוו איז געווען אַ פּאַסאַזשיר אויף אָט דער שיף. עס האָט אים געשליידערט פון וואַנט צו וואַנט. נישט איינמאָל האָט ער זיך אָנגעשלאָגן אָן די

אייזערנע שטאַנגען און פאַרוווּנדעטע געוואָרן. נישט איינמאָל האָבן אים קאָלטע, זאַלציקע כוואַליעס אָפּגעגאָסן און ער האָט קוים געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן.

זיינע זיבעצן יאָר האָבן נישט געוואָלט אויפגעבן דאָס לעבן. זיי האָבן נישט געצווייפלט, אַז מען קאָן איבערלעבן; צוריקקומען אַהין, צו דער שטילער גאַס, דעם טויער ביי וועלכן ער האָט איר געזאָגט: - אָ, זיי געזונט...

צום סוף האָט דאָס לאַנד באַזיגט דעם שונא און מאָמע לעוו האָט געוווּנען זיין געראַנגל. דער שטורעם האָט זיך סוף כל סוף איינגעשטילט און די שיף איז אַרויסגעשווומען אויף שטילע וואַסערן.

דאַן איז עס שוין נישט געווען מער דער זיבעצניאָריקער בחור מאָמע לעוו, נאָר אַ פאַרהאַרטעוועטער דרייאונצוואַנציק יאָריקער מאַן, וואָס האָט אין די עטלעכע יאָר דורכגעמאַכט די האַרבע שול פון לעבן: געגראָבן קוילן אין דער שאַכטע "קרופּסקאַיאַ" אין "קיזעל"; געאַרבעט ביי דער אייזנבאַן אין "ניזשני טאַגיל"; געשלעפּט קלעצער אויפן "ספּלאַוו" פון דעם טייך קאַמאַ, אין דער געגנט פון אוראַל; מאַרשירט ווי אַ זעלנער צום פראָנט און נישט דערגאַנגען, מחמת זיין מערבדיקן אָפּשטאַם; געמוזט קויפן אַ לינקן "שמו" - איז פון מאָמע לעוו געוואָרן איסאַק קאַצאָוויטש, דער פוילישער בירגער, באַפרייט פון דורכגאַנגס-פונקט "וואָרקוטאַ", לויטן פאַראַגראַף... דאָס ענדערן דעם נאָמען איז נישט געווען קיין קאַפּריז אויף וועלכן מאָמע לעוו האָט זיך אָנגעטראָפן אויף זיין ווייטערדיקן לעבנס-וועג, ווי אַ ווילן איבערצורייסן מיט דער פאַרגאַנגענהייט.

מאָמע לעוו האָט קיינמאָל נישט אונטערגעשאַצט די משפחה-ווערטן, מיט וועלכע ער האָט זיך אַבסאָלוט נישט געהאַט וואָס צו שעמען. אָבער נאָך דער מעשה קראַסנאָדאַר און דעם "סטרוי-באַט", די מאָבילזירטע אַרבעטס-באַטאַליאָנען - פון וועלכע אַ לייטישער מענטש האָט זיך באַמיט צו ווייכן, אויב ס'לעבן האָט נאָך געהאַט ביי אים אַ ווערט, איז דער נאָמען מאָמע לעוו שוין נישט געשטאַנען אין גרויסן יחוס ביי דעם "קאָמיטעט פון אינערלעכער זיכערקייט" וועלכער איז נאָך אַלעמען געווען דער באַלעבאָס פון לאַנד.

דאָס טוישן דעם נאָמען לאָזט זיך דערקלערן דערמיט, וואָס מאָמע לעוו האָט געוואָלט אַרויסגיין פון דער פאַסטקע וואָס האָט אים געמוזט אַריינכאַפּן... נאָך דער דערפאַרונג איז איסאַק קאַצאָוויטש געוואָרן אַ לייטישער בירגער באַשעפטיקט ביים בויען דעם "פאַרכאַד סטרוי", ווי אַ דעלעגירטער אַרבעטער פון "עלעקטראָ-טראַסט".

אַ מענטש האָט אין יענע טעג געמוזט האָבן אַ סטאַביל וווין אָרט, אַן אַדרעס; געהערן צום פאַבאַנד פון די פוילישע פאַטריאָטן; אַ געוויסן דאָקומענט וואָס זאָל באַשטעטיקן זיין צוריקקער קיין פוילן ... אין פוילן איז פאַר מאָמע לעוו געווען דאָס מיידל, וועמענס אָפּבליק האָט זיך פאַרקריצט אין זיין זכרון.

די מיטגעמאַכטע יאָרן וואָלטן אויסגעפילט צענטליקער שורות אין אַן אויטאָביאָגראַפיע - ווען לעוו וואָלט געהאַט בדעה אַזאַ צו שרייבן. געשריבן אויטאָביאָגראַפיעס יעדעס מאָל, ווען ער האָט געזוכט אַן אַרבעטס-אָרט אין רוסלאַנד - דאַרף מען פאַרשטיין - האָט שוין מאָמע לעוו געהאַט אַ געהעריקע דערפאַרונג, בעיקר אין דעם - וואָס מען דאַרף געדענקען אַרויסצולאָזן...

* * *

עס איז שוין אויסגעקומען, אַז אין מאָמע לעווס לעבן צו באַצייכענען עס אין טעכנאָלאָגישע טערמינען - איז תמיד געווען אַ פּירנדיקע אַקס. ביי דעם אַלעם אָבער איז זיין לעבן נישט געוואָרן אַנטוויקלט לויט שטרענגע טעכנאָלאָגישע אויסרעכענונגען. אין יענעם נאָך מלחמהדיקן יאָר, ווען די עשאַלאָנען האָבן צוריקגעפירט די יידישע פּליטים מיט האָב און גוטס, און מיט זייערע האָפענונגען וואָס זענען געווען זייער בענקשאַפט נאָך דער פאַרלאָרענער היים - איז פון צוג אַראָפּגעשפּרונגען אַ דאַרער, הויכער בחור אין אַן אויסגעוואַקסן רעקל, אין אַ ביסל צו ענגע הויזן, מיט אַ שניפּס וואָס האָט געהאַט אין זיך שוין צופיל קנייטשן פון די אַלע קנופּן, ווּעלכע מען האָט אים במשך פון יאָרן אָנרחמנותדיק אויסגעבונדן. אָבער פאָרט אַ שטיקל אָנבליק פון עלעגאַנץ האָט ער נאָך באַוויזן אויפצוהאַלטן. זיינע שיך זענען געווען שטויביק-גרוי, כאָטש דער בחור האָט זיך באַמיט זיי אָפּצופּוצן, נאָר מחמת אַלטקייט האָבן זיי פאַרלוירן דעם ווילן, אָדער די פעאיקייט צו גלאַנצן.

דאָס אַלץ האָט ער צונויפגעשטעלט נאָך וואָכן נישטערן אויפן "טאָלטשאָק", אין דער צוגרייטונג פון פרעזענטירן זיך פאַר איר.

אין רענצל האָט דער דרייאונצוואַנציק יאָריקער בחור געפירט דעם טרוים פון זיבעצניאָריקן. מיט זיכערע טריט האָט ער זיך געלאָזט צו דעם אַדרעס, ווו זי האָט אויף אים געוואַרט. אַזויפיל האָט ער שוין געוווּסט; - זי האָט איבערגעלעבט און זי וואַרט...

פאַר די אויגן האָט ער תמיד געהאַט דאָס זעלבע בילד: אַ ווייס זומער קליידל, באַשפּרענקלט מיט גרינע אַרבעסלעך, צוויי יונגע מיידלשע בריסטן, וועלכע האָבן זיך גענומען אויסרונדיקן פון אונטער דעם איינגעצויגענעם וועסטל; די האַלב נאַקעטע הענט זענען געווען ווייכע, פולע, רונדיקע. אויפן האַלדז - בורשטינענע קרעלן מיט וועלכע זי האָט זיך נערוועז אַרומעשפּילט, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן מיט אירע הענט.

מיט אויגן פון אַ דערוואַקסענעם האָט ער געקוקט אויפן מיידל, און געזען אַ קינד, כאָטש אין זיין מחשבה האָט זי שוין פאַרנומען דאָס אָרט פון אַ ווייב.

איז ווי זשע רעדט מען מיט אַ קינד וועגן ענינים פון מאַן און ווייב? ער האָט גענומען גיין לאַנגזאַמער, זוכנדיק דאָס נייטיקע וואָרט צו זאָגן איר וואָס ער פילט .

די טיר האָט אויפגעמאַכט אַ פרוי. זי איז אים געווען אי פרעמד אי קענטלעך. ערגעץ ווו האָט ער זי שוין באַגעגנט. אָבער ווו דאָס וועט ער שוין געוווּער ווערן שפּעטער. דערווייל קאָן מען דאָך נישט שטיין און קוקן ווי אַ שטומער. מען מוז דאָך עפּעס זאָגן.

- וווּינט דאָ פערל ברייטמאַן? - האָט מאָמע לעוו נישט דרייסט אַ פרעג געטאָן. מאָמע לעוו - האָט די פרוי מיט שטוינונג אַויסגערופן - פון וואַנען האָט דיך דער רוח אָנגעטראָגן? די שטים איז געווען די זעלבע, און דער אופן פון אויסדריקן איר איבעררצשונג האָט קיין צווייפל נישט איבערגעלאָזט, אַז דאָס איז פערל ברייטמאַן, דאָס מיידל וואָס האָט אים אַרויסבאַגלייט צום טויער.

אין קעל האָט אים פאַרקלעמט, ער איז נישט געווען בכוח עפּעס צו ענטפערן אויף אָט דער מאָדנער פראַגע: - ווייסט זי דען נישט פון וואַנען ער קומט אַצינד?

ער האָט זי אַרומגענומען און צוגעדריקט צו זיך. טרערן פון גערירטקייט האָבן אָנגעפילט די אויגן.

* * *

דאָס איז געווען מאָמע לעווס נייער אָנהייב.

ווען מאָמע לעוו טוט אַ קוק, מיטן בליק פון אַ דערפאַרענעם אויף די פערציק יאָר וואָס זענען פאַרביי פון יענעם אָנהייב - אויף די קינדער, די אייניקלעך, די ווײַנונגס-בלאָקן וואָס ער האָט אויפגעשטעלט - טוט ער אַ טראַכט - אַז די פירנדיקע אַקס פון זיין לעבן איז געווען דער דראַנג צו דערגרייכן רייכטימער. - און די טרייב קראַפט פון דער פירנדער אַקס?

מאָמע לעוו איז זיך מודה, אַז דאָס איז געווען פערל. כאָטש זי האָט עס אים נישט אויפגעהערט צו דערמאָנען, האָט ער איר קיינמאָל נישט געוואָלט אָנטאָן דאָס פאַרגעניגן און עס צוגעבן אין דער סביבה פון פריינד.

פערל האָט אינסטינקטיוו באַנומען ווי מענטשן פירן זיך אין נייעם לאַנד, און וועלכן יחוס מען דאַרף פאַרמאָגן, כדי זיין מיט לייטן גלייך. זי האָט באַנומען, אַז געלט איז אי יחוס און אי אָנזען, און עס גיט דאָס רעכט צו פרעטענדירן פאַר אַן אָנגעזעען אָרט אין דער געזעלשאַפט.

די טעכנישע שול, וואָס איז געווען לעווס אָנהייב אין יענע פאַרגאַנגענע יאָרן האָבן אין אים איינגעפלאַנצט די נייגונגען צו טראַכטן מיט קאָנקרעטע טערמינען (דאָס האָט אים אויך געהאָלפן אין פאַנאַנדערקלייבן זיך אין די בוי-פּלענער פון די געביידעס וואָס ער האָט אויפגעשטעלט) און אויך אידעען ווו מאַטעריעלע ווערטן האָבן נישט פאַרנומען דעם אויבנאָן. אין יענע יאָרן, ווען יעדער יונגער מענטש האָט זיך באַטראַכט ווי אַן אידעאַליסט, זענען מאָראַל און סאָציאַלע גערעכטיקייט און גייסטיקע ווערטן געווען די מאָסן צו באַשטימען די ווערט פון אַ מענטש. די פּראָלעטאַרישע יוגנט חלומות האָבן מער נישט געהאַט קיין האַפט אין זייןווירקלעכקייט - זיי זענען טאַקע געווען שיין - זאָגט מאָמע לעוו, אָבער נאַיוו...

ער איז צופיל אַריינגעטאָן אין דער רעאַליטעט פון היינט, צו קאָנען טאָלערירן די נאַיוויטעט פון זיין יוגנט. די רעאַליטעט פון היינט האָט פאַרלאַנגט אַנדערע קוואַליטעטן כדי צו ווערן ווי געהעריק אָפּגעשאַצט. מאָמע לעוו האָט די קוואַליטעטן פאַרמאָגט און די נייע סביבה האָט עס אַקצעפּטירט.

- פאַרוואָס זענען זיי בלינד צו דער ווירקלעכקייט?

דאָס האָט מאָמע לעוו געטראַכט וועגן זיינע פריינד, וואָס פאַרלאַנגען נאָך אַלץ פון אים, ער זאָל רעספּעקטירן זיין נעכטן.

ער האָט זיך געפונען איז אַ מין קעסל-גרוב, ווו פאַרשידענע שטראָמען האָבן אים געצויגן פון איין ריכטונג צו אַ צווייטער און נישט געגעבן קיין רו. יאָרן האָט מאָמע לעוו געבענקט נאָכן טאָג, ווען ער וועט קאָנען אויספילן זיינע טעג מיטן בלויז, וועלכן אים פעלט - די איבערגעריסענע שול-יאָרן...

ווען דער טאָג איז ענדלעך געקומען, און מאָמע לעווס נישט דערפילטע פאַרלאַנגען האָבן אָנגעהויבן אָננעמען צופרידנשטעלנדיקע פאָרמען האָט ער מיטאַמאָל חרטה געקאָגן אויפן גאַנצן עסק. מאָמע לעוו האָט פאַרלוירן די ריכטונג, ווי די פירנדיקע אַקס וואָלט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט און איבערגעלאָזט די ברירה צו אים אַליין.

אין אָט דער צעמישונג האָט רעליגיע געמומען אויסזען ווי דער באָדן אויף וועלכן מען קאָן געפינען מנוחה. מיטן גלויבן, אַז אין דעם אייביקן בוך ווו עס איז פאַרשריבן די געשיכטע און די חכמות, וואָס אַ פאָלק האָט אָנגעזאַמלט אין משך פון יאָרהונדערטער, וועט ער סוף כל סוף געפינען זיין גייסטיקע רו; די פאַרענטפערונג פאַר די פראַגן וואָס מאַטערן אים? - האָט ער זיך גענומען צו שטודירן דעם חנ״ך.

קיין חדר האָט מאָמע לעוו קיינמאָל נישט באַזוכט, האָט ער זיך געמוזט באַנוגענען מיט דער יהואש-איבערזעצונג, וואָס ער האָט זיך פאַר דעם צוועק איינגעשאַפן.

פאַר אים איז אין תנ״ך אַלץ געווען אַ נייעס. אומעטום האָט ער געפונען סימנים פון זיין אייגן לעבן. ער האָט דאָך אויך געאַרבעט עבודת פרך און איז שפעטער - צוליב אַן אָפּמאַך - אויסגעליזט געוואָרן פון מצרים. פערציק יאָר האָט ער געוואַנדערט אין מדבר. געוויס - אויסטראַליע איז פאַר אים געווען אַ גוטער מדבר פול מיט מן, אָבער אַצינד האָבן די פאַרגאַנגענע פערציק יאָר אויסגעזען ווי אַ גייסטיקער מדבר...

אָבער די יידן אין מדבר האָבן דאָך געהאַט אַ ציל - האָט שוין מאָמע לעוו געפירט דעם ויכוח מיט זיך אַליין. אַ פירנדיקע אַקס, אַ ריכטיקע ליניע. זיי האָבן אפילו געוווּסט, וואָס עס וועט געשען ווען זיי וועלן אַדורכגיין דעם מדבר.

און אַזוי האָט מאָמע לעוו געלערנט:

בעמוד אַש

20 - און זיי האָבן געצויגן פון סוכות און האָבן גערוט אין אתם ביים עק מדבר.

21 - און גאָט איז געגאַנגען זיי פאָרויס, בייטאָג אין אַ זייל פון וואָלקן, זיי צו פירן אויפן וועג, און ביינאַכט אין אַ זייל פון פייער, זיי צו לייכטן; כדי צו קענען גיין בייטאָג און ביינאַכט.

22 - דער זייל פון וואָלקן פלעגט זיך נישט אָפּטאָן ביי טאָג, און דער זייל פון פייער ביינאַכט פון פאַרן פאָלק...

\- - - - - - - - - - - - - - - - -

ווען מאָמע לעוו האָט אָנגעווירן דעם מוט נאָכצופאָלגן זיין גייסטיק עמוד אַש -האָט פערל - ווי תמיד - געוויזן אים אַ נייעם וועג, אין וועלכן עס איז אויך דאָ אַן אָרט פאַר איר...

דאָס האָט שוין אָבער באַדייט - מאָמע לעוו'ס קאַפּיטולאַציע. ער האָט שלום געמאַכט מיטן גורל - אָבער נישט מיט זיך.

# צופעליק...

סוזען איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר פון מאָטעל-צימער. אירע אויגן האָבן זיך קעציש געזשמורעט אַנטקעגן דעם זוניק-צעשפרייטן פרימאָרגן. אַ לייכט ווינטל האָט זיך געשפילט מיט איר לויזן שלאָף-ראָק און שקאָציש אַרונטערגעקוקט, כדי זיך איבערצוצייגן אַז דאָס אין די אייגענע סוזען, וואָס איז אַ ווײַלע פריער געלעגן אויפן בעט, איינגעהילט אין אירע לאַנגע, רויט-צעפינקלטע האָר וואָס האָבן געלויכטן ווי אָפּגעפּאָלירטער קופער. דאָס בעט, וואָס האָט אייגנטלעך געדאַרפט דינען ווי אַן אָרט פון אָפּרו און אַנטרינונג פון לעבן; אַן אָרט וואָס העלפט אַנטשפּאַנען די נערוון; מען קאָן אויך אויסוועבן פאַנטאַזיעס און אפילו זיי באַפרידיקן, איינגעוויקלט אין שלאָף - דאָס בעט האָט אויף זיך געטראָגן סימנים פון נאַכטיקע אומרואיקע און קאָשמאַרע ראַנגלענישן, אין וועלכע דער קערפּער איז געווען פאַרוויקלט - מיט זיך אַליין.

זי האָט קוים געקאָנט אַן אויג צומאַכן די נאַכט אין דעם מאָטעל, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ פאַרוואָרפן דאָרף, ווייט פון די הויפּט-וועגן. דאָס אָרט ווערט מערסטנס באַנוצט פון איינזאַמע, אָפּגעזונדערטע מענטשן, וואָס קומען אַהער אויסלאָדן זייער ענערגיע, זיצנדיק שעהן אין אַ פישער-שיפל, אַ וועדנקע אין דער האַנט און מיט דער איינציקער האָפענונג, אַז אַ פישל וועט פאַרט נעמען ניבלען דעם וואָרעם, וועלכער הענגט אויפן דריי-שפּיציקן האָק.

אַהער האָט זי זיך פאַרקליבן, כדי אַוועק פון דער שטאָט, ווו זי האָט נאָר וואָס פאַרענדיקט דאָס דריטע יאָר אוניווערסיטעט; פון אירע עלטערן, וועלכע האָבן געהאַט אַ זייטיקן מיין אין איר אוניווערסיטעט-שטודיום, וואָס קערט זיך מיט בילדונג גאָר נישט אָן. מיט מאַמישער איינפאַכקייט און פאַרטרויאונג האָט מען עס איר געלאָזט וויסן:

- אַן אוניווערסיטעט פאַר אַ מיידל איז דאָס אָרט, ווו מען קאָן באַקענען אַ לייטישן יידישן בחור. פון דאָרטן קומען דאָך אַרויס די דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן - געבילדעטע יונגע לייט, וואָס קאָנען פאַרזאָרגן אַ פרוי מיט אַ רואיקער היים.

סוזען האָט אָנגעשטעלט אויף דער מאַמען אַ פּאָר נאַיווע אויגן, ווי די מאַמע וואָלט גערעדט וועגן אַן ענין וואָס איז נישט צום באַגרייפן, און אַליין האָט זי מיט אַלע כוחות איינגעהאַלטן איר שאַרפע צונג, זי זאָל דער מאַמען נישט באַהאָגלען מיט רייד, וואָס וועלן ביידע נאָכער ווייטאָן.

- נו, און? - האָט זי דעריבער אַ פרעג געטאָן.

- דאַרף מען נישט אַריינקוקן צו פיל אין די ביכלעך, נאָר האָבן די אויגן אָפן... -

האָט אויך די מאַמע געפּרוּווט אויסמיידן דעם שטורעם וואָס נעמט אָנוואַקסן.

אָבער נישט תמיד איז עס געלונגען.

צו להכעיס די עלטערן, האָט סוזען געשריגן, אַז אַן אוניווערסיטעט איז אַן אָרט פון קולטור און בילדונג און נישט קיין אָזיערע אין וועלכער עס שווימען אַרום דאָקטוירים און אינזשיניערן; אַז זיי זענען "אָלד קאַנטרי פּיפּל", פּרימיטיווע, וואָס ביי זיי איז אַ פרוי נישט מער ווי דער וואָרעם נאָך וועלכן אַ פיש יאָגט זיך און שלינגט אים אַראָפּ צוזאַמען מיטן שטאָלענעם האָק; אַז זיי קוקן אויף איר ווי אויף אַן אָביעקט פון רעפּראָדוקציע; אַז זי איז נישט קיין הון וואָס איז באַשאַפן געוואָרן נאָר צוליב דעם, זי זאָל לייגן אייער... אַז...

און נישט געפינענדיק גענוג ווערטער זיי ווי צו טאָן, איז זי זיך פאַרגאַנגען אין אַ געוויין. נאָך אַזאַ קאָנפראָנטאַציע (אַזוי האָט סוזען באַצייכנט אירע צוזאַמענשטויסן מיט די עלטערן) האָט זי נאַכער טעג נישט גערעדט צו די עלטערן. עס האָבן איר געמאַטערט פּראָבלעמען וועלכע דער שטורעם האָט אַרויסגעבראַכט אויף דער אויבערפלאַך. פאַרדרוס האָבן פאַרשאַפט די בחורים, מיט וועלכע זי איז אָפט אַרויסגעגאַנגען, פאַרבראַכט מיט זיי, געזעסן איינגעטוליעט ביז האַלבער נאַכט אין דער טונקלקייט פון אויטאָ און זיי זענען ווי אויסגערונען, אָן איבערלאָזנדיק אַפילו אַ שיין פון האָפענונג. עס האָט איר ווייט געטאָן וואָס זי פאַרשאַפט צער די עלטערן, צו וועלכע זי האָט געהאַט וואַרעמע געפילן, און וואָלט אַלץ געטאָן זיי צו ברענגען אַ ביסל פרייד, וואָס זיי אַליין האָבן געהאַט אַזוי ווייניק אין זייער לעבן. נישט נאָר האָט זי געוווּסט וואָס די עלטערן האָבן דורכגעלעבט אין די מלחמה-יאָרן, אפילו שוין אין אויסטראַליע איז עס פאַר זיי געווען אַ שווערער גראַנגל.

אין זיך אַליין איז זי אויך געווען אַנטוישט. טייל מאָל האָט אַ געפיל פון פּאַניק זי אַרומגעכאַפּט, אַז זי בלייבט אויסן, ווי אַן איבעריקע, אַן אומנייטיקע. נאָך אַלעמען - איז זי שוין אַלט געוואָרן 23 יאָר.

אָנשטאָט די עלטערע, רואיקע פישער-לייט, האָבן אין דערבייאיקן צימער זיך צופעליק אָפּגעשטעלט עטלעכע בחורים, ווייזט אויס סטודענטן, וואָס זענען, ווי זי, נאָר וואָס פון אוניווערסיטעט אַרויסגעשפּרונגען אין דער פרייהייט אַריין. זי האָט געהערט זייערע לידער, דעם מעטאַלענעם קלאַנג וואָס האָט באַגלייט דאָס אויפמאַכן פון ביר-קענדלעך - זיי זענען אַריינגעדרונגען אין איר אומרואיקן שלאָף, זיך געפלאָנטערט אין אירע חלומות, וועלכע זי האָט געחלומט האַלב-וואַך.

זי איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר פון מאָטעל-צימער און געלאָזט דאָס ווינטל זיך שפּילן מיט אירע נאָך נישט פאַרקעמטע האָר, מיט די פּאָלעס פון איר לייכטן מאָרגן-ראָק, און קוקנדיק דעם יונג-צעשטראַלטן פרימאָרגן אין די אויגן אַריין, האָט זיך איר.אויסגעדאַכט, אַז דאָס ביינאַכטיקע איז געווען איינער פון די קאָשמאַרן וועלכע זי האָט געהאָפט איבערצולאָזן אין שטאָט.

ביסלעכוויַז האָבן אירע אויגן זיך גענומען צוגעוווינען צו דער שאַרפער ליכט, ערשט דאַן האָט זי באַמערקט, אַז נישט ווייט פון דער שכנותדיקער טיר שטייט אַ העל בלויער אויטאָ, וואָס לויט זיינע פאָרמען דאַרף ער זיין אַן אויסלענדישער, און דאַרף באַטרעפן אַ היפּשע מטבע. דער מאָטאָר-צודעק איז געווען אָפן און אַלץ וואָס זי האָט געקאָנט זען איז אַ פּאָר פּעסטע, האָר-באַוואַקסענע, מוסקולירטע מענערישע פיס אין קורצע ספּאָרט-הייזלעך און אַ ברוינעם אָפּגעברענטן רוקן. דער

קאָפּ איז וואַרשיינלעך געווען פאַרטאָן אין מאָטאָר, און לויט די באַוועגונגען פון קערפּער האָט זי פאַרשטאַנען, אַז עפּעס טוט זיך דאָרטן אינעווייניק. זי האָט געפרווּווט זיך פאָרשטעלן ווי די אַנדערע טיילן פון אָט דעם מענטש זעען אויס אין זייער גאַנצקייט. דער מענטש האָט איר נישט געגעבן קיין צו פיל צייט פאַר איר אַנאַטאָמישער קאָמפּאָזיציע. ער האָט זיך אויסגעגלייכט און ווייזט אויס באַפרידיקט זיין נייגעריקייט אַז דער מאָטאָר איז פון גוטער קוואַליטעט און צוזאַמענגעשטעלט מיט מעכאַנישער דערפאַרונג, האָט ער אַרונטערגעלאָזט דעם צודעק, וועלכער האָט זיך אויטאָמאַטיש צוגעשלאָסן פון אינעווייניק. איבערצייגט, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, האָט ער זיך פאַרנומען אויפן וועג צוריק אין זיין צימער, ווּ חברה האָבן פאַרבראַכט די נאַכט, און איז שטיין געבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט. עס איז פאַר אים געווענן אומפאַרשטענדלעך ווי אַזוי עס קומט מיט אַ מאָל אַ מיידל אין דער אָפענער טיר, וואָס האָט אים אויסגעזען צו זיין זייער צימער. צו ערשט איז אים איינגעפאַלן, אַז דאָס איז אַ האַלוצינאַציע, דער רעזולטאַט פון די אַלע קענדלעך ביר וואָס זיי האָבן אויסגעטרונקען די נאַכט, באַגלייט מיט געשיכטעס וואָס קאָנען אינספּירירן די וויזיע פון אַ שיין מיידל וואָס פאַלט ממש פון הימל אַראָפּ. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, צו פאַרטרייבן דעם מיראַזש וואָס שווימט ווי אַ נעפּל פאַר זיינע אויגן. אַז ער האָט אויפגעמאַכט די אויגן און דאָס מיידל איז נאָך אַלץ געשטאַנען פאַר דער טיר, האָט ער פאַרשטאַנען אַז דאָס מוז זיין אַ שכנה פון איבער דער וואַנט. גלייכצייטיק האָט ער פאַרשטאַנען אַז פון קיין צו פיל שלאָף האָט זי די פאַרגאַנגענע נאַכט נישט געקאָנט געניסן.

סוזען האָט נאָכגעקוקט דעם בחור. ער איז געווען אַ שוואַרצער מיט אַ קוטשעראַווען קאָפּ האָר, מיט אַ מוסקולירטן ברוסט-קאַסטן און היפּשלעך באַוואַקסן, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז דער בחור גיט אָפּ אַ סך צייט פאַר ספּאָרט איבונגען. זיין פאַרלעגנהייט האָט געדויערט בלויז אַ רגע.

- איך מוז זיך אַנטשולדיקן פאַר דער פאַרגאַנגענער נאַכט. מיר האָבן געגלייבט אַז דער צימער נעבן אונדז איז פריי. נאָך אַלעמען, פאַרשטיי אַליין, מיר האָבן די וואָך פאַרענדיקט דעם יורידישן פאַקולטעט און עס ווילט זיך אַ ביסל צעשטרייען פון די נודנע קאָדעקסן און פאַראַגראַפן.

באַלד האָט ער אַ פרעג געטאָן:

- ווי האַלט עס מיט דיר? - ס'פאַלט מיר איין, כ'האָב דיך געזען, דאַכט זיך מיר, אין מאָנאַש?

- אַזוי איז עס. פאַקולטעט פון סאָציאַלע וויסנשאַפטן.

- באַוווּנדערסט דעם וואָגן? - האָט ער געזאָגט, ווי דאָס וואָלט געווען אַ זעלבסט פאַרשטענדלעכע זאַך - ער געהערט צו מיין חברס פּאָטער, געהערט אוודאי איסאַקאָוו, דער באַקאַנטער בוי-אונטערנעמער.

סוזען האָט נישט געוווּסט וואָס זי זאָל פריער באַוווּנדערן: דעם יונגן ענערגישן בחור מיט די שוואַרצע דורכדרינגלעכע אויגן; דעם גאָלדענעם מעדאַליאָן וואָס ער טראָגט אויף אַ קייט אַרום האַלדז, דעם אַמעריקאַנער אויטאָ, וואָס שפּיגלט מיט די ניקל-טיילן אין דער זון - אָדער גאָר דעם בוי-אונטערנעמער איסאַקאָוו, וועלכן מ'האָט ביי זיי אין דער היים געשאַצט אין מיליאָנען...

דער בחור האָט זיך נישט געגעבן די מי צו וואַרטן אויף איר ענטפער. פאַר אים

איז געווען אַבסטלוט קלאָר, אַ דאָס איינציקע וואָס איז ווערט צו באַוווּנדערן, איז דער אויטאָ מיט זיין פּרעציזער, קלוגער קאָנסטרוקציע, וועלכן ס'איז אַ פאַרגעניגן צו פירן.

- האָסט חשק זיך איבערצופאָרן? - האָט ער איר אַ פרעג געטאָן - אָ, אָ, גאָר פאַרגעסן, איך הייס לעאָן.

- סוזי - האָט זי שעמעוודיק אַ זאָג געטאָן.

- לאָמיר גיין - האָט ער איר אַ נעם געטאָן פאַר דער האַנט. זיין דרייסטקייט האָט איר, אי איבערראַשט, אי אימפּאָנירט. דער אויטאָ האָט זיך אָן געראַש אַרויסגעגליטשט אויפן שמאָלן וועג און זיך אַוועקגעלאָזט צווישן די פעלדער. לעאָן איז געווען אַ מייסטער אין פירן אַן אויטאָ מיט איין האַנט. סוזען האָט זיך צוגערוקט צו אים און אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אין זיין האָריקער ברוסט, און מיט אָפענע, פאַרטראַכטע אויגן, זיך איינגעקוקט אין דער ווייטקייט. ס'האָט איר נישט געאַרט וואוהין דער אויטאָ וועט זיי פירן אָדער, אויב דער בחור האָט עפּעס אַנדערש אין זינען, אויסער צו דעמאָנסטרירן פאַר איר די פיינע, מעכאַנישע קאָנסטרוקציע פון דעם "מאַסטאַנג". מיט אַלע אירע חושים האָט זי דערשפּירט אַ נאָענטקייט צו אים און איינגעטוליעט צו זיין ברוסט, האָט זי זיך דערפילט באַשיצט, זיכער און זאָרגלאָז. זיין פרייע האַנט האָט זי אַרומגענומען. דאָס איז געווען די שווערע, וואַרעמע האַנט פון אַ מאַן וואָס איז זיכער אין זיינע באַמיאונגען.

סוזי האָט זיך נאָך נענטער צוגעטוליעט צו אים, עס זאָל אים זיין באַקוועמער צו פירן דעם אויטאָ. צוליב דעם איז איר האַנט אויסגעקומען צו רוען אין זיין שויס. דער ווינט האָט געראַשט אין די אָפענע פענצטער, און אירע האָר האָבן געפלאַקערט. כאָטש לעאָן איז געווען פאַרכאַפּט מיט דער מעכאַנישער סימפּאָניע פון אויטאָ, פילט זי, אַז ער רעאַגירט אויף איר אָנוועזנהייט. דער ווייזער אינעם קילאָמעטער-ציילער האָט געהאַלטן אין איין שטייגן. די זון האָט שוין היפּשלעך געוואַרעמט, ווען אויפן האָריזאָנט האָט זיך באַוויזן דער בלויער זוים פון ים און דער ענדלאָזער זאַמדיקער ים-ברעג.

דער אויטאָ האָט געשיקט געפּונען דעם וועג אַראָפּ פון הויפּט-שליאַך און געבליבן שטיין אויפן ווייסן זאַמד.

- וואָלסט זיך געוואָלט דורכשווימען? - האָט לעאָן צום ערשטן מאָל געפּונען פאַר נייטיק, נישט נאָר צו פרעגן, נאָר בכלל עפּעס צו זאָגן.

- געוויס. אָבער...

- אַ, טראַכט נישט וועגן דעם. ס'איז קיינער נישטאָ, איז ווער קען אונז שטערן. ווייסטו דען ווי וואונדערלעך סטימולירנדיק ס'איז דער קאָנטאַקט פון וואַסער מיטן נאַקעטן קערפּער? און כדי צוצוגעבן איר קוראַזש, האָט ער אַראָפּגעוואָרפן די קורצע הייזלעך און זיך אַריינגעוואָרפן אין קילן, שוימיקן וואַסער... זי איז נאָכגעקומען, זיך אונטערגעטונקען און אַרויסגעשווומען נעבן אים .

- נישט שלעכט, ווי מיינסטו?

זי האָט גאָרנישט געמיינט. אַלץ איז פאַרלאָפן שנעלער, ווי זי האָט זיך געקאָנט אפילו פאָרשטעלן. דאָס קילע וואַסער, דער אומבאַקאַנטער בחור וואָס איז איר נאָענט. די אומגעבונג פון זייער זיין דאָ, אויף אַן איינזאַמען ים-ברעג, האָט

אַנטשפּאַנט די נערוון און מיט אַ מאָל זענען אַלע פּענטעס און פּראָבלעמען אין װעלכע זי האָט זיך פֿאַרפּלאָנטערט אָפּגעפֿאַלן. דאָס איינציקע װאָס האָט איר איבערראַשט, איז אַן אינערלעכע צאַפּלעניש װען זי האָט זיך דערפֿילט װי אַ פֿרוי. און מאָדנע, זי האָט עפּעס מער אָדער אַנדערש גאָר נישט געװאָלט זיין. ערשט איצט האָט זי זיך דערפֿילט װי ניי-געבוירן, פֿריי פֿון אַלע צוימען.

אָפּגעפֿרישט, נאַסע, האַנט אין האַנט, זענען זיי פֿון װאַסער אַרויסגעשפּרונגען און מיט קינדערשער פֿרייד זיך אָנגעקוקט. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. דער אָנריר פֿון די ליפּן האָט אַ ברי געטאָן און זיי האָבן זיך זאָרגלאָז איבערגעגעבן אין רשות פֿון דער נאַטור...

אויפֿן װעג צוריק האָבן זיי נאָך אַלץ געשװיגן. סוזען האָט זיך איינגעטוליעט אין לעאָנס ברוסט, װאָס איז אַצינד געװען אי זאַמדיק, אי געזאַלצן, און פֿול מיט מענערישן אומרו. צומאַכנדיק די אויגן האָט זי דערזען, װי פֿון אַ שרייב-מאַשין קלאַװישן נעמען אַרויסשפּרינגען בוכשטאַבן פֿון אַ בריװ צו דער מאַמען:

״ער איז אַ נאָענטער פֿריינד פֿון די איסאַקאָװס. ער טרייבט אפֿילו זייער אויטאָ. נאָר װאָס גראַדואירט און ער װעט זיין אַן אַדװאָקאַט. יאָ - אַ יידישער בחור, װעלכער װוינט אין טוראָק... - ענדלעך װעט זי געבן דער מאַמען אַ גרונט אויף האָפֿענונגען. - ער איז מאַן דורך און דורך״ - זענען די בוכשטאַבן אַרויסגעשפּרונגען. ניין - אויסמעקן. דאָס דאַרף די מאַמע נישט װיסן. דאָס איז איר פּערזענלעכע דערפֿאַרונג. ״װעסט אים באַקענען, אַזוי שנעל װי מיר װעלן זיך צוריקקערן. ער איז אַן ערנסטער בחור מיט נייגונגען צו פּערמאַנענטקייט״.

צופֿרידן מיט זיך, האָט זי אַ שמייכל געטאָן:

- מיט עפּעס האָב איך אויך דערצו צוגעהאָלפֿן...

# דער לעצטער פּאַרמעסט...

דער ערגסטער טאָג פון דער וואָך איז פאַר ווילי סליווקין - מאָנטיק. מיט דעם דאַרף מען נישט פאַרשטיין, אַז ווילי האָט עפּעס אַ פערזענלעכן אומחן געוואָרפן אויפן טאָג - וואָס הייסט מאָנטיק. ער ליידט אפילו נישט פון דער קראַנקהייט, וואָס די מעדיצינער רופן אָן: "מאַנדאַיטיס". הינטער דעם שטייט אפילו נישט קיין פאַרבאָרגן געפיל וועלכן מ'קאָן אָנרופן אַבערגלויבן. מאָנטיק האָט זיך אויסערלעך מיט גאָרנישט אונטערשייד פון אַנדערע טעג פון דער אַרבעטס-וואָך וואָס איז געלעגן אין דער גרענעץ צווישן מאָנטיק און פרייטיק.

- נעמענדיק דאָס אַלץ אין באַטראַכט קאָן מען קומען צום אויספיר, אַז עס איז נישט קיין באַגרינדעטע סיבה, פאַרוואָס מאָנטיק מוז זיך מיט עפּעס אויסטיילן פון די אַנדערע וואָכעדיקע טעג.

און דאָך - ביי זיך גופא האָט ווילי געפילט, אַז ווען מען קאָן דעם מאָנטיק איבערהיפּערן וואָלט זיך אפשר נישט אָנגעקליבן אין אים אַזוי פיל אומצופרידנקייט - מיט זיך אַליין. און טאַקע דערפאַר ווייל ער האָט נישט געקאָנט זאָגן אויף זיכער, אַז אין דער ביטערקייט אין אים איז שולדיק, דווקא מאָנטיק, האָט ער תמיד צו זיך אַליין געטענהט.

- אָ, ווען נישט מאָנטק...

יעדן טאָג אַרום אַכט דרייסיק איז ווילי דערשינען אין ביוראָ, געכאַפּ אַ בליק אין דער צייטונג; זיך אַרומגעקוקט צי די מיטאַרבעטער זיינע האָבן נישט פאַרפעלט צו קומען. כאָטש ער האָט שוין געוווּסט די ספּאָרט געשעענישן פון די לעצטע טעג, און געהאַט זיין מיינונג וועגן זיי, האָט ער אָבער געפילט פאַר נייטיק צו קאָנפראָנטירן די מיינונג מיט די ספּאָרט קאָמענטאַטאָרן, כדי נאָך דעם קאָנען באַווייזן, אַז זיי האָבן נישט קיין אַנונג וואָס עס קומט פאָר אויפן פוטבאָל פעלד; אַז זייערע איינדרוקן נעמען זיי פון זיצן און צוקוקן זיך צו דעם "רעפּליי" אויף דער טעלעוויזיע; אַז זיי האָבן שוין לאַנג נישט געשפּירט די עלעקטריפיצירטע אַטמאָספער, וואָס הערשט בשעת דעם פּאַרמעסט צווישן די צוויי מאַנשאַפטן.

אייגנטלעך האָט ער דאָס אייגענע געטראַכט וועגן די יוניאָן-טוער.

- ווי לאַנג איז עס שוין, אַז זיי זענען נישט געשטאַנען ביים וואַרשטאַט? אָדער אפילו געזעסן ביי אַ ביוראָ-טיש און פּרובירט צו לייזן אַ טעכנישן פּראָבלעם? אויסצוּוואַשן דעם מעטאַל-שטויב פון די קאַרבן אין די הענט... געוואָרן אַליין ביוראָקראַטן...

אָבער, אַז עמעצער האָט בכלל געגומען אַרונטעררייסן די יוניאָן, דאָס האָט שוין ווילי נישט געקאָנט פאַרטראָגן.

- אייגענע מענטשן מיט וועלכע ער אַרבעט שוין באַלד צוואַנציק יאָר אין דער פירמע "אַרק-וועלד" זאָלן אַויסרעדן אַזוינס אויף דער יוניאָן? און ער דערמאָנט זיך טאַקע אין דער צייט ווען ער אַליין איז געווען אַן אַרבעטער, נישט ווי היינט - אַ "פען-פושער". ווען אפילו לויט זיין שכל איז אויסגעקומען, אַז ס'איז אַ קרומע זאַך אַוועקצוואַרפן די אַרבעט, אַט פונקט דעמאָלט ווען דער פאָרמען בעט זיך מען זאָל אַרבעטן "אָווערטיים". פונדעסטוועגן האָט ער, ווילי, אויסגעטאָן דעם לעדערנעם פאַרטוך, צוגעדרייט די אַצעלאַטין-פלעשער און זיך געשטעלט אין דער ריי, אָפּצושטעמפּלען די קאַרטע.

ס'איז וועגן דער גערעכטיקייט...

אוודאי, קומט זיי, די צוציקעס היינט אַלץ לייכט אָן - ווי עפּעס - לויפט מען אין געריכט אַריין, "אַרביטריישן". און מיר האָבן די באַדינגונגען געמוזט אויסקעמפן דירעקט אין פאַבריק, אין שטרייקן; אין פּיקעטן פאַרן טויער; מיט מיטינגען...

טאַקע דערפאַר האָט ער געמיינט - זענען די היינטיקע יוניאָן-לייט צופיל געבילדעט; צו ווייך, און האָבן נישט געגוג שטאָל אין די נערוון...

אַרום ניין אַ זייגער האָט מען אים געבראַכט די פּאָסט, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט זיין דעפּאַרטמענט.

ער האָט געמאַכט זיינע פאַרצייכענונגען, ווערליק אַ פּאַכמאַן אויף וועמענס אָנווייזונגען מ'קאָן זיך פאַרלאָזן; אָנגעוויזן אויף פּראָבלעמען אין קאָנטראַקט, וואָס שייך צייט, מאַטעריאַל און קאָסטן פּראָבלעמען, וואָס קאָנען אַנטשטיין אין גאַנג פון דער אַרבעט.

אַרום האַלב עלף איז ער געזעסן ביים דירעקטאָר אין קאַבינעט אויף דער קורצער טאָג-באַראַטונג וועגן לויפנדע ענינים פון דער פירמע. פאַרן דירעקטאָר האָט ווילי געהאַט דרך-ארץ. ס'האָט נישט געהאַט צו טאָן מיטן פּאָטעל אויף וועלכן עס זיצט אַ דירעקטאָר. פּשוט, ווילי האָט רעספּעקט פאַר די קענטעגישן פון דירעקטאָר, וואָס איז געווען אַן אינזשינער און האָט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן, אַז נישט אַלע מאַטעמאַטישע באַרעכענונגען פון די פעסטגעשטעלטע פאָרמולן פּאַסן זיך אַריין אין דער דירעקטער אויספירונג פון פּראָיעקט. דעריבער האָט ער זיך טאַקע צוגעהערט צו ווילי'ס פּאַכמענישע באַמערקונגען, דערוואָרבן אין לאַנג-יאָריקער פּראַקטיק. אויף דער באַראַטונג האָט יעדער געקראָגן זיינע דירעקטיוון, און מען האָט געטרונקען טיי.

צווישן די מיטאַרבעטער פון זיין אָפּטיילונג האָט ווילי זיך אויסגעטיילט נישט נאָר מיטן סטאַזש, נאָר אויך מיט זיין גלאַט-ראַזירטן פּנים, און די שיטערלעך גרוי-צוגעקעמטע האָר, וועלכע, קאָן מען זאָגן, אַביסל פרעמדלעך און דרויסנדיק זיך אָנגעקערט צו דער מחנה פון לאַנג-האָריקייט און ברייט-בערדלדיקייט, וואָס האָט אים ארומגערינגלט.

נו, אַ מענטש איז אַזוי אַלט ווי ער איז, און געהערט צו זיין צייט - האָט ער זיך יעדעס מאָל געמונטערט, ווען ס'איז אים איינגעפאַלן, אַז די לאַנג-האָריקייט איז דער נישט-אָפּגערעדטער סימן, אַ מחיצה אַזאַ, מיט וועלכער אַ דור וויל זיך אָפּטיילן פון די, וועלכע האָבן אים צום לעבן אַרויסגערופן. ווערליק זיי איז

אויסגעקומען, אַז פֿאַר אָט דער טובה האָבן זיי שוין לאַנג אָפּגעצאָלט און אַצינד ווילן זיי נאָכפּאָלגן אַן אייגענע עטיק און לאָזן זייערע אייגענע שפּורן אין דער צייט...

- צי וואָלט ווילי זיך געוואָלט אַריינשמוגלען אויף צוריק אין דער פֿאַרגאַנגענהייט זיינער? - דערויף איז שווער צו ענטפֿערן. און פֿרעגן ווילין אַליין איז אוודאי אַרויסגעוואָרפֿענע מי. פֿון וואַנען זאָל ער וויסן?

אים וועט אָבער נישט איבעריק זיין צו באַמערקן, אַז אַזוי, פֿאַרבייגייענדיק, האָט ער געכאַפּט אַ קוק אין די זשורנאַלן וואָס זיי האָבן געליינט. ער האָט זיך אָפּט אַריינגעכאַפּט אין וואַש-צימער, נישט מחמת ער האָט געהאַט אַ באַדערפֿעניש דערצו, נאָר מיט דער האָפֿענונג, אַז עמעצער פֿון דער חברה וועט איבערלאָזן אַ זשורנאַל, און ער וועט עס קאָנען אָנקוקן הינטער אַ פֿאַרמאַכטער טיר, אין זיין פּריוואַטקייט, און אַמאָל - און אפשר מער ווי איין מאָל - איז אים געלונגען די נייגעריקייט צו באַפֿרידיקן.

ער האָט פֿאַרריגלט די טיר, זיך באַקוועם געמאַכט און גענומען מיט נערוועזע פֿינגער מישן די בלעטלעך. די קאָלירטע בילדער האָבן אין זייער נאַקעטקייט געאָטעמט מיט לעבן, מיט צוזאָג - כאָטש נעם צעפּיר די הענט איבער זיי... נאָר ווייל ער האָט זיי נישט געקאָנט דערגרייכן (סיידן אין חלום) איז ער עפּעס נישט געוואָרן זיכער ביי זיך:

- זענען טאַקע דאָ ביי פֿרויען אַזעלכע גלידער? אַזאַ רייץ? אפשר האָבן די פֿאָטאָגראַפֿיסטן באַשאַפֿן דעם רייץ דורך ליכט "טריקס"?

און נאָך האָט ער געוואָלט פֿאַרשטיין: (און דאָ קאָן מען אויפֿשרייבן מיט אַ ריינעם געוויסן) אוודאי האָט ער געוואָלט וויסן: אויב אים רודערן אַזוי אויף די בילדער, טאָ ווי האָט דער פֿאָטאָגראַפֿיסט געקאָנט בלייבן רואיק, פּראָפֿעסיאָנעל ווען ער שטייט נישט מער ווי עטלעכע טריט פֿון לעבעדיקן אָביעקט, ווען ער פֿילט די וואַרעמקייט און דעם גלי וואָס שטראַלט אַרויס, קאָלבלוטיק אַראָפּנעמען דאָס בילד, און ס'זאָלן אים דערביי די הענט נישט ציטערן?

דאָס האָט ער געוואָלט דערגיין מיטן אייגענעם שכל, ווייל ווילי האָט נישט געהערט צו די, וואָס וועלן דאָ אַרומגיין און פֿרעגן פֿראַגן. וואָס קאָנען מיר, זייטיקע, אָפּמשלען וואָס ביי ווילין אין דעם מוח האָט זיך אָפּגעטאָן אין יענע מינוטן הינטער דער פֿאַרריגלטער טיר? אַלץ וואָס עס לייגט זיך אויפֿן שכל איז - אַז כאָטש ווילי האָט שוין געוווּסט, וועמען ער קאָן אָנטרעפֿן אויף די דיקע, גלאַנציקע זייטן פֿון זשורנאַל (און אפשר טאַקע דערפֿאַר...) האָט ער מיט ייִנגלערישן נייגיר זיי געבלעטערט; אַריינגעכאַפּט אַ פּאָר שורות פֿון טעקסט וועגן די דערפֿאַרונגען מיט וועלכע די בריוו שרייבער טיילן זיך און מיט וועלכע די בילדער זענען באַגלייט, און ער האָט געפֿילט ווי אַ שטורעם ווינט וואָלט זיך צעוויגט אין אים.

אינגאַנצן אומבאַמערקט איז פֿונדעסטוועגן ווילים אינטערעס אין די זשורנאַלן נישט פֿאַרביי, כאָטש ער האָט זיך באַמיט אויסצווזען, ווי עס וואָלט אים קיינמאָל נישט איינגעפֿאַלן צו נעמען אַזאַ זאַך אין דער האַנט אַריין...

אין ביוראָ האָט מען ווילין געהאַלטן פֿאַר אַן אייגענעם; זיך צוגעהערט צו זיין וואָרט און די דאָזיקע נייגעריקייט פֿאַרשריבן אויפֿן חשבון פֿון ווילים בחורישע פֿאַרלוסטן, וועלכע ער באַמיט זיך צו קאָמפּענסירן. מאָנטיק, נאָך איידער מען האָט

זיך גענומען עפּעס ריכטיק צו טאָן, האָט מען דורכגעלופֿטערט די נביאות פֿון פֿרייטיק: - ווער ס'וועט געווינען דעם "מעטש"; ווער ס'וועט שיסן די גאָלן; וועלכעס פֿערד וועט געווינען, און די וואָס האָבן זיך געוועט און פֿאַרשפּילט, האָבן גאָר קיין חשק נישט געהאַט צו באַצאָלן. זיי האָבן געזוכט אַ וועג זיך אָפּצושפּילן אַ געוועט אויף דער צווייטער וואָך - טאָפּלט אָדער גאָרנישט... ווייל וויסן דאַרף מען, אַז צוליב עטלעכע דאָלאַר וועט אַ מענטש נישט גיין אויסבייטן דאָס רענדל, און שטיצן אַ צווייטן קלוב. ער איז גרייט צו גיין פֿאַר זיין "טים" דורך פֿייער און וואַסער: געווינען מיט אים און פֿאַרשפּילן מיט אים.

מאָנטיק, מיטאָג-צייט זענען זיי אַלע - מיט ווילין בראש געגאַנגען אין "פּאַב" אַריין. געהייסן האָט עס: צו באַגיסן דעם זיג פֿון דער געוווּנענער מאַנשאַפֿט. דאָ איז ווילי נישט אָפּגעשטאַנען און געוויזן, וואָס אַן עכטער "באָילער-מייקער" קאָן. נאָר ווען מען האָט אָנגעהויבן זיך טיילן מיט די דערפֿאַרונגען פֿון דעם סוף-וואָכיקן פֿאַרברענגען, און יונגע בחורים האָבן נישט געדאַרפֿט ערשט צוקלערן די פֿאַקטן, אָט דעמאָלט האָט ווילי נישט געהאַט וואָס צוצוטראָגן. און הלמאי זאָל מען דאָס לייקענען: ווילי איז פֿון די געשיכטעס געוואָרן מער אויפֿגערודערט, אינגאַנצן צעטראָגן, מער ווי פֿון די בילדער אין די זשורנאַלן פֿון "פּלייבאָי", אָדער "פּענטהאַוז", וועלכע זענען אים אָפּט געקומען צו חלום.

- דאָס ברודערקע - איז לעבן: ממש לעבן, נישט סתם אַ מעשה וואָס עמעצער האָט צוגעטראַכט... און ער? שוין אָפּגערעדט פֿון היינט: אפֿילו ווען ער איז יונג געווען, האָט עפּעס אַזוינס מיט אים נישט פּאַסירט. ניין, ווילי האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו דערציילן.

נו, די חברה האָבן אויך נישט דערוואַרט, אַז ער - ווילי אַן "אָלד טיימער" זאָל וויסן מיט וואָס מען עסט עס. דערפֿון האָבן זיי אויך קיין סוד נישט געמאַכט. די גלעזער ביר האָבן לויז געמאַכט די צונגען, און מיט מיטלייד האָבן זיי אים גוט-ברודעריש געקלאַפּט אין פּלייצע:

זאָרג נישט "מייט" - האָסט טאַקע אַ היפּש ביסל פֿאַרשלאָפֿן, אָבער גלייב אונדז, עס איז קיינמאָל נישט צו שפּעט, וואָסי, גלייבסט נישט אין דיינע אייגענע כוחות?

טײלמאָל האָט ווילי געפֿילט, אַז עס באַפֿאַלט אים אַ ווילדקייט; אַז אָט לויפֿט ער אַרויס אין דרויסן און טוט זיך אַ לאָז נאָך די יונגע יאָרן אָפּצוטאָן עפּעס אַזוינס - פֿון וואָס זיינע מיטאַרבעטער וואָלטן געוואָרן איבערראַשט, און ער וואָלט זיך נאָך דעם אַ גאַנץ לעבן געדאַרפֿט שעמען. די געדאַנקען זיינע זענען געווען ווי כוואַליעס פֿון ים, וואָס רייסן זיך צום ברעג - און ווען זיי שלאָגן זיך אָן אים - לויפֿן זיי צוריק אין ים אַריין, איבערלאָזנדיק אַ ווייסן שוים. דער געדאַנק איז זיך צעשוווּמען אין געדיכטן נעפּל פֿון טאַבאַק רויך, וואָס איז געהאָנגען איבערן "פּאַב". אין זיין מוח האָט זיך באַוויזן דאָס באַלאַנסירנדיק ראָד, וואָס האָט געהאַלטן חשבון פֿון זיינע טואונגען. צוליב דעם טאַקע האָט ער געפֿילט, אַז ווען ער וואָלט זיך איינגעשטעלט אַרויסצורייסן פֿון דער סטעללאַ-רוטין, וואָלט ער נישט געוווּסט ווו אויס און ווו איין; מיט וועמען און ווי אַזוי?

- טיפּיש איינער - האָט ער זיך געמוסרט - סטעללאַ איז דאָך די איינציקע פֿרוי, וואָס דו האָסט ווען נישט איז געקאָנט... ווילי האָט אויסגעטרונקען נאָך אַ גלאָז ביר אויסער דער איינגעשטעלטער נאָרמע, ווערדליק זיין אויפֿנאַמס-פֿעאיקייט. דאָס

אַליין איז שוין געווען אַ שטיקל זינד - עס איז געווען איין גלאָז צו פיל.
נאָך דעם טרונק איז די כוואַליע ווידער צוריקגעקומען צום ברעג, און מיט איר דער "פּאַב" אויף בערק-סטריט. עס איז געווען אין מיטן פון דער מלחמה. ביי די מאַשינען האָבן געאַרבעט פרויען. בלויז עטלעכע מענער זענען זיי געווען - פּאַכלייט אָנצושטעלן די קאַליבערס אין דער אַמוניציע פאַבריק; רעגולירן די אויטאָמאַטן; שלייפן די מעסערס. סטעללאַן האָט ער ערשט באַמערקט אין "פּאַב" טאַקע אויף בערק-סטריט, איידער מען איז אַוועק אויף נאַכט-שיכט.
שוין דאַן האָבן חברה געוווסט אָפּצושאַצן זייער ווערט, וויל מענער זענען ווייניק געבליבן אין דער היים. עס האָט אים אַ צי געטאָן צו איר. האָט ער דען געמוזט חתונה האָבן? אַנדערע וואָלטן אַזאַ פּאַסירונג צוגעשריבן צו די מלחמה-דערפאַרונגען...
אָט דאָ, אין "פּאַב" טאַקע האָט זיך ווילי געכאַפּט - פאַרוואָס ער פאַרטראָגט נישט דעם מאָנטיק, ווען ער ווערט אַ דרויסנדיקער; ווען ער פאַלט אַרויס פון קרייז פון זיינע מיטאַרבעטער, און די ווערט פון זיינע אַקציעס זינקען דאָ מוראדיק, ווי עס וואָלט אַ קראַך געווען אויף דער בערזע.
נאָר נישט פאַרטראַכטעהייט האָט עס פּאַסירט: סטעללאַ האָט געמוזט צופאָרן אויף עטלעכע טעג צו איר שוועסטער. די שוועסטער איז שוין נישט געווען קיין יונגע, און דאָ איז זי גראָד צוריקגעקומען פון שפּיטאָל. זי האָט זיך אויף ווילין געקאָנט פאַרלאָזן - ער וועט נישט פאַרלירן גיין, בלויז עטלעכע טעג.
ווילי האָט זיך קוים געקאָנט דערוואַרטן, דער אַרבעטס-טאָג זאָל פאַרביי. ער האָט זיך לאַנג געוואַשן, געפּוצט, אָנגעטאָן דעם בעסטן אַנצוג אָט דעם טונקל בלויען מיטן שטרייפל, וואָס אין אים האָט ער תמיד אויסגעזען מער מאַנספּערשוין. אָן אַ פּלאַן איז ער אַרויס אין דרויסן, מיטן מיין - גיין עפּעס אָפּצועסן. איין טעקסי נאָך דער צווייטער זענען פאַרבייגעפאָרן. ער האָט זיך נישט געקאָנט אַנטשליסן. ענדלעך האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט. דער טעקסי-דרייווער האָט אים אויסגעזען דער ריכטיקער פאַרשוין פאַר אַזאַ מין עקספּעדיציע. אינסטינקטיוו האָט ער דערפילט, אַז אָט דער חברה-מאַן האָט אַן אַנונג, און קאָן די שטאָט - און מיט אים וועט ער נישט פאַרלירן גיין.
און ער האָט געטראָפן: צוערשט זענען זיי אָפּגעטראָטן אין אַ זייטיקן "פּאַב", אויסגעטרונקען עטלעכע גלעזלעך - אַזוי צו זאָגן - פאַר קוראַזש וועגן. דער טעקסי-דרייווער האָט אָן צופיל פאַרטייטשונגען באַלד אָפּגעשאַצט ווילים באַדערפענישן, און ווי נאָר די שטאָט האָט זיך טיפער איינגעהילט אין אָוונטדיקער טונקלקייט, האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט איבער האַלב-פינצטערע געסלעך. ווילי האָט געזען: דער חברה-מאַן איז געניט אין די זאַכן, ווען זיי זענען דורך אַ זייטיקן הויף אַריין אין אַ קוים באַלויכטענעם קאָרידאָר, און דורך אים אין אַ קליינעם סאַלון, וואָס האָט אויסגעזען ספּק ווייִן-קעלער; ספק "טו-אַפּ" שפּיל-הויז, איז ביי ווילין די נשמה אַריינגעפאַלן אין די פּיאַטעס: פון שרעק און פון דערוואַרטונג. ער האָט זיך אַביסל פאַרלוירן און נישט געוווסט צי דער חברה-מאַן האָט אים ריכטיק פאַרשטאַנען נאָר יענער האָט צו אים ווױלעריש אַ קנייטש געטאָן דאָס אויג, און דאָס איז געווען דער בעסטער סימן, אַז: מען פאַרשטייט זיך.
דעם שאַמפּיין וואָס מען האָט דאָ דערלאַנגט, איז נישט געווען דער בעסטער און

אויך נישט דער ביליקסטער. נאָר ווילי האָט געצאָלט. ערשט ווען ער האָט זיך אַביסל צוגעוווינט צום אַרום, זענען ווי פון אַ נעפּל אַרויסגעשוווּמען אַנדערע טרינקער, וואָס זענען געזעסן ביי די טישלעך. מערסטנס - איינזאַמע פרויען. אויף אַ בלאָנדער אַזאַ - האָט אים דער טעקסי-דרייווער אָגעוויזן. אָננעמענדיק זיך מיט מוט האָט זיך ווילי פאָרגעשטעלט און אויך פאָרגעלייגט צו באַשטעלן אַ טרונק.

- מיט פאַרגעניגן

אָט דאָס הייסט אַ דזשענטלמען...

געטרונקען האָבן זיי שוין זאַלבעדריט, און אַז די נאָענטקייט איז געוואָרן גאָר היימיש, האָט אָט די בלאָנדע - וואָס ווילי האָט ביי זיך בשום אופן נישט געקאָנט אָפּמאַכן, ווי אַלט זי קאָן עס אַ שטייגער זיין, און וואָס פון אין אירדעם אַלעם וועט אַרויסקומען - פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל אַריבערפאָרן ווּינונג - טאַקע דאָ נישט ווייט - און דאָרטן וועט מען זיך פאַרוויילן.

מיט אַ שווער האַרץ האָט ווילי אויפגעמאַכט דעם טייסטער, באַצאָלט פאַר עטלעכע פלאַשן שאַמפּיין: - די ממזרים - זיי רייסן דאָ די הויט - נאָר מסתמא דאַרף מען אַזוי...

- נו, טייערער - האָט אים די בלאָנדע אַ זאָג געטאָן - צעצאָל זיך מיטן טעקסי-דרייווער, ווייל פון איצט אָן, ביזטו מיין גאַסט... ווי אַ געהאָרכזאַם יינגל האָט ווילי אויסגעפאָלגט.

די דרויסנדיקע קילקייט האָט אַרומגענומען. דער ביר און דער וויין האָבן געשפּילט אין ווילין, ווי אַן אָרקעסטער - אָן אַ דיריגענט. ער איז נישט איבעריק קלוג געווען אין דער מינוט, און ס'האָט אים אפילו נישט געאַרט. ער האָט זיך איינגענורעט אין דער פרוי. דערוואַרטונגען האָבן אים געמאַכט אומגעדולדיק. מיט אַ בליק דורכן פענסטער האָט ער זיך אָריענטירט ווּ זיי געפינען זיך. די באַלויכטענע פּיצראָי-סטריט אין סט. קילדאַ האָט גערוישט מיט לעבן. דער גערוך פון "פּיזאַס" און "האַמבורגערס" האָבן אַ קיצל געטאָן די נאָז-לעכער. נאָר ווילי איז געווען פאַרטאָן אין זיין אָפּגעשלאָסענער וועלט - פול מיט שפּאַנונג, פאַר דעם, וואָס עס וועט היינט ענדלעך פאַסירן - מיט אים אַליין, און נישט מיט אַנדערע...

מיט אַ צעפּיעשטשעטער שטימע האָט די פרוי איינגערוימט ווילין אין אויער: - אָ, כ'בין הונגעריק... ס'וואָלטן גוט געווען עטלעכע "האַמבורגערס", זיי וועלן זיין גוט מיט שאַמפּיין...

די טעקסי איז שטיין געבליבן. ווילי איז מיט יינגלערישער געשיקטקייט אַרויסגעשפּרונגען. אינעווייניק, אַרום בופעט, ווּ מען האָט צוגעגרייט די "האַמבורגערס" זענען מענטשן געשטאַנען אין אַ ריי און געדולדיק געוואַרט. ווילי האָט נישט געהאַט קיין עצה. ער האָט באַשטעלט אַ האַלבן טוץ, עס זאָל קלעקן אויף אַ גאַנצער נאַכט. דאָס פלייש האָט זיך געבראָטן. די ציבל זענען ברוין געוואָרן און ווילין איז אַזש געקומען דאָס שפּייעכץ אין מויל אַריין. ערשט איצט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז זינט מיטאָג צייט האָט ער גאָרנישט געגעסן, און דאָ איז שוין באַלד אַרום צען איו אָוונט.

מיט געניטקייט האָט דער קוכער איבערגעדרייט דאָס פלייש צעפּערטלט טאָמאַטן, צוגעזאַלצן, געפּרעגלט אייער אין רונדע בעקעלעך. צום סוף איז ווילי מיט צוויי פולע בייטעלעך הייסע, שמעקעדיקע "האַמבורגערס" געבליבן שטיין אין

דרויסן. דאָס גאַסן-ליכט האָט העל געלויכטן. נעאָן-ליכט האָבן רויט און בלוי געבלענדט אין די אויגן.

ווילי האָט זיך אַרומגעקוקט, געזוכט מיטן בליק די טעקסי, און זי נישט געקאָנט באַמערקן.

- אפשר האָט זי נישט געקאָנט וואַרטן אַזוי לאַנג און פאָרט אַרום הין און צוריק?

טעקסיס זענען פאַרבייגעפאָרן, אָבער זיי האָבן זיך אויף אים נישט אומגעקוקט, מיט פאַרנומענע הענט האָט ער אפילו קיין צייכן נישט געקאָנט געבן, זיי זאָלן זיך אָפּשטעלן. ער האָט גענומען גיין אַהין און צוריק ביים ראַנד פון טראָטואַר.

מענטשן האָבן זיך שוין גענומען וווּנדערן אויף אַ גוט געקליידעטן מאַן, וואָס שטייט אַזוי ביים ראַנד פון טראָטואַר, מיט צוויי פולע בייטלען "האַמבורגערס" און שטאַרט אין דער נאַכט אַריין...

# דאָס דערשיינען פון סעמיאָן פּאָרטנוי...

אין דער ענגשפּט וואָס האָט געהערשט אויף דער באַן, האָט דאָס עופּהלע זיך איינגעקלעמט אין דער מאַמען, ווי עס וואָלט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דאָס איינציקע, דאָס זיכערסטע אָרט אין דער צעטומלטער וועלט, צווישן צעטומלטע מענטשן, וועלכע באַמיען זיך צו אַנטלויפן פון בראַנד, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד.

דער לויפנדיקער צוג האָט אויסגעזען ווי אַ שווימענדיקע קריע אויפן פרילינגדיקן טייך, וואָס האָט זיך געטראָגן מיט אימפּעט. מען האָט געהאָפט - די אייז-קריע וועט אויסהאַלטן דעם דרוק פון וואַסער-ווירבל און דעם שטראָם. קיין אַנדער ברירה איז נישט געווען. אין איבערפולטן צוג איז מען געשטאַנען, געזעסן, זיך צענויפגעדריקט און כאָטש עס איז געבליבן בלויז די לופט צום אָטעמען, דאָך האָבן מענטשן - געטריבן פון ווילן זיך צו ראַטעווען, מיט גוואַלדיקער עלאַסטישקייט - באַוויזן אַריינצושטופּן זיך אין דעם אַזוי אָנגעפּאַקטן צוג, ביי יעדן אָפּשטעל.

די יולי היץ האָט נישט צוגעפּעלט צום כאַאָס. די לופט איז געווען אָנגעפילט מיטן שווייס פון נישט-געוואַשענע לייבער, מיט קוילן-שטויב פון לאָקאָמאָטיוו און מענטשן האָבן זיך געווונטשן עס זאָל רעגענען. מען זאָל קאָנען קריגן אַ טראָפּן וואַסער צו באַנעצן די פאַרטריקנטע ליפּן. כאָטש דער צוג האָט געיאָגט מיט די לעצטע כוחות, מיטן לעצטן ביסל דאַמף פון די איבערגעהיצטע קעסלען, האָט די צענויפגעפּרעסטע מאַסע אין די ענגע קופּעען און קאָרידאָרן געהאַט דאָס געפיל, אַז די באַן שלעפּט זיך... אַז מ'קאָן עפּעס פאַרשפּעטיקן...

טיף אין זיך האָט יעדער פון די אַנטלויפנדיקע מיטגעפירט דעם פחד פאַרן ליכטיקן בלויען הימל, וואָס האָט אין די סוף יולי טעג אויסגעזען ווי אַ קללה. צום הימל האָבן רויטע, נישט אויסגעשלאָפענע אויגן געקוקט מיט שרעק וואָס האָבן זיך אין זייער אונטערבאַוווסטזיין אידענטיפיצירט מיטן טויט. וואָרום דער טויט איז געוויינלעך אין די יולי-טעג אַראָפּגעפאַלן אויף די לויפנדיקע צוגן מיטן אימפּעט פון אַ שפּאַרבער, וועלכער דערזעט אין פעלד אַ העזעלע. די פּלוצלימדיקייט פון אימפּעדיקן פאַל האָט פּאַראַליזירט דאָס העזעלע, וואָס איז פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק, אָן אַ ווילן צו אַנטלויפן.

די באָמבאַרדיר-אַעראָפּלאַנען האָבן נאָכגעיאָגט די לויפנדיקע באַנען, וועלכע האָבן געזוכט שוץ אין דער נאַכט. אַז דער צוג איז אַריינגעפאָרן צווישן געדיכטע וועלדער און די שאָטנס זענען לענגער געוואָרן - האָט אַ האָפענונג אַרומגעכאַפּט

די אַנטלויפנדיקע: אפשר וועט דאָך געלינגען אויסצומײַדן דעם טויט...
דער קליינער יאַט, וואָס איז קוים עטלעכע וואָכן אַלט געווען, האָט מיט אַ מאָל גענומען פאָדערן זיין רעכט מיט געוואַלדן, וואָס האָבן אַלעמען איבערראַשט מיט זייער דורכדרינגלעכקייט און אַרויסגענומען פון דער פאַרהיפּנאָטיזירטער רעזיגנאַציע. עצות, ווי טעלעגראַפישע סיגנאַלן, האָבן גענומען אָנלויפן פון אַלע זייטן. - גיב אים וואָס אים קומט! פאַרמאַך אים ס׳מויל! - שעם זיך נישט יונגע מאַמע, מיר זענען אַלע אייגענע...
זיסל איז רויט געוואָרן, ווייל די מענטשן האָבן פאַרשטאַנען אירע געפילן. זי איז נאָך קיין צוואַנציק יאָר נישט אַלט געווען, ווען דער קליינער יאַט האָט באַשלאָסן אויסצושטייגן פונקט דאַן, ווען זי האָט אים נישט דערוואַרט.
- צוליב די נערוועזע איפּטרייסלונגען - האָט געזאָגט דער דאָקטאָר, איז ער אָנגעקומען.
אַנטבלויזן אַ נאַקעטע, צאַרטע, כמעט מיידלשע ברוסט פאַר די בליקן פון ווילד-פרעמדע מענער און פרויען, מיט וועלכע זי איז געזעסן צונויפגעפּרעסט, האָט איר אויסגעזען נישט ווי אַ נאַטירלעכע מאַמישע באַדערפעניש פון אָנזייגן אַ קינד - נאָר ווי זי וואָלט זיך אויסגעטאָן ממש נאַקעט פאַר די תאוודיקע בליקן פון די פרעמדע. אָבער דער קליינער יאַט האָט נישט סימפּאַטיזירט מיט די צניעותדיקע געדאַנקען פון זיין מאַמען. ער האָט פאַרלאַנגט ס׳זייניקע מיט אַזאַ רוגזה, אַז זיסל האָט פאַרביסן די ציין און נישט קוקנדיק אויף קיינעם, האָט זי אויפגעקנעפּלט דאָס זומערדיקע קליידל און אַריינגעפּאַקט דעם רויט-צעפּאַרעטן אָנגעדראָלענעם נאָפּל דעם קליינעם רצח אין מויל אַריין. אַ שלווהדיקע שטילקייט איז געפאַלן אויף דער קופּע.
- אָט אַזוי איז בעסער - האָבן צופרידענע מיטפּאָרער איר געריימט. - די נערוון זענען צעשרויפט אָן אים...
אַ פרוי אין די יאָרן, וואָס האָט, ווייזט אויס, אויסגעזייגט שוין איר חלק, האָט פאַרשטאַנען זיסלס געמיט און מיט וואַרעמער מאַמעשקייט איר געטרייסט: - נישקשה טאָכטערשי, נישטאָ זיך וואָס צו שעמען - וועסט אַליין זען - מיר האָבן שוין אַלע פאַרלאָרן דאָס מענטשלעכע פּנים און דאָס אין אַ וואָסערע צוויי-דריי טעג. מענער, פרויען, אייגענע, פרעמדע - אַלע קריכן הינטער די וואַגאָנען מיט אַרונטערגעלאָזענע הויזן, ווי נאָר די באַן בלייבט שטיין...

* * *

זיסל האָט זיך אַליין געוווּנדערט: פון וואַנען די כוחות און די רירעוודיקייט קומט צו איר. דאָס באַזאָרגן שפּייז, אָפּהיטן דעם קליינעם פון די געפאַרן וואָס לויערן אויף אַזאַ עופעלע אין דער סומאַטאָכע. זי איז געווען אַליין אין אַ פרעמד לאַנד, מיט אַ פרעמדער שפּראַך, אין מיטן פון אַ נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע. די פרוי נעבן איר האָט באַמערקט איר יונגקייט און נישט דערפאַרנקייט. זי האָט גענומען זיסלען לערנען ווי צו וואַשן אים אויף די קורצע אָפּשטעלונגען, ווען דער צוג האָט זיך געמוזט פאַרהאַלטן. אַז זיי האָבן זיך שוין געפונען טיפער אין לאַנד און די נערוון-דערשיטערנדיקע אַטמאָספער האָט זיך אַ ביסל אויסגעלייטערט, האָט מען אויף אַ סטאַציע שוין געקראָגן אַ טעפּל געזאָטענע מילך, אַ ברייטל, אַ פּאָר

אָפּגעבאַקענע קאַרטאָפּל. מ'האָט שוין געקאָנט אויסוואַשן אַווינדל, אַריינצוגיין אין מעד-פונקט צו דער שוועסטער וואָס האָט דאָרט אַמטירט - נישט דווקא צוליב די מאַמעס מיט קליינע קינדער, ווי צוליב זעלנער, וואָס האָבן זיך שוין געניטיקט אין אַ באַנדאַזש אָדער אַ באַרואיקונגס-מיטל צו די וויטאָגן.

אַרום "טאַמבאָוו" האָט זיך גענומען איינשטעלן אַ געוויסע אָרדענונג און די אַנטלויפנדיקע האָבן באַקומען אָנווייזונגען וווהין מען קאָן פאָרן; וואָס מען קאָן דערוואַרטן אין די געגנטן און ווער ס'וועט זיך מיט זיי פאַרנעמען. אין מאַריאַ איוואַנאָוונאַן האָט זיסל באַקומען אַן אָנשפּאַר. דער אָנבאָט איז געקומען טאַקע פון איר:

- ערגעץ ווו אַרום "ראָסטאָוו" האָבן מיר קרובים, וועסטו נישט פאַרפאַלן ווערן. ווו וועסט זיך שלעפּן אַליין מיט אַ קינד? נו - האָט זי צוגעגעבן - האָסט דאָך אַ פּאַך אין האַנט. קאָנסט אויפנייען אַ ספּודניצע, וועסטו שוין צו לאָסט נישט פאַלן קיינעם.

זיסל האָט דערפילט אַ נאָענטקייט צו דער דאָזיקער מיטליאָריקער פרוי, וואָס האָט מיט זיך געהאַט אַ מיידעלע פון אַ יאָר צען און אַ קליין פּעקל קליידער איינגעפּאַקטע אין געאייל, נישט צו פאַרשפּעטיקן דעם לעצטן צוג, איידער דער שונא קומט אָן. זיסלען איז געווען צום האַרצן וואָס מאַריאַ איוואַנאָוונאַ פרעגט זיך נישט נאָך אויפן טאַטן פון קליינעם קינד, וואָס איז אַן אויסגעצוואָגענער געלעגן איינגעוויקלט אין אַ קישן און איז זאָרגלאָז געשלאָפן, ווי דאָס וואָס קומט אַרום אים פאַר האָט צו אים קיין שייכות נישט.

אַ יונגע מאַמע מיט אַ פּיצל קינד אַליין, האָט זי פאַרשפּאָרט זיך פאַר עמעצן צו פאַרענטפערן. פאַרשטענדלעך: דער מאַן אין דער אַרמיי און זי לויפט - וווהין? כאָטש אַלע זענען געלאָפן אין דער זעלבער ריכטונג, האָט קיינער נישט געוווּסט וואַהין? מאַריאַ איוואַניוונאַ איז געלאָפן פון די אַמאָליקע פּוילישע געביטן, ווו איר מאַן איז געווען אַן אַרמיי-קאָמאַנדיר. זי האָט אין זיסלען באַלד דערקענט אַז זי איז "איינע פון דאָרטן". איר אָנטאָן, איר שפּראַך, איר רויטלען זיך ביים אויפקנעפּלען דאָס קליידל...

* * *

אין צימער האָט געברענט אַ קליין לעמפּל. אויפן סופיט זענען געשפּרונגען לאַנגע שאָטנס פון אַ פרוי וואָס זיצט איבערגעבויגן איבער אַ האַנט ניי-מאַשינדל, וואָס האָט מאַנאָטאָן געשטעפּט לויט דער שנעלקייט ווי די פרוי האָט געדרייט דאָס רעדל, דער גערויש פון דער ניי-מאַשין האָט איינגעוויגט דעם קליינעם יאַט, וואָס איז געשלאָפן אין דער אויף-שנעל צונויפגעקלאַפּטער וויג. די וויג האָט געשמעקט מיט פרישן פעך פון נאָר וואָס אָפּגעזעגטע, נישט געהובלטע סאָסנע-ברעטער.

דאָרטן, דאָרטן ביי דער ווייסל - האָט זיך עס אָנגעהויבן... זיסל האָט געזוכט ווערטער צו דערקלערן מאַריאַ איוואַנאָוונאַן דעם אָפּשטאַם פון קליינעם סיאָמקען, וואָס וואָלט דאָרטן, אין שטעטל ביי דער ווייסל, געהייסן שמוליק...

- און זיין טאַטע, וואָס פאַר אַ סאָרט מוזשיק איז ער געווען? כ'מיין אַזאַ שיין מיידל ווי דו, האָסט געקאָנט זיך פאַרגינען צו קלייבן...

זיסל האָט פּרובירט צונויפנעמען איר ווערטער-פאַרמעגן עס צו דערקלערן. זי

האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט, אַז אפילו אין פּשוטן יידיש וואָלט זי עס נישט געקאָנט טאָן, ווייל זינט זי געדענקט, האָט עס איר געצויגן צום דאַרן קוטשעראַוון בחור מיט די ווייכע, כמעט קינדיש-אומשולדיקע אויגן וואָס האָבן זיך געקאָנט אָנצינדן מיט אַ באַזונדער גליאיקן בליק, ווען ער האָט גערעדט וועגן דעם אומרעכט, וועלכן מען באַגייט קעגן אָרעמען פאָלק. שוין דאַן אַ זעכצן-יאָריקע, האָט זיך איר נשמה פאַרקנסט צו דעם דאָזיקן בליק, וואָס האָט אי באַרוישט און אי אינטריגירט. קאָן זי דאָס דערקלערן מאַריאַ איוואַנאָוונאַן? האָט זי געפונען אַן איינפאַך וואָרט:

- ליובאָוו - ליבע... אָבער נאָך עפּעס וואָלט זי געוואָלט איר זאָגן:

- ער האָט געהאַט פינף יאָר צו זיצן פאַר בונטעווען די מוזשיקעס... דריי יאָר אָפּגעזעסן. ערשט די מלחמה האָט אים באַפרייט.

- וואָט דאָליאַ, נאַשאַ דאָליאַ - בינדט מאַריאַ איוואַנאָוונאַ אָן איר גורל מיט זיסלס -ביידע מיט קינדער, ביידע אָן מענער...

דער קליינער סיאָמקע, וואָס האָט דערווייל באַוויזן זיך אויסלערנען די קונץ פון אויפזעצן זיך אין וויג, האָט נאָך אַלץ געהאַט יענע שאַרפע, שניידיקע שטימע, וואָס האָט געגרילצט ווי אַ דימענט איבער גלאָז, ווען נאָר ער האָט דערפילט די באַדערפעניש צו האָבן צווישן די ליפּן דעם ראָזן וואָרצל פון וועלכן ער האָט געצויגן לעבן.

- ער וועט זיין אַ זינגער, אומבאַדינגט אַ זינגער - האָט מאַריאַ איוואַנאָוונאַ באַשטעטיקט - מיט אַזאַ שטימע...

נאָר ווען זיסל איז געבליבן מיטן קליינעם סיאָמקע אַליין, האָבן די אָנגעזאַמלטע טרערן געטאָן אַ פלייץ, ווי דער שמועס מיט דער שכנה וואָלט אויפגעמאַכט אַ פאַרשטאָפּטן קוואַל...

איסאַק איז אַרויס פון תפיסה. איר איז שוין געגאַנגען דאָס ניינצנטע יאָר, און דאָס האָט זי אים טאַקע געזאָגט ביי זייער ערשטער באַגעגעניש.

- הער אויף צו קוקן אויף מיר ווי אויף אַ קינד - און זי איז צוגעפאַלן קושן זיינע ליפּן, זיינע אויגן, געטוליעט זיך צו אים מיט איר גאַנצן לייב און לעבן, וואָס האָט געדאַרפט דינען ווי אַ באַווייז פון איר דערוואַכנדיקער פרוילעכקייט. זי האָט געוואָלט ער זאָל מיט איין מאָל אָפּפילן, אַז צווישן זיי איז נישט מער יענע מחיצה וואָס האָט זיך איינגעשטעלט צווישן עלטערן פאָליטישן וועג-ווייזער און דער יונגער, ענטוזיאַסטישער אָנהענגערין. זי האָט פאַרלאַנגט די פולע אָנערקענונג ווי אַ פרוי.

אים האָט געצויגן אויף דער סאָוויעטישער זייט און זי האָט אים נישט געוואָלט אָפּלאָזן אַליין. האָט מען אַ חופה געשטעלט - די עלטערן זאָלן נישט צופיל איבערקלערן: אַ בחור מיט אַ מיידל... אויף דער אַנדער זייט פון טייך בוג, האָבן זיי זיך ווי נישט איז איינגעאָרדנט. פיר ווענט, אַ בעט און אַ טיש. אַבי אַליין. אַלע אירע מיידלשע טרוימען און דערוואַרטונגען האָבן זיך ווי נאָך נישט איינגעבראָכענע פערד אַרויסגעריסן פון זייער פאַרצוימונג און זיך געלאָזט אין ווילדן געלויף. איסאַק האָט דעם אָנלויף קוים געקאָנט צוימען. ער האָט עס געטאָן מיט שטילע, צערטלעכע רייד, צאַרטער אַרומנעמונג. זי האָט אָבער געוואָלט באַהערשט ווערן פון דעם פולן מאַן, וואָס איז נעבן איר געלעגן.

דאָס האָט ער איר נישט געקאָנט געבן. די תפיסה-יאָרן האָבן איבערגעלאָזט זייער צייכן אין זיין לייב, אַ צייבן פון וועלבן ער איז ערשט איצט געוואויר געוואָרן, און די אַנטדעקונג האָט אים געלאָזט שפּראַכלאָז. מיט פאַרשעמטקייט האָט ער איר געבעטן: - געדולד טייערע, געדולד - עס קאָן נאָך צוריקקומען...

כאָטש איסאַק איז געווען אַ יאָר זיבן-אַכט עלטער און תמיד אַ זיכערער אין זיינע מיינונגען און האַנדלונגען, האָט אים אָבער זיין מענערישע אומבאַהאָלפנקייט דערשלאָגן. ער האָט פאַרלוירן זיין מוט און זיין זיכערקייט אין זיך. זיסל - די יונגיטשקע האָט אים געמוזט טרייסטן.

מיט נישט קלאָרע, האַלב-שפּאַסיקע אָנדייטונגען האָט זי זיך באַמיט אים צו דערמוטיקן זיי זאָלן אַריינגיין צו אַ דאָקטאָר. דאָס האָט אים אָבער נאָך מער דערשלאָגן. פאַרן געריכט איז ער געשטאַנען שטאָלץ. פאַרטיידיקט זיין אידיי, אַרויס פון געריכט-זאַל ווי פון אַ פּאָליטישער דעבאַטע, וועלכע ער האָט געוווּנען.

- דערציילן אַ דאָקטאָר וועגן זיין אומבאַהאָלפנקייט? אַ קנאַפּ יאָר האָבן זיי שוין געוווינט צוזאַמען. די דערוואַרטונג און די אַנטוישונג האָבן יעדע נאַכט אָנגעפילט מיט נערוועזער שפּאַנונג.

- מיר וועלן גיין צוזאַמען. פרעמדע מענטשן, אַ פרעמדע פּאָליקליניק - פאַר וועמען דאַרפן מיר זיך שעמען?

די רוסישע דאָקטאָרשע האָט געקוקט אויף די יונגע מענטשן. אויסערלעך האָבן זיי אויסגעזען ווי אַ צוזאָגנדיק פּאָרפּאָלק, פון וועלכע מען קאָן דערוואַרטן אַ פיינעם נאָכוווּקס. זי האָט זיך דעריבער געוווּנדערט: וואָס דערוואַרטן זיי פון איר? זיסל האָט איסאַקן פאַרזיכערט: דו דאַרפסט גאָרנישט זאָגן. זי האָט זיך דעריבער אָנגענומען מיט דרייסטקייט און מיט אירע קנאַפּע רוסיש-קענטענישן, שעמעוודיק מודה געווען די סיבה פון זייער באַזוך:

- ביי אונדז באַקומט זיך עס נישט...

- ווי לאַנג נאָך דער חתונה? - האָט די דאָקטאָרשע געוואָלט וויסן.

- שוין באַלד אַ יאָר.

- דאָס איז נאָרמאַל. וועסט נאָך פאַרשוואַנגערן. עס נעמט צייט און איר זענט דאָך יונגע מענטשן.

די דאָקטאָרשע האָט נישט פאַרשטאַנען. מיטן באַזוך אין פּאָליקליניק איז צוגעקומען נאָך איין אַנטוישונג...

* * *

דער נאַפּט אין דעם לעמפּל איז געוואָרן וויניקער און דער קנויט האַט גענומען צאַנקען, זי האָט אים אַראָפּגעדרייט און זיך געלייגט אין בעט. שלאָפן האָט זי נישט געקאָנט... צום וויפלסטן מאָל זי האָט דורכגעלעבט יענע נאַכט - דאָס האָט זיסל נישט געדענקט. זי האָט זיך באַמיט צו דערמאָנען איינצלהייטן, טאָמער האָט זי עפּעס פאַרפעלט. ניין. זי האָט עס געדענקט, ווי עס וואָלט נאָר וואָס געשען.

יענע נאַבט לעבט זי תמיד ווידער איבער מיט דער פלאַמיקער דערוואַרטונג, וואָס האָט געברויזט אין אירע צעגליטע בלוטן. ער האָט קאָנצענטרירט אַלע זיינע געדאַנקען אויף איין פונקט. זיינע נערוון האָבן זיך אָנגעשטרענגט ביז צום פּלאַצן. פאַר אים איז עס געווען אַ וואַ-באַנק שפּיל: אַלץ צו געווינען אָדער אַלץ צו

פאַרשפּילן. און עס איז געשען: זיי זענען ענדלעך געוואָרן מאַן און ווייב...

זיי זענעןביידע געוואָרן אַזוי איבערראַשט פון דעם געשעענעם, אַז ס'האָט זיי אויסגעזען אומגלייבלעך. אפשר האָט זיך עס זיי בלויז אויסגעדוכט? אָבער די באַוויזן זענען געווען אומצווייפלהאַפטיק. עס איז ווירקלעך געשען. נאָך דעם האָט זי דערפילט, אַז עפּעס ענדערונגען קומען אין איר פאַר. זי האָט עס געהאַלטן פאַר זיך. זי האָט מורא געהאַט, אַז אַזאַ ידיעה קאָן אים דערשיטערן און ער וועט ווידער פאַלירן דאָס, וואָס זיי האָבן מיט אַזוי פיל געדולד דערוואַרט און מיט אייפער אָפּגעהיט.

ער איז אָפּגעפאָרן אין צענטער. - בלויז אויף אַ פּאָר טעג. - אַלטע חברים און אַלטע חשבונות רופן אים. אפשר וועט מעגלעך זיין זיך איינצואָרדענען אין דער גרויסער שטאָט?

זיסל האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז ווי נאָר ער קערט זיך אום צוריק, וועט זי עס אים גלייך פאַרטרויען. מער אָבער האָט זי אים שוין נישט געזען - די מלחמה האָט אים פאַרשלונגען.

אַוועקגעפאָרן - האָט זי געזאָגט צו מאַריאַ איוואַנאָוונאַ - און אפילו נישט געוווּסט אַז ער לאָזט איבער אַ יורש... - אַ שאָד, אַ שאָד - האָט מאַריאַ איוואַנאָוונאַ באַדויערט. מאָדנע זענען די וועגן פון מענטשלעכן גורל, האָט זי געטראַכט. אָט וואַקסט אַ בחור וואָס וועט קיינמאָל זיין אייגענעם טאַטן נישט קענען... אָבער צו זיסלען האָט זי געזאָגט:

- ער וועט זיך אָפּזוכן, אָט וועסטו זען. ווי נאָר די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט ער דיך געפינען, די באַבושקע האָט עס אויסגעלייגט אין די קאָרטן...

# באָבי דאַרלינג.

אַרום האַלבער נאַכט האָט זיך די באַראַטונג. געענדיקט; נישט-דעררויכערטע סיגאַרעטן זענען אַרומגעשוווּמען אין די שוים-באַדעקטע ביר-גלעזער. פאַרשריבענע פאַפּירלעך האָבן זיך געוואַלגערט אַרום טיש, אויפן טיש - פּאָרשלאַגן, פּראָיעקטן, פאַרצייכנטע פראַגן, וועלכע מען האָט נישט באַוויזן צו באַהאַנדלען, אָדער אַזעלכע וואָס האָבן אין גאַנג פון דער דיסקוסיע פאַרלוירן זייער אַקטועלקייט. דאָס אַלץ איז געווען אַ טייל פון דער סטודענטן באַראַטונג וועגן דער געפּלאַנטער קאָנפראָנטאַציע מיט דער לייטונג פון אוניווערסיטעט

כאָטש די באַראַטונג איז פאָרגעקומען אין דזשינס צימער, האָט זי אַליין אין איר נישט אָנטיילגענומען. זי האָט בלויז פאַרצייכנט פּאָרשלאַגן, געוואַשן גלעזער, דערלאַנגט "סענדוויטשעס" און נישט מיד געוואָרן צו דערמאָנען:

- אַ ביסעלע שטילער, נאָר נישט ווערן צעטראָגן, נישט פאַרגעסן ווו מען האַלט.

די סטודענטן זענען געווען יונג און זיך געריסן צום פאַרמעסט.

אמת, דזשין איז געווען ווי אַלע - פאַר דער געפּלאַנטער קאָנפראָנטאַציע, אָבער ערגעץ ווו אין איר האָט געטליעט אַ שטילער ווונטש, עס זאָלן נישט זיין קיין נאָכווייען...

זי האָט ברייט צעעפנט דאָס פענצטער און אַ קילער שטראָם לופט האָט זיך אַריינגעריסן אין צימער. זי האָט דערפילט, ווי דער בלויער נעפל פון סיגאַרעטן-רויך האָט זיך געקלעבט צו די פאָרהאַנגען, צום מעבל, צו די ווענט, און ווי זי אַליין באַוועגט זיך אין בלויען נעפל. פון דרויסן האָט זיך געהערט דאָס צוקלאַפּן פון אויטאָ-טירן, גערויש פון מאָטאָרן וואָס דערווייטערן זיך. און אַלץ אַרום איז געוואָרן שטיל. און כאָטש דזשין איז געווען זיכער, אַז אַלע זענען זיך צעפאָרן, פונדעסטוועגן האָט זי אַרונטערגעקוקט צו דער גאַס. זי האָט אויך געכאַפּט אַ בליק אויפן זייגער: - די נאַכט איז נאָך יונג. ערשט איצט האָט זי זיך געכאַפּט; אַז די זאָרג פאַרן קומענדיקן פאַרמעסט איז די זאָרג פאַר באָבין. דער צונויפקום אין איר צימער איז אייגנטלעך געווען דערפאַר, וואָס זי האָט געוואָלט זיין נאָענט נעבן באָבין בשעת עס ווערן אָנגענומען שריט; וואָס קאָנען אירע פלענער צעטרייסלען.

- דיינע אַרגומענטן - האָט שוין באָבי איר איינמאָל געזאָגט - זענען גענוי ווי דיין מאַמעס. טאָ פאַרוואָס האָסטו געדאַרפט אַוועקגיין פון דער היים, אַז איר טראַכט ביידע דאָס זעלבע?

- צוליב אַ געוויסן בחור - האָט דזשין געזאָגט - וועלכן מיין מאַמע פֿאַרדעכטיקט, אַז ער מאַכט אַ טעל פֿון איר "אינוועסטמענט"...
- פּרויען האָבן שטענדיק דעם זעלבן ציל. יעדע גענעראַציע ענדערט בלויז די מיטלען, כדי דעם צוועק צו דערגרייכן - האָט ער איר געענטפֿערט.
- באָבי דאַרלינג - האָט דזשין איבערגעחזרט דעם זאַץ, וואָס איז שוין אגב געוואָרן אָנגעגרייט, ווען דער טעלעפֿאָן האָט זיך צעקלונגען. זי האָט איצט בלויז געדאַרפֿט דעם שמועס פֿון זכרון אַריבערטראָגן אין טעלעפֿאָן-טרייבל אַריין.
- שטעל דיר פֿאָר: אַ גאַנצן טאָג ביסטו דאָ געווען אין די פֿיר ווענט פֿון מיין צימער, אָבער צווישן אונדז האָט געוווּשט דער אָקעאַן פֿון מאָרגן... - סובלימירטע ראָמאַנטיק - האָט באָבי איר נישט געגלאָזט אויסרעדן - פֿון וואַנען האָסטו דאָס אַרויסגענומען?
דזשין האָט אַרונטערגענומען די פֿיס אונטער זיך און זיי איינגענורעט אין פֿאָטעל.
- ווען דו וואָלסט נישט געקוקט דורך מיר צו די געשעענישן פֿון מאָרגן, וואָלסטו דערזען נישט נאָר אַ האַנט צו שטימען, אָדער אַ קול צו שרייען, נאָר וואָלסט געזען אַ צאַפּלדיקע סובסטאַנץ פֿון פֿלייש און נערוון און וואַרעמקייט, און קערפּערלעכע סימעטריע און אפֿילו מוח, - דזשין איז אפֿשר נישט געווען דרייסט דאָס אים צו זאָגן אין פּנים אַריין אָבער אין אָט דער נאַכטיקער שעה, איינגענורעט אין פֿאָטעל, איז עס איר אָנגעקומען לייכט און אפֿילו שפּילעוודיק. - די מעשה איז אַן אַלטע - האָט באָבי געפּרוּווט אַ שפּאַס טאָן - און די נאַכט ווערט וואָס אַ מאָל קירצער, און איך בין מיד און בין שוין אין די פּידזשאַמעס...
- און כדי דיר זאָלן זיך חלומען אינספּירירנדיקע חלומות, שטעל זשע דיר פֿאָר; אַז אונטער די צוויי ראָזלעך, וואַרעמע, פּראָפּאָרציאָנעל אויסגערונדיקטע אויסהויבונגען קלאַפּט אַ וואַרעם האַרץ און, אַז די צוויי ליפּן וואָס ווערן מאָרגן זיך צוזאַמענפּרעסן, קענען זיין צערטלעך און פֿייכט און דאָך אָנצינדן צוזאָגנדיקע פֿייערלעך...
- דו צעבאַלעוועטע קליינבירגערלעכע טאָכטער - האָט שוין באָבי מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן. מיר שטייען ערב וויכטיקע אויפֿטועך, און דו ביסט אַלץ פֿאַרליבט אין דער געטלעכער באַשאַפֿונג, בשעת זי שטייט פֿאַרן שפּיגל אָן אַ נאַכט-העמד...
- איך האָב גאָרנישט געוווּסט אַז דו שפּירסט מיר נאָך דורכן שליסל-לאָך... אין טעלעפֿאָן טרייבל איז שטיל געוואָרן.
- דער בחור האָט נערוון, האָט דזשין אַ שמייכל געטאָן...

* * *

שוין באַלד אַ יאָר ווי זי וווינט נישט אין דער היים. און דאָס אַלץ כדי צו באַווייזן זיך אַליין; אַז אַ ניינצן-יאָריקער מענטש האָט רעכט צו פּלאַנירן זיין אייגן לעבן אָן דער אַריינמישונג פֿון די עלטערן, וואָס ווייסן תמיד בעסער.
מישאַ ראָזען, דזשינס פֿאָטער, האָט וואָס אַן אמת, נישט תמיד צייט געהאַט אַריינצוקוקן אין קינדער-צימער. און אפֿילו ער האָט שוין יאָ אַריינגעקוקט, איז ער נישט געווען בכוח עפּעס צו זאָגן. דער ראַדיאָ האָט נאָכאַנאַנד אַרויסגעוואָרפֿן משונה-ווילדע קולות, פֿון וועלכע די אויערן זענען שוער נישט פֿאַרטויבט געוואָרן.

ווען ער האָט געפּרוּווט רעדן צו זיין טאָכטער וועגן "קאָעקזיסטענץ", ס'הייסט: ער זאָל אויך קענען האָבן אַ ביסל רו אין אָט דעם הויז, האָט זי פאַרשנורעוועט די ליפּעלעך און אַ ברוגזדיקע צוגעוואָרפן:
- דו האָסט נישט קיין געפיל פאַרן ריטם פון מוזיק...
דעמאָלט האָט זיך מישאַ ראָזען. דערפילט שפּל, נישט נאָר פאַר זיך, נאָר פאַר אַלע דורות פאַר אים, און זיך גענומען פאַרענטפערן פאַר דער טאָכטער:
- איך באַדויער זייער וואָס מיין זיידע און מיין זיידנס זיידע פאַר אים, האָבן נישט געלעבט אין דזשונגל, און מיר נישט געגעבן קיין "טשענס" אַרומצולויפן דאָרטן נאַקעט מיט די אַנדערע בושמענער צוזאַמען, כדי אָפּצושרעקן שדים מיטן מאָנאָטאָנעם קלאַפּן אין די פויקן...
- סאַרקאַסטיק - האָט דזשין אַ זאָג געטאָן און אַראָפּגעדרייט די מוזיק.
- אָ, אַצינד קאָן אַ מענטש במנוחה לייענען אַ צייטונג...
- דו, און דיין צייטונג...
- מעגסט זיך אויך אַ מאָל פאַראינטערעסירן ווי אַזוי עס לעבן יידן אויף דער וועלט - האָט עס שוין מישאַ ראָזען נישט געקאָנט פאַרטראָגן - וואָס מיינסטו: ביסט פון הימל אַראָפּגעפאַלן? ביסט דאָך אויך אַ יידיש קינד...
- שטענדיק מיט דיינע יידישע פּראָבלעמען, און וואָס איז וועגן גלאָבאַליזאַציע און וואָס איז וועגן די הונגעריקע אין טיילן פון אַפריקע, די אָרעמע אין די אַזיאַטישע לענדער, די אַלט איינגעזעסענע פעלקער מיט וועמען מען רעכנט זיך ווייניק?
- איך בין צופרידן אַז דו קאָנסט כאָטש געאָגראַפיע, איז דאָ אַ האָפענונג, אַז וועסט מאַכן מאַטורע...
דו, און דיין סאַרקאַזם...
דער אוניווערסיטעט האָט אַנטפּלעקט אַ נייע וועלט פאַר דזשינען: מיטינגען, פאַרזאַמלונגען רעזאָלוציעס, באַריקאַדירטע קאָרידאָרן פון דעם אַדמיניסטראַציע-בנין, איינגעשפּאַרטע פּראָפעסאָרן - די צייטונגען זענען פול געווען דערמיט.
- און ווען לערנט מען? - דאָס האָט מישאַ ראָזען געוואָלט דערגיין ביי זיין טאָכטער. וואָרעם לויט זיין לאָגיק איז אויסגעקומען, אַז פון אויסקעמפן נאָך אַ פּריווילעגיע, אָדער אַ פאָרשטייערשאַפט אין עפּעס אַ פּראָפעסאָרישן ראַט, וועט זיין טאָכטער נאָך אַלץ נישט ווערן קיין קאָמפּיוטער עקספּערט.
אוניווערסיטעט איז נישט בלויז שטודירן - האָט אים דזשין געגעבן צו פאַרשטיין - עס איז פיל מער: עס איז סאָשל לייף (געזעלשאַפטלעך לעבן).
מישאַ איז געוואָרן פילאָזאָפיש:
אפילו ווען איר וועט איבערקערן דעם אוניווערסיטעט מיטן קאָפּ אַראָפּ וועט זיך אויסער זיינע גרענעצן גאָרנישט ענדערן...
- די אַלטע גענעראַציע האָט געמאַכט אַ טעל פון דער וועלט - האָט דזשין זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם טאַטן מיט אַרגומענטן פון די מיטינגען. - איר, איילט זיך אַ טעל צו מאַכן פון דער וועלט - האָט מיט געלאַסנקייט איר געענטפערט דער טאַטע - נישט מער, איר האָט נישט קיין געדולד אַלט צו ווערן, איר האָט מורא, אַז עס וועט פאַר אייך שוין גאָרנישט בלייבן...

* * *

זיצנדיק איצט אין פֿאָטעל האָט זיך דזשין דערמאָנט וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אין דער אוניווערסיטעט-קאַנטין. עס איז געווען מיטאָג-צייט. אַלע טישלעך זענען געווען פֿאַרנומען. עס האָט גערוישט מיט פֿריילעכע, יונגע שטימען. מיטאַמאָל איז לינדאַ, פֿון צווייטן יאָר הומאַניסטיק, אַרויפֿגעקראָכן אויף אַ טיש, און ביי ריטמישער הענט-פּאַטשעריי פֿון די סטודענטן, זיך גענומען אויסטאָן. דעמאָלט טאַקע האָט זיך איר גענומען אויסוויזן, אַז ס'איז נישט דאָס "סאָשל לייף", וועלכעס זי האָט אַזוי געריכט פֿאַרן טאָן.

זיצנדיק נאָך אַלץ איינגענורעט אין פֿאָטעל, וועלכן זי האָט מיטגענומען פֿון דער היים האָט זי דערפֿילט די קילקייט פֿון דער נאַכט, די איינזאַמקייט פֿון פֿרעמדן צימער און מיטאַמאָל האָבן די, מיט בליץ-אָגעלאָדענע דיסקוסיעס פֿון דער היינטיקער באַראַטונג גענומען אויסזען זינלאָז. ערגעץ ווו האָט זיך גענומען וועקן די בענקשאַפֿט נאָך דער היים, ווו עמעצער האָט געזאָרגט פֿאַר איר. זי האָט געהערט צו אַ פֿאַמיליע, וואָס האָט זי אַרומגערינגלט מיט וואַרעמקייט.

האָט זי ווידעראַמאָל, דאָס מאָל אין זכרון, דורכגעלופֿטערט די דיסקוסיעס מיטן טאַטן. אין זיין סאַרקאַזם האָט זי איצט דערפֿילט, איז נישט געווען דער טאָן פֿון ביטערקייט. זי האָט אפֿילו אין אים אַנטדעקט אַ קערן פֿון חכמה.

שוין באַלד אַ יאָר ווי זי איז אַוועק פֿון דער. היים, נאָר אין דער פּאַרטאָגיקער שעה, האָט עס איר אויסגעזען ווי אַ יאָרהונדערט.

- אַ שטיל גראַבלען ביי דער טיר האָט אָגעשטערענגט איר געהער: חלומט זי? איז עס אַ מייזל ערגעץ ווו?

זי האָט דערהערט דעם אָפּגערעדטן צייכן: צוויי שנעלע קלעפּ, אַן איבעררייס, און אַ דריטער קלאַפּ. איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פֿון פֿאָטעל און אויפֿגעמאַכט די טיר. זי האָט אירע אויגן נישט געגלייבט. זי האָט פֿאַרוואָרפֿן אירע הענט אַרום זיין האַלד, כדי זיך איבערצייגן, אַז ס'איז טאַקע ער: באָבי דאַרלינג...

# גענומען די היים אַרבעט.

די ייִנגסטע אין קלאַס פון אינסטיטוט "בילדונג פאַר דערוואַקסענע", איז געווען עוועלין, די לערערין. די מיטליאָריקע פרויען און מענער האָבן אויף איר געקוקט מיט וואַרעמקייט און צוגעלאָזנקייט. פאַר זיך האָט יעדער, אויף זיין שטייגער געפילט, אַז דער איינגעשטעלטער סדר - ווען די דערפאַרענע דאַרפן לערנען די ייִנגערע - האָט זיך דאָ איבערגעדרייט. ס'האָט זיי אויסגעזען, ווי אַן אייגענע טאָכטער, וועמענס טריט מ'האָט אָפּגעהיט און וועלכער מ'האָט געלערנט גיין - האָט מיט איינמאָל איבערגעשפּאַנט אַלע גרענעצן און אַצינד צייכנט זי גאָר אָן פאַר די עלטערע זייער וועג אין אַ וועלט, וואָס איז פאַר זיי געווען פאַרבאָרגן.

צייטנווייז האָט אויך עוועלין זיך געפילט נישט באַקוועם צו לערנען מענטשן מיט גרויע קעפּ, ווי ס'וואָלט איר נישט באַקוועם געווען צו לערנען איר אייגענעם טאַטן, צו וועלכן זי האָט - זינט זי געדענקט - אַרויפגעקוקט מיט טיפן דרך-ארץ און מיט באַוווּנדערונג. פאַר איר איז דער טאַטע געווען דער פּערפעקטער מוסטער פון אַ מענטש, אין וועמענס פוסטריט זי האָט זיך געוווּנטשן צו גיין...

מיטן לויף פון די לעקציעס, די פּראָבלעמען פון סאָציאָלאָגיע און פּאָליטיק, וואָס זענען אַרויסגעשפּרונגען אין דיסקוסיעס צווישן די שילער גופא, און אירע אייגענע געדאַנקען - האָט זיך ביסלעכווייז איינגעשטעלט אַ האַרמאָניע אין וועלכער, עלטער האָט אויפגעהערט צו זיין די מאָס פון געניטקייט. - עוועלין האָט - נישט ווויסנדיק אַליין, ווי אַזוי דאָס איז געשען - באַמערקט, ווי די מיטליאָריקע גרויע קעפּ זענען ייִנגער געוואָרן; זיך אַריינגעוואָרפן אין דיסקוסיעס מיט יוגנטלעכן ברען, אַז נישט איינמאָל האָט זיך איר אויסגעדוכט:

זי איז ווידער אין לערער סעמינאַר, אין יענע הייסע יאָרן פון דער וויעטנאַמער מלחמה; פון דער וויטלאַם רעגירונג, ביי וועלכער מ'האָט אין אַ שיינעם פרימאָרגן, ממש אונטער דער נאָז - אַוועקגענומען אַלע רעכט פון רעגירן מיטן לאַנד.

אַ שול-קלאַס, ווי יעדע געזעלשאַפט וואָס נעמט זיך פאָרמירן, איז פון אָנהייב אַ גרויע, איינפּנימדיקע מאַסע, פון וועלכער עס הייבן זיך פּאַוואָלינקע אויסטיילן אינדיווידואַלן; מען נעמט דערקענען כאַראַקטערן: עס הייבן זיך אָן דורכרייסן פּערזענלעכקייטן וואָס הייבן אָן געבן דעם טאָן מיט זייער אַגרעסיווקייט; עס נעמען זיך אויך מערקן פּאַסיווע שווייגער, כאָטש דער לערער פּרובירט אין זיי אויפוועקן אינטערעס: אַריינציען זיי אין דער דיסקוסיע. ער ווייסט: די וואַנט פון פּאַסיווקייט קאָן אַמאָל פאַרשטעלן אַ ברויזנדן קוואַלן פון געדאַנקען, וואָס זוכן אַ וועג צו דער אויבערפלאַך.

עוועלינס קלאַס פון "בילדונג פאַר דערוואַקסענע" האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ פעלקער ליגע, און כאָטש אַלע האָבן גערעדט ענגליש - האָבן אַ סך שילער געהאַט זייער אייגענע מוטער-שפּראַך, קולטור און איבערלעבונגען, וועלכע זיי האָבן מיטגעבראַכט פון אייראָפּע. אָט די דערפאַרונגען האָבן זיך אָנגעזען אין די עסייען און דיסקוסיעס. עוועלין האָט זיך באַמיט די שילער דערמוטיקן אין אַרויסזאָגן זייערע מיינונגען און שטימונגען. אין דעם אָ קלאַס האָט זיך פאַר שיפרינען אַנטפּלעקט אַ נייע וועלט. שיפרין, וואָס איז אגב געווען אַ ביז-גאָר פאַרנומענער מענטש, איז דאָ נישט געקומען זוכן געזעלשאַפט, ווי עטלעכע פון זיינע מיט שילער, מענטשן אויף עמעריטור, וואָס ווילן נוציק פאַרברענגען די איבעריקע צייט.

די אייגנשאַפט אָנצופירן האָט זיך ביי אים אַנטוויקלט נאַטירלעך זינט די אַלע יאָרן, ווען ער איז געווען פאַרטאָן אין אויפבויען די פירמע: "שיפרין און קאָמפּ". נישט געקוקט אויף זיין פּאָזיציע, איז דער חשק צום לערנען נישט פאַרטעמפּט געוואָרן, דורך דער נייטיקייט פון מאַכן אַ לעבן. כאָטש אָנהייב זעכציקער, ווען מענטשן ווילן געוויינטלעך געניסן פון דער פּרוכט פון זייערע דערגרייכונגען, האָט ער דאָך באַוויזן אָפּצושפּאָרן געוונג ענערגיע און עקשנות, אַוועקצוזעצן זיך אויף דער שולבאַנק. פון די ערשטע לעקציעס אָן האָט עס עוועלין דערשפּירט. זי האָט באַקומען אָפּשיי פאַרן הויכן, דאַרן מענטש מיט די באַזילבערטע האָר און גרויע אויגן, וואָס האָבן ליבלעך געקוקט אויף איר דורך דיק-ראַמיקע ברילן.

פון אָנהייב האָט שיפרין נישט געקאָנט פאַרטיק ווערן מיט זיך אַליין, מחמת קיינער קאָן פון זיין אייגענער הויט נישט אַרויסשפּרינגען. ער האָט אין עוועלין געזען דעם האַלבן טויץ מיידלעך, וואָס אַרבעטן אין זיין ביוראָ; מיידלעך וואָס טראָגן אים דעם גוטמאָרגן אַנטקעגן און וואַרטן אויף זיינע אָנווייזונגען, ווי אַזוי צו דערליידיקן די פאַרוויקלטע מסחרים, וועלכע די פירמע פירט. מיט זיין עקשנות האָט ער אָבער זיך באַוויזן איבערצוקעמפן און פאַרגעסן, אַז ער איז דער דירעקטאָר פון אַ פירמע.

ערשט דאַן האָבן זיי געפונען די פאָרם; לערערין און שילער. אויפנעמען אָנווייזונגען אָנשטאָט אַרויסצוגעבן דירעקטיוון...

מיט דער צייט האָט זיך דער קלאַס אויסגעסדרט ווי אַן אָפּגעשלאָסענע געזעלשאַפט און דאָס האָט אַריינגעבראַכט פאַמיליאַרקייט אין וועלכער עס האָבן אָגעהויבן פאַרנעמען אַן אָרט-זכרונות.

אין דער טבע פון זכרונות ליגט די אייגנשאַפט, וואָס זיי ווילן זיך נישט לאָזן אויסמעקן פון דעם לעבנס-באַנד, ווי מען מעקט עפּעס אויס פון אַ פאַרשריבענער טאַשמע, עפּעס וואָס איז שוין מער נישט נייטיק.

אין דער דימענסיע האָט זיך עוועלין נישט אַריינגעפּאַסט. זי האָט איינפאַך נישט געהאַט קיין זכרונות, מיט וועלבע זי זאָל קאָנען ביישטייערן די שמועסן, וואָס האָבן אָנגערירט די פאַרגאַנגענהייט. די מלחמה-יאָרן האָט זי דורכגעמאַכט אין אויסטראַליע, ווי אַ יונג מיידל - צו יונג, צו האָבן מלחמה דערפאַרונגען. כאָטש אין יענע יאָרן האָט אין מעלבורן און סידנעי געווימלט מיט אַמעריקאַנער זעלנער. מיט ליבע אַוואַנטורעס, מיט שנעלע חתונות, וועלכע האָבן געטראָגן אויף זיך דעם צייכן פון דער צייט: "מלחמה כלות".

* * *

צוערשט איז שיפרין געווען ענטוזיאַסטיש מיט דער אויפגאַבע, וואָס די לערערין האָט פאַרגעבן: שרייבן אַ קורצע דערציילונג באַזירט אויף פליטימשאַפט אָדער מלחמה איבערלעבונגען. דאָס איז זיך צונויפגעפאַלן מיט זיינע פאַרבאָרגענע ווונטשן צו געבן זיין יוגנט אַן אָרט אין זיין לעבן, אַן אָרט - וואָס דאָס לעבן גופא האָט איבערהיפּט. זיין יוגנט איז פאַרבונדן מיט די געצווונגענע וואַנדערונגען איבער דער לענג און ברייט פון אַ זעקסט חלק פון דער ערד. וואַנדערונגען פון אַן אייזאַמען יונגן בחור...

דאָס שרייבן איז געווען איינער פון די אַרגומענטן, וואָס ער האָט באַנוצט כדי זיך אַליין צו איבערצייגן, אַז די שול וועט אים אין דעם העלפן. שיפרין האָט ממש געפיבערט: ער איז עס בכוח צו טאָן: ער האָט די נייטיקע שפּראַך: די פּאַסירונגען רייסן זיך צו פאַרפלייצן דאָס פּאַפּיר. יעדער עפּיזאָד וויל אַרויס פריער, טאָמער האָט שיפרין חרטה און האַלט אים פאַרשפּאַרט. עפּיזאָדן אין זכרונות זענען אפשר ענלעך צו מענטשן: זיי האָבן פיינט, אַז מען לאָזט זיי נישט קומען צום וואָרט. זיי רייסן זיך צו דער פריי.

אין מיטן פון שרייבן, ווען דער ווילדער אויסגוס האָט זיך גענומען אויספאָרמירן אין אַ מיושבדיקן, שטיל-שטראָמיקן טייך - איז אויך שיפרין געוואָרן מיושבדיקער. אים האָט זיך גענומען דוכטן, אַז ער איז זיך מתוודה, וואָרעם איז לויף פון שרייבן האָט ער געזען פאַר זיך די לערערין. - דאַרף ער זיך מתוודה זיין פאַר עוועלין?

ער אַליין קאָן שוין באַלד נישט באַנעמען, אַז דאָס, וואָס ס'איז מיט אים געשען, איז אין יענע יאָרן פאָרגעקומען הינטער די אוראַלער בערג, קאָן זיין איז נישט מער ווי די צעהיצטע פאַנטאַזיע פון אַ יונגן בחור, אויסגעבענקט נאָך דער נאָענטקייט פון אַ פרוי...

האָט ער זיך געניטיקט אין אַ פרוי? אַ מאַמען?

אָבער פאָרט:

נאַטאַשאַ איז אַ לעבעדיקער מענטש. ער קאָן זי באַשרייבן מיט אַלע קלייניקייטן, ווי זי וואָלט פאַר אים נאָר וואָס געשטאַנען, און יאָרצענדליקער האָבן קיין שליטה נישט געהאַט - נישט אויף איר שלאַנקן קערפּער און נישט אויף זיין, שיפרינס מוח ווו זי האָט זיך פאַראַנקערט, צום בלייבן.

פעטיאַ, איר מאַן איז צוריקגעקומען פון פראָנט אַ הינקעדיקער, אָבער פאָרט: מיט פיעטקען האָט ער שנאַפּס געטרונקען... און ווי קאָן מען פאַרגעסן דעם זעקסיאָריקן פאַווליקן? אָט איז ער דאָך: אַ קינד מיט שטרויענע האָר, אַ באָרוועסער, אין אויסגעוואַקסענע הייזלעך, מיט אַ פאַרשניפּט נעזל און מיט אויגן פון אַ היימישער, הונגעריקער חיהלע, וואָס קוקט מיט דאַנקבאַרקייט אויף דעם, וואָס וואַרפט איר צו אַ ביסן.

טוט שיפרין אַ גלעט די באַזילבערטע האָר, ווי צו איבערצייגן זיך, אַז זיי זענען שוין היפּלעך שיטער געוואָרן, אַז ס'איז שוין נישט יענער שיפרין.

- וועט עוועלין אים גלייבן?

דאָס יינגלערישע האָט זיך אין אים צעשפּילט, און ער האָט אַ זאָג געטאָן צו זיך:

- און אַז נישט - ווען אַרט עס?

די זאָרג, וואָס האָט געהאַמעוועט זיין שרייבן, האָט דענערווירט.
- וועט עס עווען, קאָנען אויפנעמען ווי דער זעלנער פּיאָטר מיכאַילאָוויטש, וואָס האָט אים מכבד געווען מיט בראָנפן, און געקלאַפּט אין פּלייצע; גערופן אים: בראַטאָק און זיעמלאַק און דרוזשאָק - טאַקע דערפאַר וואָס ער האָט אין די הונגעריקע יאָרן אַרויסגעהאָלפן זיין משפּחה?
און כאָטש ביי שיפרינען אין הויז זענען שוין אַרומגעלאָפן אַ דריי אייניקלעך, האָט ער נאָך אַלץ נישט געקאָנט פאַנאַנדערקלייבן זיך אין בערטאַס שטימונגען, און אַלץ נישט געקאָנט אַרויספילן, ווי זי וועט קוקן דערויף. נאָכן איבערלייענען, וועט זי אוודאי אַ זאָג טאָן: - פאַר וועמען באַרימסטו זיך דאָ?
אויף אַזוי פיל - קאָן מען זאָגן - האָט שיפרין דאָך געקאָנט זיין אייגענע פרוי.
די האַנט, וואָס האָט געפירט די פעדער, האָט זיך פאַרהאַלטן. די זכרונות האָבן זיך געריסן אין דרויסן אַרויס, אָבער די ספקות זענען געווען ווי אַ מויער אין אַן ערד-ציטערניש וואָס קרישלט זיך און פאַרשיט דעם אַרויסגאַנג פאַר די, וואָס ווילן, זיך ראַטעווען.
- זאָל ער אָפּגראָבן דעם אַרויסגאַנג און פריי לאָזן די געדאַנקען?
דער חשק צום שרייבן, האָט אים באַהערשט מיט דעם בלינדן אימפּעט, ווי עס באַהערשט אַמאָל אַ מענטש, וואָס וואַרפט זיך אין פייער צו ראַטעווען אַנדערע.
דער פראָסט, ווי דער שטייגער פון מיטווינטערדיקע אוראַלער פרעסט - איז געווען אַ ברענענדיקער, אָבער אַ שטילער. ער האָט זיך נישט געלאָזן פילן, כאָטש די לופט וואָס מען האָט געאָטעמט איז געווען ווי דינער, אומזעבאַרער גלאָז.
דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די טריט. אויפן ראַנד פון הימל האָט זיך געוויטלט אַ ווייטע שיין. עמעצער האָט באַמערקט אַז דאָס מוז זיין דער אָפּשיין פון פאָלאַרן ליכט. אַן אַנדערער האָט געהאַלטן, אַז מיר זענען נאָך נישט אַזוי נאָענט צום צפון, און די שיין איז פון די קוימענס פון די שמעלץ אויוונס, דעם ריכטיקן ענטפער, אויף געוויס האָט קיינער נישט געוווּסט. גאָר וויכטיק איז עס אויך נישט געווען. מיר זענען געגאַנגען אַ מאַן אַכט, יידישע בחורים פון פוילן, פּליטים, וועלכע זענען געלאָפן פון אומעטום און געהאָפט צו געפינען אַן אָרט, מען זאָל ווי נישט איז קאָנען איבערלעבן די מלחמה.
עס איז געווען דער אָנהייב פון יאָר 1944.
אין דער צוזאַמענוווינונג פאַר פריילעכיקע, אין וועלכער מיר זענען נאָכן לאַנגן מאַרש אָנגעקומען, איז געווען וואַרעם אָבער פּוסטלעך. עטלעכע עלטערע מענטשן זענען געזעסן אויף די בעטלעך און גלייכגילטיק באַטראַכט די נייע מענטשן, וואָס וועלן אַרבעטן דאָ, אויפן קאָמבינאַט. זיי האָבן געקוקט אויף אונדז און געשמייכלט צו זיך מיט אַ שמייכל, וואָס נאָר זיי אַליין האָבן פאַרשטאַנען.
טאַקע נישט צומאָרגנס, אָבער מיט דער צייט האָבן מיר עס אויך פאַרשטאַנען. אויפן קאָמבינאַט האָבן געאַרבעט כמעט נאָר פרויען און בלויז עטלעכע עלטערע מענער, אָן וועלכע מ'האָט זיך שוין דאָ נישט געקאָנט באַגיין און וועלכע האָבן סיי ווי נישט געטויגט מער פאַר זעלנער. צוליב דער ווינטערדיקער אָנגעפּעלצטקייט האָט מען זיך נישט געקאָנט פאַנאַנדערקלייבן אין עלטער פון די פרויען. אויך זייערע שטימען האָבן גאָרנישט פאַרראַטן. זיי האָבן אַלע גערעדט הייזעריקלעך און געקלונגען האָט עס כמעט מענעריש, מיט אַ לשון וואָס איז שוין געווען אַבסאָלוט

מענעריש...

דער ערשטער פון אונדזער גרופּע, וואָס איז אַרויס ווינען פּריוואַט צו אַ באַלעבאָסטע, וואָס האָט געהאַט שטיין אַ פריי בעט צום שלאָפן, איז געווען נח, דער גאַליציאַנער. פון וועלבן פּונקט מען זאָל זיין האַדלונג נישט באַטראַכטן, האָבן אַלע באַוויזן גערעדט לטובת אים:

אין דרויסן איז געווען אַ מלחמה. ער איז אי אַ בחור און אי אַ פּליט, אָן פאַרבינדונגען און אָן פליכטן. ער האָט דעריבער אין גאַנצן ענין צופּיל נישט אַריינגעטראַכט. און אַ חוץ דעם: צו זיינע געשעפטן האָט ער באַדאַרפט אַרויס פון דער צוזאַמענוווינונג, מ׳זאָל אים נישט געבן קיין ״עין הרע״...

נח האָט געאַרבעט אויפן ספּירט-זאַוואָד, און ספּירט איז תמיד אַ גאַנגבאַרע מטבע, איבערהויפּט אין די הענט פון די וואָס ווייסן ווי אַזוי זיך מיט איר באַגיין. אַ שכנה פלעגט אַריינקומען דאָרט, ווו נח האָט געהאַט זיין קוואַרטיר. אַ יינגל האָט די שכנה געהאַט פון אַ יאָר זעקס-זיבן. דער מאַן אויפן פראָנט. אַן אָנשטענדיקן קוואַרטיראַנט וואָלט זי אַריינגענומען. אַזוי האָט מיר פאַרזיכערט נח, און לויט אים, זעט ער נישט קיין בעסערן קאַנדידאַט.

- דער יינגסטער און דער סאַמע אָנשטענדיקסטער פון דער חברה, און אַ באַלעבאָסטע וועט צו אים נישט צוליגן - אַזוי האָט נח פאַרזיכערט דער שכנה - ווייל דער פאַרעניאַק אַרבעט אין פראָמטאָרג פון קאָמבינאַט.

דער גאַליציאַנער האָט נישט נאָר אין זין געהאַט זיינע געשעפטן, נאָר אויך מיינע. ער האָט זיך געפילט ווי אַ שטיקל אפּטרופּות, און דערפאַר טאַקע האָט ער מיך אַביסל שפּעטער פאַרהערט: - ווי געפעלט דיר דיין קוואַרטיר און ווי באַהאַנדלט מען דיך דאָרט? וואָס האָב איך דערויף געקאָנט ענטפערן? דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט וויסן - ביי דעם האָט עס נאָך נישט געהאַלטן...

די באַלעבאָסטע האָט זיך נישט באַקלאָגט. פאַוואָליק, דאָס יאַטל איז שוין מער נישט געווען הונגעריק. דאָס ברויט איז מער נישט געווען פאַרבונדן אין אַ זעקל און אויפגעהאָנגען אויפן וואַנט. געוואָרפן מיט ברויט האָט מען זיך טאַקע נישט, און צום ברויט איז אויך תמיד וואָס געווען, אַפילו אין טעפּל אַריינצולייגן. נחן איז געלונגען אין מסחר, כאָטש ריזיקירן האָט מען געמוזט און ״שמירן״ האָט מען געמוזט, דערפאַר האָט זיך ביי אים אַ ליבע מיט דער באַלעבאָסטע פאַרקניפּט גאַנץ לייטיש. די נעכט זענען געווען לאַנגע און קאַלטע, און ווו אַהין צו גיין איז אויך נישט געווען און אַחוץ אַלעמען - מלחמה אָדער נישט מלחמה - יונג איז מען אויך נישט אייביק, און אַלץ וואָס מ׳קאָן אויסטייטשן ווי נישט אָנשטענדיק, פאַרשרייבט מען אויפן חשבון פון דער מלחמה...

די מלחמה האָט זיך נאָר וואָס געהאַט געענדיקט. אין דרויסן האָט פאַרשמעקט מיט פרילינג און מיט רעפּאַטריאַציע. קיינער האָט נאָך נישט געוווּסט, אַז די היים עקזיסטירט בלויז אין אונדזער חלום. דער חלום איז געווען דער עלעקסיר וואָס האָט געגעבן דעם ווילן צום לעבן. זען די היים... צוריק אַהיים... אַ כוואַליע פון עקזאַלטאַציע, אַ מין גייסטיקע שכרות האָט אַרומגעכאַפּט די פּליטים וואָס האָבן געהאַט אַ טאָפּלטן באַגער: - אַוועק פון דאַנען - צוריק אַהיים...

דאָס געפיל קאָן נאָר פאַרשטיין אַ מענטש, וועלכן מ׳האָט פאַרמשפּט אויף אייביקער תפיסה, און אין איין פרימאָרגן מאַכן זיך די טויערן אויף - און ער גייט

אַרויס אין דרויסן. אַ פרייער מענטש...

נחן איז ענג געוואָרן אויףביידע פראָנטן. די דירעקטאָרן פון זאַוואָד האָבן זיך גענומען גרייטן. צוריק אין די אַלטע היימען דאַרף מען פאָרן. זיי האָבן דעריבער געוואָלט האָבן אַ ריינעם טיש... צוליב אַ קלייניקייט האָט מען דאָ געקאָנט איבערבלייבן אויף היפשע עטלעכע יאָר. מיטאַמאָל האָט פון זיי געכומען בלאָזן אַ וויסטע קעלט, וואָס האָט אָנגעיאָגט אַ פרעמדקייט און אַן אימה. דאָס נאָכקוקן די חשבונות איז שוין מער נישט געווען קיין קאַטאַוועס. אַרויסקריגן אַ דורכלאָז-דערלויבעניש האָט מען געמוזט אויסשפּייען די גאַל, און צושטעלן באַווייזן. אפילו דער וועכטער ביים טויער האָט גענומען ציילן די פעסער ספּירט מיט אַ שטיק קרייד אין האַנט, און פאַרשרייבן עס גענוי אין דעם דורכלאָז-שיין.

קאַטיע - דאָס מיידל מיט וועלכער ער האָט געוווינט - איז געווען די זעלבע קאַטיע. אַ ווייבלעכע, אַ צוגעלאָזענע, נאָכגעגעבן נח׳ס אַלע קאַפּריזן. געפינען אַ מאַן אין יענער צייט מיט הענט און פיס, אָן ווונדן, אָן עפּעס אַ פאַרדרייעניש אין קאָפּ - איז נישט געווען פון די לייכטסטע זאַכן. איבערהויפּט נאָך אין אַזאַ העק, הינטער די אוראַלער בערג. קאַטיע האָט עס אָפּגעשאַצט און נח האָט חלילה נישט געהאַט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן. אַכיבע אויף דעם, וואָס די מלחמה האָט זיך געענדיקט. ביי אים אין קאָפּ האָבן זיך אין די טעג געשפּונען פּלענער, אָבער אָן פאַנטאַזיע. ביז גאָר תחליתדיקע. און זיי איז פאַר קאַטיען קיין אָרט נישט געווען.

- מיט אָט דער בתולה זיך צוריקקערן אהיים?

אויפן ספּירט-זאַוואָד האָט זיך די פּעטליע אַרום זיין האַלדז גענומען פאַרציען. מען האָט זיך דערמאָנט אַז ער איז אַ פּוילישער ייד, אַ ביעזשעניעץ, אַ נישט-זיכערער עלעמענט - אַ יונגער מענטש וועלכן מ׳האָט אפילו אויפן פראָנט מורא געהאַט צו שיקן.

פאַרנאַכט איז קאַטיע אַריינגעקומען מיט פאַרוויינטע אויגן. נח איז נישטאָ. שוין די דריטע נאַכט ווי ער יאָוועט זיך נישט אַהיים. זיינע זאַכן זענען אויך פאַרשוווּנדן.

- מסתמה וועט ער צוריקקומען. געוויס ערגעץ צוגעפאָרן

- ניין - איז קאַטיע באַשטאַנען אויף ס׳איריקע ער וועט נישט צוריקקומען. אפילו דעם ״גאַלזשטוך״, האָט ער מיטגענומען... דערווידערן אַזאַ אייזערנעם אַרגומענט איז נישט מעגלעך געווען.

* * *

שיפרין האָט זיך געכאַפּט, אַז נישט דאָס האָט ער זיך פאַרמאָסטן צו באַשרייבן - ווייזט אויס - האָט ער אַ טראַכט געטאָן - עס איז לייכטער צו דערציילן וועגן יענעם. און נאָך האָט ער געטראַכט:

- איז איצט די צייט צו מודה זיין זיך אין די בחורישע זינד? ווען מען באַטראַכט אָבער דעם ענין אַביסל אַנדערש קאָן גאָר אויסקומען, אַז ער האָט געהאָלפן אַ פאַמיליע פון אַ פראָנטאָוויק, פון אַ מענטש וואָס גייט אין פייער מיט אַ שונא, וואָס איז אויך זיין, שיפרינס שונא.

- מעגלעך - איז שיפרינען איינגעפאַלן - עוועלין וועט עס אָננעמען ווי שרייבערישע פיקציעס - אָט אַן אויסגעטראַכטע מעשה.... סיי ווי, פאַר דער לערערין עוועלין וועט דאָס אַלץ אויסזען ווי אַ שטיק עקזאָטיק.

אַלעמען האָט מען אויפן קאָמבינאַט גערופן לויטן ערשטן נאָמען און לויטן

פאָטערס נאָמען, ווערליק עס פירט זיך ביי די רוסן. נאָר דווקא מיך האָט קיינער נישט גערופן: גרישאַ סאָלאָמאָנאָוויטש. שיפרין האָט פאַר זיי געקלונגען קירצער און עפּעס עכטער, רוסישער...

מיט דער קוואַרטיר האָב איך דווקא געטראָפן. די באַלעבאָסטע - אַ ציכטיקע, אַן אַרבעטסזאַמע, און אַז מ׳האָט זיך דווקא גוט צוגעקוקט - נישט קיין מיאוסע, פאַרקערט. נאָך אַ טאָג אַרבעט אויפן זאַוואָד האָט זי אָפּגעקאָכט אַן אָוונט ברויט, ווי אין יענע טעג - אַ גאַנץ לייטישן. די שטוב אויפגערוימט, דאָס בעט - ריין, אַלץ אויסגעוואַשן פאַר מיר, פאַר דער ווירטשאַפט. מיר האָבן געגעסן צוזאַמען. פאַווליק, דאָס יאַטל האָט זיך צוגעקלעבט צו מיר. - ׳דיאַדיאַ׳ - האָט ער מיך גערופן - פעטערל. ער האָט געבענקט נאָך אַ טאַטן, ווערלכן ער האָט קוים געדענקט.

אפילו נאַטאַשאַ האָט מיך קיינמאָל אַנדערש נישט גערופן, ווי שיפרין. און שיפרין האָט אַריינגעבראַכט אין שטוב צום עסן, מער ווי נאַטאַשאַ האָט פאַרדינט פון איר אַרבעט. די בריוו וואָס זענען געקומען פון פראָנט, שפּעטער פון די שפּיטאָלן זענען געווען בריוו פון אַ סאָלדאַט, וואָס בענקט נאָך דער וואַרעמקייט פון דער משפחה און זענען פול מיט זאָרג, ווי אַזוי זיי קאָנען זיך דורכשלאָגן.

- נישט קיין שלעכטער באַלעבאָס פּיעטקע - דערציילט נאַטאַשאַ - נאָכן לייענען די בריוו. טרינקט אַ ביסל, אַזוי ווי אַלע, האָט אָבער אין זינען די משפחה. איז גוט מיט די הענט אויפן זאַוואָד און אין דער ווירטשאַפט. תמיד געטראַכט: אָט וועט מען זיך אַביסל אויסברייטערן, פאַרגרעסערן די ווירטשאַפט, קויפן אפשר אַ קו - האָט אים די מלחמה צוגעכאַפּט. ערגעץ ווו האָב איך אויך געהאַט אַ משפחה - און אויך וועגן מיין משפחה האָט נאַטאַשאַ געלאָזט פאַלן אַ זיפץ.

- אפשר - גאָט וועט געבן - וועסטו זיי אָפּגעפינען...

עס איז שוין געווען היפּשער פרילינג. די נעכט - פראָסטיקע, לבנהדיקע. די טעג, כמעט שוין וואַרעמע. אַ גרעזל האָט גענומען שפּראָצן. ביי מיר האָט אויך די האָפענונג גענומען אויפגיין, אַז ס׳וועט שוין לאַנג נישט דויערן, און מ׳וועט ווידער זען די היים.... היים האָט געהאַט טויזנט פּנימער, וואָס זענען אַרומגעשוווּמען אין דער פאַנטאַזיע, ווי אַ שיף, וואָס שווימט אַריין אין רעגנבויגן. אין איינער אַזאַ פרילינג נאַכט, האָב איך מיטאַמאָל דערשפּירט, ווי ס׳איז ענג געוואָרן אין בעטל. די ענגשאַפט אָבער איז געווען אַן איבעראַשנדיקע און אַן אָנגענעמע .

נאַטאַשאַ האָט מיר אייגערוימט אין אויער - ליג רואיק. וועק נישט אויף פאַווליקן. פון איר שווערן אָטעמען האָט מען אַרויסגעפילט, אַז פאַר איר איז עס געווען אַ געוואַגטקייט, אויף וועלכער זי האָט זיך סוף כל סוף פאַרמאָסטן. זי איז געווען אַביסל פאַרשעמט. איך - אַ ביסל איבעראַשט. ווען די פאַרשעמטקייט און די איבעראַשונג זענען פאַרביי - איז שוין געווען נאָך אַלעמען...

דאָך האָט זי נאָך אַלץ געפילט, אַז זי מוז עפּעס פאַרענטפערן: - האָב נישט קיין פאַריבל טייערער - צו לאַנג געווען אָן אַ מאַן... אַז פּיעטקע איז צוריקגעקומען פון קריג, האָב איך שוין ווידער געוווינט אין דעם אַלגעמיינעם באַראַק פאַר פריילידיקע. ווען ער האָט געהערט וועגן קוואַרטיראַנט, האָט ער דערפילט אַ באַדערפעניש אים אָפּצודאַנקען. מיר האָבן געטרונקען אַ לחיים און פאַרבליבן פריינד, ביזן טאָג ווען דער לאָקאָמאָטיוו האָט געטאָן אַ פייף, און מיר - די פליטים

זענען אָפּגעפּאָרן צום ווייטן האָריזאָנט פון אונדזער בענקשאַפט: אַ היים...

עוועלין האָט אויספּאַריכט אַלע פעלערן געמאַכט די באַמערקונגען, וואָס אַ לערערין איז מחויב צו מאַכן, מיט אַ רויטן בלייפעדער.

פאַר אירע אויגן איז געשטאַען שיפרין די זילבערנע האָר, די שוואַרצע האָרן-ברילן. זי האָט אים געוואָלט זען ווי אַ יונגן בחור, אים צוזאַמען מיט נאַטאַשאַן אין אַ פרילינגס נאַכט ערגעץ ווו הינטער די אוראַלער בערג.

- ווען איך בין נאַטאַשאַ ווי וואָלט איך זיך באַנומען? אויף אַ רגע האָט זי זיך פאַרטראַכט:

אויף דער פראַגע האָט זי נישט געקאָנט ענטפערן, אָבער אַ טיפע אינערלעכע סימפּאַטיע האָט זי פאָרט פאַר איר געהאַט, און זי איז אפילו גרייט געווען איר צו פאַרענטפערן....

# זיך אַרויפגעאַרבעט...

דער פֿאַרטאָג, אַ בלאַסער און קאַלטער, האָט זיך דורכגעריסן דורך די פענצטער, דורך די וועגעצישע רולעטן אין שלאָף-צימער אַריין. דאָס איז געווען איינער פון יענע ווינטער פֿאַרטאָגן, וואָס קריכן אַזוי אומבאַמערקט אַרונטער אונטער דער הויט און מאַכן דאָס בלוט פליסן לאַנגזאַמער, פֿאַרשלאָפן.

סעם האָט זיך אַרונטערגערוקט אונטער דער קאָלדרע, איינגענורעט אין זיין אייגענער וואַרעמקייט און - זיך געפוילט. די ביינער האָבן געקרעכצט מיטן סקריפּ פון מעטאַלענע זאַוויאַסעס, וואָס מען האָט שוין אַ לאַנגע צייט נישט געאוילט. יעדער סקריפּ האָט זיך צעשאָטן איבער זיין קערפּער און די הויט האָט זיך געגרונצלט. ערשט דאַן האָט ער דערפילט ווי מוראַשקעס וואָלטן שורותווייז מאַרשירט אַרויף און אַראָפּ איבער זיין רוקן. ערגעץ ווו אַרום זיין האַרץ איז אים געוואָרן פוסט און ער האָט אויף דעם אָרט אַרויפגעלייגט ביידע הענט, ווי וועלנדיק די פוסטקייט פֿאַרפולן!

אין דעם מאָמענט האָט דאָס גאַנצע לעבן, דאָס יאָגן זיך נאָך עפּעס וואָס מ׳קאָן עס נישט כאַפּן, אָט ווי אַ הונט יאָגט זיך נאָך זיין עק, זיך געשטעלט פֿאַר זיינע אויגן. דער אייביקער געיעג - דאָס וועלן אָנזאַמלען וואָס מער געלט, געלט... - כדי זיין ווייב זאָל קענען קויפן נאָך אַ קרישטאָלענעם סלאָיִק, נאָך אַ זילבערנעם לייכטער אָדער אַן אַנדער אומנוציק זילבער-שטיק, נאָך אַ בריליאַנטל...

און אַז מ׳האָט דאָס אַלץ, הערן די מוראַשקעס נישט אויף צו קריכן איבערן רוקן? קאָנען די פיס זיך שאַרן איבערן אָנגעוואַקסטן פֿאַרקעט פון קאַבאַרעט "עדען"? אַז פון גאַנצן טאָג לויפן איבער טרעפּן, פון שטייןביים שנייד-טיש, בענקען זיי נאָך רו, נאָכן ווייכן בעט.

די דאָזיקע געדאַנקען האָט סעם געטראַכט כמעט יעדן פרימאָרגן, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט נאָך פֿאַרן קלינגען פון וועק-זייגער. גלייכצייטיק האָט ער געפילט לעבן זיך דעם אויסגעוואַרעמטן קערפּער פון זיין פרוי. ער האָט אַ ווילע איבערגעריסן זיינע געדאַנקען און זיך צוגעהערט צו איר רעגלמעסיקן אָטעמען. זי איז געשלאָפן רואיק, ווי אַ מענטש וואָס האָט זייער ווייניק צו זאָרגן און זייער פיל פרייע צייט.

ווי קאָן עס אַ מענטש אַזוי רואיק שלאָפן? - האָט סעם נישט געקאָנט פֿאַרשטיין.

דאָס מאָל איז די מידקייט אין די ביינער אַזוי טיף פֿאַרקראָכן צוזאַמען מיט דער דרויסנדיקער קעלט, אַז ער האָט עס נישט געקאָנט מער פֿאַר זיך אַליין, אָפּפּאַטערן מיט אַ תירוץ, ווי ער פלעגט עס רופן: - פֿאַררעדן די ציין מיט אַ

ווייס-עך-וואָס, אָדער אָנווייזן אויף זיין ווייב - ווי דאָס שלאָפט עס אָן זאָרגן - פון דעם אַליין פלעגט ער אַריינפאַלן אין כעס און מיט רוגזה אַרויסשפּרינגען פון בעט.

היינט ווערט מען זיך אויסרוען, אין ד׳רערד מיט דער פּעקטאָרי! אַליאַדע שיקסע קאָן זיך מאַכן אַ "סיק-דעי" און אַוועק אין קינאָ, נאָר דער באַלעבאָס קאָן זיך דאָס נישט פאַרגינען.

סעם האָט גערעדט וועגן זיך, ווי וועגן אַ זייטיקן, אַ פרעמדן. עס איז אים ענג געוואָרן אין האַלדז און טרערן זענען אים שווער נישט געקומען אין די אויגן פון רחמנות אויף זיך אַליין. צופרידן פון זיין באַשלוס נישט אַרויסצוקריכן פון זיין בעט, האָט ער זיך נאָך טיפער פאַרקליבן אונטער דער קאָלדרע און גענומען דרימלען. דער וועק-זייגער האָט זיך מיט אַ מאָל צעשריגן מיט זיין טויבער, מעטאַלענער שטים.

סעם איז לויט דער אַלטער געוווינהייט אַרויסגעשפּרונגען פון בעט. מיט איין האַנט האָט ער אַ כאַפּ געטאָן די הויזן און מיט דער אַנדערער - אָפּגעשטעלט דעם זייגער. דאָס איז זיינע אַ געוווינהייט זינט ער איז געוואָרן אַ שניידער אין בזשעזשין. ער האָט זיך גענומען אָנטאָן.

- זיי נישט קיין יאָלד - האָט ער גערעדט צו זיך אַליין מ׳עט זיך אַריינכאַפּן צו אַ דאָקטאָר, און נאָך אפשר טאַקע היינט. זאָל ער דיר זאָגן, אַז דו ביסט פעט געוואָרן פון עסן יעדן זונטיק אַ געבראָטן קאַטשקעלע מיט אַ פּאָר פלאַשן ביר. ביסט נישט מער ווי פויל געוואָרן, און פטור אַן עסק!

* * *

סעם איז געגאַנגען איבער די האַנדלס-הייזער, געוויזן מוסטערן פון די פיין מאָדעלירטע פרויען-קאָסטיומען, וואָס זיין פירמע אַרבעט אויס. די דאָזיקע קאָסטיומען האָבן געהאַט די אייגנשאַפט, וואָס ביי סימעטריש געבויטע יונגע פרויען האָבן זיי אונטערגעשטראָכן זייער ווייבלעכן רייץ - די דינע טאַליע, און די פולע, רונדע ברוסטן. ווידער ביי די דיקע, ביי די, וואָס קאָנען נישטביישטיין דעם נסיון פון נאַשן אַ זיסן ביסן, אַ גוטן פרעס - ביי די מיט די ברייטע הינטנס און כמעט נישט אָנזעעוודיקע טאַליעס - ביי די פאַרדעקן די מאָדעלירטע קאָסטיומען דעם חסרון, אַז אויפן ערשטן בליק זאָל שווער זיין אָפּצושאַצן וויפל פונט איבעריק פלייש איז פאַרבאַהאַלטן אין די אַלע קנייטשן און אַרויפגענייטע, בלישטשענדיקע גלעזלעך, וואָס זעען אויס ווי פיש-שיפּן. די דאָזיקע פיש-שיפּן דאַרפן דאָס אויג פון מאַן אָפּציען פון דראַסטישע פונקטן. די דאָזיקע מוסטערן האָבן אָנגעמאָסטן מאָדעלקעס מיט געשניצטע פיגורן און אויסגעטאָקטע, רונדע גלידער.

סעמס בליק האָט זיך נישט געקאָנט פאַרהאַלטן אויף די קאָסטיומען, נאָר תמיד געזוכט אַביסעלע ווייטער... ער האָט וועגן די מאָדעלקעס געהאַט זיין מיינונג: - ווען מען העגגט אויף זיי אָן אַ זאַק, וואָלט עס אויך געהאַט אַ טעם. סע וואָלט געכאָליעט...

ער האָט אָנגענומען באַשטעלונגען, אונטערגעשריבן אָפּמאַכן און זיך געאיילט. לויפנדיק פון איין פירמע צו דער צווייטער, איז זיין בליק געפאַלן אויף אַ מעשענעם שילדל "דר׳ דזשיי. בי. סעמועל". ערשט דאַן האָט ער זיך דערמאָנט אין דעם צוזאָג, וואָס ער האָט זיך אינדערפרי געגעבן.

- געזאָגט איז געזאָגט - האָט ער זיך פאַרענטפערט פאַרן סוחר אין אים, וואָס האָט זיך באַמיט אָנצונעמען וואָס מער באַשטעלונגען און דערפאַר איז יעדע מינוט פאַרשווענדט אויף עפּעס אַנדערש, אַרויסגעוואָרפן געלט. - ווי לאַנג וועט דער אַלטער מיך באַלעמוטשען? אַ צען-פופצן מינוט, נישט מער. מען קאָן אים שוין. ער האָט אָנגעקלונגען.

דער דאָקטאָר סעמועל, אַ דערפאַרענער פון זיין לאַנגער פּראַקטיק מיט די עמיגראַנטן-שניידערס, האָט ביי זיך שוין געהאַט אַ פאָמולע, כמעט אַן אַקסיאָמע:

די שניידערס האָבן דורך יאָרן נישט נאָרמאַל עסן און לאַנגע נעכט ביי דער מאַשין, אָפּגעשפּאָרט מאָגן פּעלערס, אַ פּאָר פאַרקאַלכטע אָדערן און רעוומאַטיזם. זייערע ווייבער האָבן אָפּגעשפּאָרט, פּעטע גוידערס, שענק מיט קליידער און מאַנטלען, עטלעכע רינגען מיט טייערע שטיינער, אין וועלכן די זון שטראַלן צעשיטן זיך מיט די קאָלירן פון אַ רעגן-בויגן.

כאָטש ער האָט שוין יאָרן געהאַט צו טאָן מיט דעם סאָרט פּאַציענטן, האָט ער נישט געוווּסט אויף קלאָר צי די ווייבער ווילן זיך מיט דעם שיידן, כדי אַביסל געזונטער צו ווערן. פאַרקערט, אַז זיי קומען צו אים מיט זייערע קרענק, מוזן זיי אים גוט איינרעדן ביז ער קען די דאָזיקע קרענק געפינען. דאַן גיט ער זיי די רעצעפּט, נאָך וועלכן זיי זענען אייגנטלעך געקומען: פאָרן אויף זומער אין אַ פּענסיאָנאַט, דאָרטן וועלן זיי זיך קענען באַווייזן מיט דעם אַלעם, וואָס זיי האָבן דורך יאָרן איינגעקויפט, אָדער ווי זיי רופן עס, געקראָגן אַלס מתנות.

ערשט דאָ אין פּענסיאָנאַט וועלן זיי צוקריגן די ריכטיקע פּאָר פונט, כאָטש זיי נייטיקן זיך גאָר אין פאַרלירן זיי. די מענער אָבער, דאָס ווייסט ער אויף געוויס, זענען גרייט אַוועקצוגעבן דאָס גאַנצע באַנק ביכל, אַבי ער זאָל זיי באַפרייען פון דער דיעטע צוליבן מאָגן פּעלער.

דער דאָקטאָר האָט געהייסן סעמען זיך אויסטאָן, געקוועטשט ביי דער לעבער, צוגעלייגט דאָס טרייבל צו די לונגען, פאַוואָליע געקלאַפּט מיטן העמערל איבער סעמס קני. געהייסן אויפמאַכן ס'מויל, זאָגן אַאַ, געשטופּט הינטער דער מאַשין אין פינצטערן צימער.

ביידע, סיי דער דאָקטער און סיי סעם, האָבן געוווּסט אַז דאָס אַלץ איז איבעריק. סעם האָט געוווּסט, אַז סיי ווי וועט ער נישט פּאָלגן דעם דאָקטאָרס פאָרשריפטן, און פאַר דעם דאָקטאָר איז געווען קלאָר, אַז זיין פּאַציענט וועט שוין מיט זיין לעבנס-שטייגער פון איינרייסן אַ וועלט נישט איבעררייסן. ער וועט קיינמאָל נישט האָבן דעם מוט צו זאָגן גענוג, דאָ בלייב איך שטיין! עס איז דער אייביקער הונגער אינעם מענטש - האָט דער דאָקטער פילאָזאָפיש אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט - געלט-הונגער...

ביידע האָבן אויך געוווּסט, אַז נישט אין דער קני, נישט אין די לונגען, אפילו נישט אין דער לעבער וואָס איז שוין היבש איינגעטונקען אין שמאַלץ ליגט דער סוד פון סעמס היינטיקן וויזיט. דער דאָקטאָר האָט פאַרשטאַנען, אַז אַלץ וואָס סעם דאַרף פון אים האָבן איז אַ באַרואיקונג פאַרן געוויסן און אויך אַ וואָגיקן באַווייז פאַרן ווייב און באַקאַנטע: - דער דאָקטאָר האָט געהייסן, אומבאַדינגט...

דער דאָקטאָר האָט נישט ליב געהאַט אָט די דאָזיקע פּאַציענטן, וואָס זיין לאַנגיאָריקע מעדיצינישע דערפאַרונג און בילדונג ליגט זיי אין דער לינקער פּאה.

אפילו דאָס וואָס ער רעדט צו זיי ייִדיש, איז ביי זיי נישט אָנגעלייגט. זיי קומען צו אים, ער זאָל זיי אין זייערע אויגן פאַרשטעלן ווי חרוב-קראַנקע מענטשן, וואָס אויב זיי דרייען זיך נאָך אַרום אויף דער וועלט און טוען גאָרנישט זיך צו ראַטעווען, ברענגען זיי זיך פאַר אַ קרבן פאַרן ווייב אין קינדער.

דער דאָקטאָר האָט אויך געוווּסט, אַז: סוף כל סוף וועט סעם אויספירן ס'זייניקע. ווי די אַנדערע פירן ביי אים אויס. ווייל בטבע איז ער נישט קיין שלעכטער. נאָר זיין סאַטיספאַקציע וויל ער האָבן. עס זאָל זיי לייכט נישט אָנקומען. אַ דריי פערטל שעה האָט געדויערט דער וויזיט. דער דאָקטאָר האָט אויסווישנדיק די ברילן אַ זאָג געטאָן: - אייך, איז אייגנטלעך גאָרנישט, נישט מער, איר זענט אויסגעשעפּט, איבערגעמאַטערט. די לעבער איז אויך נישט אַזוי עט-עט... דאָס האַרץ - איר וואָלט געדאַרפט אַרויספאָרן אויף אַ פּאָר וואָכן אין די וואַרעמע געגנטן פון אויסטראַליע...

אַ צופרידענער איז סעם אַרויס פון דאָקטאָרס קאַבינעט.

* * *

דער הימל איז געווען קלאָר, אָן אַ שפּרענקעלע. אַזוי אויך ווייך-בלוי און דורכזיכטיק איז געלעגן דער ים, וואָס האָט זיך פויל געוויגט אין זיינע ברעגעס און פון צייט צו צייט אַ לעק געטאָן דעם גאָלדיקן זאַמד.

סעם איז געלעגן ביים ברעג פון ים אין קווינסלאַנד. אַרום איז געווען שטיל, ווי איינגעוויגט, פאַרשלאָפן. ערגעץ ווו אין מעלבורן ציטערן מענטשן פון קעלט, טוליען זיך צו די פאַנאַנדערגעברענטע קאַמינס און באַקלאָגן זיך אויפן וועטער. דאָ וואַרעמט די זון, גלעט די גלידער און פאַרברוינט זיי.

סעם קאָן זיך נישט דערמאָנען צי ער איז ווען אין לעבן געווען אַזוי זאָרגלאָז, אַזוי פריי ווי אַצינד, ליגנדיק איינגעגראָבן אין צעוואַרעמטן זאַמד.

מיט אַ זייטיקן קוים באַמערקבאַרן בליק האָט ער אויפגעכאַפּט די שפּאַצירנדיקע קאָלירטע באָד-קאָסטיומען, פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעקוקט שלאַנקע, בויגעוודיקע פיס. זיי האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן בלויען הימל, מיטן שפּיגלדיקן וואַסער-פלאַך פון ים און מיטן גאָלדיקן זאַמד ביים ברעג. ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז דאָס זענען וואַסער-מיידלעך אַרויסגעשווומען ביים ברעג זיך צו שפּילן מיט די זון-שטראַלן. עטלעכע פון זיי האָט ער שוין געקענט, און איינע האָט זיך שוין אפילו געוויגט אין זיינע אָרעמס איבערן פאַרקעט אין "ראָיאַל קאַפע".

ליגנדיק אַזוי ביים ים איז אים איינגעפאַלן, אַז אייגנטלעך האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט צו באַוווּנדערן אַנדערע פרויען, און ער האָט אפילו קיין צייט נישט געהאַט צו טראַכטן פון זיין אייגענעם לעבן, וואָס איז שוין אַ יאָר פערציק הינטער אים.

* * *

- אויפן וואַסער האָבן זיך געוויגט מעוועס. ניין, נישט קיין מעוועס. דאָס איז אַ בחורל אין אַ ייִדיש היטעלע געגאַנגען צו לייזער דעם שניידער, לייזער "נאַפּאַרסטעק", אַ יידל אַ קליינס, אַ דיקס, מיט אַ געשטופּלט פּנים ווי לעכלעך אין אַ פינגערהוט. דאָס בחורל האָט געהייסן ירחמיאל. עס איז געווען פאַרטאָג און

אַרבעטער זענען שנעל געלאָפֿן צו דער אַרבעט אין די פֿאַבריקן. ביי לייזער "נאַפּאַרסטעק" אין וואַרשטאַט איז ער געוואָר געוואָרן, אַז אויסער דעם שניידער וואַרשטאַט און דעם שטיבל ווו ער גייט יעדן שבת מיטן טאַטן דאַווענען, איז נאָך אַ וועלט פֿאַראַן, מיט גערטנער, מיט פֿעלדער, מיט שיינע מיידלעך און ביכער.

צוערשט האָט ירחמיאל זיך גענומען צו ביכער. פֿאַר אים האָט זיך אַנטפּלעקט אַ וועלט, אַ פֿרעמדע אַן אַנדערע און אַ צוציענדיקע. ער האָט אויסגעטאָן דאָס יידישע היטעלע, זיך גענומען קליידן קורץ. אַליין נישט וויסנריק ווי אַזוי, האָט ער גענומען - נאָכקוקן מיידלעך.

איר נאָמען איז געווען - כאַנטשע. אַ מיידל מיט אַ פֿעסטן, מאַנסבילישן טראָט, צוויי גרויסע מענערישע הענט פֿון מישן צעבערס, מעלקן קי און אָנלייגן היי אין סקירדעס. כאָטש מען האָט זי אין הויף גערופֿן די שוואַרצע כאַנטשע, איז זי מיט גאָרנישט ענלעך געווען אויף אַ יידיש קינד. ווען איר פֿאַמיליע איז אַריבערגעפֿאָרן פֿון דאָרף אין מאַירס הויף און פֿאַרנומען צוויי קליינע שטיבלעך הינטער לייזער דעם שניידערס וואַשטאַט - איז כאַנטשע שוין געווען אַ דערוואַקסן מיידל. עס האָט פֿון כאַנטשען געשמעקט מיט פֿרילינג, מיט ווינט און מיט דאָרפֿישע ברויטן געבאַקן אויף קליאָן-בלעטער. אירע געזונטע אברים, וואָס זענען אין דאָרף געוואַקסן פֿריי, און האָבן אין זייער רייפֿקייט געבענקט ווי נישט אויפֿגעאַקערטע שוואַרץ-ערד, די דאָזיקע גלידער האָבן זיך נישט געלאָזט פֿענטען, איינשרומפּן פֿון ענגע, שטאָטישע קליידער, נאָר אַויסרופֿעריש זיך געריסן דורך די געוואַנטן.

שבת-צו-נאַכטס זענען זיי געגאַנגען טאַנצן, אַ ביסל שפּאַצירן. זי איז געווען איינפֿאַך ווי אַ דאָרפֿס-קינד און צוגעלאָזן. ירחמיאל האָט איר דערציילט פֿון די געלייענטע ביכלעך, פֿון די רייד אין וואַרשטאַט. ס'איז אים נישט אויסגעקומען צו רעדן וועגן ליבע; הגם אין יעדן ביכל זענען די דאָזיקע ווערטער געווען, און ער האָט זיי געוווּסט פֿון אויסנווייניק. דאָס זענען געווען איבעריקע רייד - ווען זיי זענען געווען צוזאַמען. אַלץ איז געווען אַזוי נאַטירלעך, פּשוט, אפֿילו דאָס שווייגן.

די מלחמה האָט פֿון דעם שניידער-געזעלן געמאַכט מיט איין מאָל אַ דערוואַקסענעם און אים אַרויסגעיאָגט אין דער וועלט אַריין. זיי האָבן געשטעלט אַ חופּה. אַזוי האָבן טאַטע-מאַמע פֿאַרלאַנגט איידער זיי זענען אַוועק ווי פּליטים קיין רוסלאַנד. בייזע צינגער זאָלן נישט האָבן וואָס צו רעדן...

פֿון ירחמיאל איז געוואָרן סאַשע. דעם נאָמען האָבן אים געגעבן די אָרטיקע איינוווינער פֿון ווייטן קירגיזיע. הונגעריקע ים-פֿייגל האָבן גיריק געשלונגען די יאָרן פֿאַרלעבטע אין טיף רוסלאַנד. סאַשע האָט זיי נישט געקענט צונויפֿבינדן, אויסזדרן פֿאַר זיך. די מעוועס האָבן זיי געשלונגען. יאָר נאָך יאָר - זיי זענען סיי-ווי געבליבן הונגעריק - ווי ער איז עס דאָרטן געווען...

* * *

פֿון סאַשע, איז אין אויסטראַליע געוואָרן סעם בוקשפּאַן און קאָמפּאַני, קליידער מאַנופֿעקטורערס. ער און כאַנטשע.

די עלטער האָט זיך אויף זיי געלייגט.ביידע זענען אַ ביסל דיקער געוואָרן. ער זעט עס דייטלעך, כאָטש זי וויל עס נישט צוגעבן. טוט אַלץ כדי עס צו פֿאַרשטעלן. כאַנטשע, זאָגט ער צו איר אין שפּאַס, כאַנטשע, צוריק גייט אַ קאָזע...

זיי האָבן אַ באַקוועמע וווינונג מיט קאַרפּעטס אויף די דילן, שענקלעך מיט

זילבער-כלים, מיט געשליפענע קרישטאָלענע וואַזעס. אָבער די אַלטע שוואַכקייט זײַנע - אַריינצוכאַפּן ביז האַלבע נאַכט אַ ביכל - דאָס קענען זײַ אים נישט פֿאַרבייטן. פֿאַר איר אָבער איז עס דאָס גאַנצע לעבן. ער פֿילט, אַז הינטער די דאָזיקע שענקלעך וויל זי פֿאַרבאַהאַלטן איר דאָרפֿישן אָפּשטאַם, און מיט יעדער נייער וואַזע וואָס זי קויפֿט איין, ווערט אין די שענקלעך ענגער, די קרישטאָלן פֿינקלען שאַרפֿער, ראַשיקער - אַלץ טונקעלער, שאָטנדיקער ווערט די געשטאַלט פֿון דער אַמאָליקער כאַנטשע.

אפֿילו אין די קליידער וועלכע זי ווערט נישט מיד צו מאַכן און קויפֿן דריקט זיך אויס דער געשמאַק פֿון אַ דאָרפֿס-מיידל, וואָס זוכט נאָכצומאַכן דער שטאָטישער פּרוי. אין אירע קליידער דערקענט ער די הלבשה, וועלכע כאַטשע האָט שעהן לאַנג געקאָנט מיט באַוווּנדערונג שילדערן, ווי זי האָט עס געזען ביי דער אַמאָליקער פּריצטע, אין ווען הויף איר טאַטע איז געווען אַרענדאַר. ירחמיאלן האָט עס נישט געאַרט. ער איז געווען צופֿרידן, אַז כאַנטשע האָט עפּעס געקענט דערציילן, רעדן. זי פֿלעגט זיך דאָך אויך מיט נייגיר צוהערן, ווען ער האָט עפּעס פֿאָרגעלייענט פֿון די ביכער, וועלכע זי אַליין קען נישט לייענען. היינט דאַרף זי דאָס שוין נישט מער.

אין דער שטיל טוט סעמען הנאה, וואָס ביי איר זענען געבליבן צוויי אייגנשאַפֿטן, וועלכע זי קען נישט פֿאַרדעקן מיט די שענצטע קליידער און טייערסטע רינגען - דעם געזונטן דאָרפֿישן אַפּעטיט און די פּויערישע כיטרעקייט... ס'האָט אים אפֿילו נישט געאַרט, ווען זי האָט פֿון כעס אים גערופֿן: עשיו! - אַן אויסדרוק וואָס זי האָט מימגעבראַכט פֿון דאָרף. אין אַזעלכע מאָמענטן איז זי אים נאָענט געווען:

זיין אַמאָליקע כאַנטשע...

כאָטש ער איז סעם בוקשפּאַן און קאָמפּאַני, פֿונדעסטוועגן איז אים גוט זיך צו טרעפֿן מיט היימישע בזשעזשינער שניידערס, מאַכן אַ לחיים, זיצן מיטן ברייט-צעשפּילעטן קאָלנער און נישט דאַרפֿן זיפֿן די רייד, ווי אַרבעס דורך אַ זיפּ, נאָר לאָזן די שניידערשע צונג זיך ווילגיין.

- פֿאַר כאַנטשען אָבער טויגן נישט די פֿריינד. צופֿיל היימיש. אין אירע רייכע שטובן איז זי פֿאַר זיי אַלץ נישט מער ווי די שוואַרצע כאַנטשע. אַזאַ ווי זיי האָבן איר געקענט פֿון מאַירס הויף. די באַרעדעוודיקע שניידערס דערפֿילן באַלר די קעלט, וואָס בלאָזט פֿון כאַנטשען, נאָך מער פֿון די אויף גיך געשניטענע סענדוויטשעס, וועלכע זי סערווירט ווי פֿאַר צופֿעליקע און נישט געבעטענע געסט. און זיי האָבן אויפֿגעהערט צו קומען.

מוחל די טובה, האָבן זיי צווישן זיך גערעדט, דאָ קען זיך יעדער פֿאָזוואָליען אויף אַ שנעפּסל. וואָס געלט קען אַלץ מאַכן פֿון אַ מענטש - האָבן זיי גערעדט וועגן כאַנטשען און געהאַט מיטלייד מיט סעמען.

דערפֿאַר מוז סעם באַזוכן די נייע פֿריינד, וואָס כאַנטשע האָט זיך איינגעשאַפֿן. דאָרט דאַרף ער אָנטאָן אַ שטייף געקראָכמאַליעט העמד, אַליין זיצט ער אויך אַ שטאַרק אָנגעצויגענער, ווי אָנגעקראָכמאַליעט. די צונג איז שטייף ווי צוגעוואַקסן צום גומען און אַלץ וואָס זי טוט איז בלויז דורכצולאָזן דינע, איידעלע זופֿן שאַמפּאַניער. אין זיינע אויערן קלינגען נאָך איצט כאַנטשעס הילצערנע רייד, ווי די

דאָזיקע געזונטע, דאָרפישע מויד וואָלט געגאַנגען אויף קוליעס. וואָס אַן אמת, אויף פערד האָט זי זיך געקענט. כאָטש די אויסטראַלישע זענען אַ ביסל אַנדערש: פריצישע רייט-פערד... סיי-ווי, כאַנטשע האָט געוווּסט וואָס צו זאָגן ווען מען האָט גערעדט וועגן פערד...

סעם האָט אַרויסגעפילט, אַז וואָס מער זיין באַנק קאָנטע וואַקסט - אַלץ מער דערווייטערט זיך כאַנטשע פון אים. צוויי באַזונדערע, פרעמדע מענטשן, וואָס צוזאַמען האַלט זיי בלויז די רעם פון דער פאַמיליע. - וואָס איז אַזוינס פאַמיליע-לעבן? - האָט סעם פאַר זיך אַליין געוואָלט קלאָר מאַכן.

לעבסט אָפּ מיט אַ מענטש אַ האַלב לעבן און מיט אַ מאָל דערזעסטו, אַז מען איז צוויי וועלטן. קומסט אַהיים פון דער פאַבריק, קריגסטו דיין אָוונט-ברויט, ווי דאָס פערד דעם זאַק האָבער. פאַרגראָבסט דעם קאָפּ אין אַ צייטונג - נישטאָ וועגן וואָס צו רעדן. סעם האָט זיך דערפילט איינזאַם. איינער אַליין אין דער וועלט, אָן פריינד, אָן נאָענטע.

אָט איז ער אַ מענטש, מיט פליכטן פאַר אַ היים, אַ געשעפט, אין וועמענס מעכאַניזם ער איז נישט מער ווי אַ רעדל. קלאָר, אַ וויכטיק רעדל, אָבער נישט מער ווי אַ רעדל. דער דאָזיקער מעכאַניזם פאַרשלינגט כוח, טעג פון שווייסיקער אַרבעט און פּראָדוצירט געלט - צוליב וועלכן ער פאַרלירט אַ פריינד, אַ זייער נאָענטן, כמעט זיין צווייטן איך. ער האָט זיך דערפילט, ווי מען וואָלט אים צעשפּאָלטן אויף צוויי שטיקער.

סעם האָט זיך געוואָלט אַרויספּלאָנטערן פון פאַרכישופטן קרייז, אין וועלכן דאָס לעבן האָט אים פאַרפּלאָנטערט. ער האָט שוין כמעט ווי נישט געטראַכט. זיין לעבן האָט זיך ערגעץ ווו באַוועגט אין נעפּל. די ווייסע מעוועס האָבן איינגעשלונגען דאָס בחורל אין יידישן היטל און זענען פאַרשוווּנדן. ס'איז אים אויסגעקומען ווי ער וואָלט זיך אָפּגעריסן פון ברעג, אַרויסגעשווומען אויף די ברייטע וואַסערן פון לעבנס-טייך און מיט אַ מאָל איז אים קלאָר געוואָרן - דאָס שווימען האָט קיין זין נישט. דער ברעג איז אָבער פאַרשוווּנדן און דער צווייטער איז ערגעץ הינטער האָריזאָנטן...

# דער פּאַרמעסט...

נאָך דעם, ווי - דער מענטש האָט אַרויסגעריסן ביי דער נאַטור איינעם פון אירע טיף פאַרבאָרגענע סודות, וועלכן זי האָט אייפעריק אָפּגעהיט און געשפּאָלטן דעם אַטאָם - האָט ער דורך דעם באַקומען אין זיינע הענט אַ מעכטיקן כוח: אַ קוואַל פון אומבאַגרענעצטער ענערגיע, וועלכע איז נייטיק פאַר אויפהאַלטן די עצם עקזיסטענץ פון דער מענטשהייט. אָבער צוזאַמען מיט דעם, האָט ער באַקומען אין זיינע הענט די צעשטערערישע קראַפט, וואָס קאָן חרוב מאַכן די וועלט. דער מענטש האָט זיך געגרויסט מיט זיין אויפטו. ער האָט געיובלט. ער האָט באַטראַכט זיין דור (ער האָט אפילו געפּועלט ביי זיך צוצוגעבן: זיין יאָרהונדערט) ווי דעם סאַמע ווייכטיקסטן אין דער אַנטוויקלונג פון דער וויסנשאַפט, טעכניק, מעדיצין - אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. דאָס איז געווען דער אַריינפיר צו עריק ספּאַרקס טעזע, וועלכע ער האָט זיך פאַרנומען צו אַנטוויקלען.

אָבער אַ ווײַלע שפּעטער, נאָך דעם ווי דער אַראָמאַט פון זעלבסט-צופרידענער שיכרות האָט זיך אויפגעלייזט אין דער אַטמאָספער, און דער ניכטערער געדאַנק האָט אַריינגעבליקט אין שפּיגל פון נעכטן, ווו ער האָט דערוואַרט צו זען דעם מאָרגן - האָט דער מענטש דערזען דאָס, וואָס מען זעט געוויינטלעך איז אַ שפּיגל נאָך אַ נאַכט פון עקזאַלטאַציע. - אַ מידן מענטש, מיט עטוואָס גרויע האָר, ביי די שלייפן; קישעלעך אונטער די אויגן; אַ פּנים וואָס בענקט נאָך דער באַרירונג פון דעם גאָל-מעסער; פון אָפּגעשפּריצט ווערן מיט אַביסל קעלניש וואַסער, וואָס זאָל אויפמונטערן און אָפּפרישן די צעקנייטשטע הויט, וואָס הייבט אָן באַקומען דעם אָנבליק פון פאַרמעט.

ער האָט דערזען - הייסט עס - אין שפּיגל דעם זיך אַליין - וואָס אין מיליאָנען פאַרשריבענע בלעטער פון יאָרטויזנטער, ווערט ער באַצייכנט מיט פינף בוכשטאַבן; מ ע נ ט שׂ.

נאָך דער דאָזיקער אָפּשפּיגלונג, וועלכע איז פאַר אים געשטאַנען אויג אויף אויג, האָט זיך דער פאָרשער עריק ספּאַרק געכאַפּט, אַז דער זיג איבער דער נאַטור איז געווען בלויז אַ סטראַטעגישער מאַנעווער פון דער נאַטור גופא. זי האָט אָפּגעטראָטן אַ פּיצל פון איר טעריטאָריע. זי האָט אָפּגעגעבן עפּעס, וואָס זי וואָלט סוף כל סוף סיי ווי געמוזט אָפּגעבן, מחמת זי האָט שוין געזען ווו־הין עס פירט דאָס ביז אַהעריקע רייסן זיך פון דער וויסנשאַפט. - און אפשר האָט זי עס געטאָן צוליב קוריאָזיטעט, מחמת די נאַטור אַליין איז אויך נישט פריי פון שוואַכקייטן -

איז אײַנגעפֿאַלן עריק ספּאַרקן - אפשר איז עס פֿאַר איר געווען אַ בייזאַך. - נאַדיר דעם סוד!

קאָן זײַן; דער נאַטור אַליין איז געווען טשעקאָווע צו וויסן: - וועט דער מענטש צליב זײַן דערגרייכונג באַקומען אַ מער ניכטערן בליק אויף דער רעאַליטעט, און שכלדיקער אָרגאַניזירן זײַן לעבן, אָדער: ער וועט פֿון זײַן אויפֿטו אויספּלעכטן אַ שטריק, זיך אַליין אומצוברענגען?

דער פֿאָרשער עריק ספּאַרק האָט מיט פֿאַרגאַפּטן בליק געקוקט אויף דער שפּיגלדיקער פֿלאַך, אָבער באַלד האָט ער באַנומען, אַז זײַן געדאַנק נעמט זען קלאָרער, ווי זײַנע אויגן.

ער האָט דערזען די כיטרע שפּיל פֿון דער נאַטור, וואָס פּרובירט אָראָפּפֿירן דעם מענטש פֿון זײַן וועג, אויף וועלכן ער האָט זיך פֿאַרנומען כדי צו דערגרייכן די צילן, אויף וועלכע ער האָט זיך גאָר פֿון אָנהייב פֿאַרמאָסטן.

אין דעם אויגנבליק האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער האָט געכאַפּט די נאַטור ביי דער האַנט, ווי זי שטעלט אומישנע איבער די וועג-צייכנס. - איז עס אַ קאַטאָוועס אַזאַ - האָט עריק ספּאַרק געוואָלט פֿאַרשטיין - אָדער אַ ראַפֿינירטער גאַנג פֿון אַ געניטן שאַך-שפּילער וואָס ווייסט, אַז גאָר צום סוף וועט ער די פּאַרטיע פֿאַרשפּילן. דערווייל אָבער, געווינענדיק צייט - געווינט ער די אילוזיע פֿון געפֿינען אַן אויסוועג פֿון אַ סיטואַציע - אָן אַן אויסוועג.

די נאַטור - זעט אויס - וויל אײַנהאַלטן איר העגעמאָניע. זי קאָן דעם כאַראַקטער פֿון געווינער: ער וויל זיך מיט קיינעם נישט טיילן מיט דער גלאָריע פֿון זײַן טריומפֿאַלן זיג.

די נאַטור - ווי אַ פֿרוי - האָט עריך ספּאַרק זיך פֿאַרגונען אַ זייטיקן געדאַנק - וויל נישט אָפּגעבן איר לעצטן סוד, וואָס גיט איר דעם צויבער פֿון וועלן דעראָבערט ווערן. ווי לאַנג עס איז סוד, האַלט אָן די שפּאַנונג פֿון וועלן דעם סוד דעראָבערן. און עריך ספּאַרק האָט גערעדט צום שפּיגל פֿון דער צייט זײַער פּשוטע ווערטער:

- אָט זע איך - דער מענטש. קוק אויף מיר. אַנאַליזיר: ווי אַן אוגערקע, לאָמיר זאָגן - באַשטיי איך פֿון אזוי פֿיל און אַזוי פֿיל פּראָצענט וואַסער; אַ פּאָר פּראָצענט דאָרטן - אײַזן, קאַלך, יאָד און אַנדערע מינעראַלן, אָדער כעמיקאַלן. דאָס אייגנטלעך וויסן מיר שוין. טאָ ווו ליגט פֿאַרבאָרגן דער סוד וואָס שטעקט אין דעם מענטש? וואָרעם עריק ספּאַרק, ווי אַ וויסנשאַפֿטלער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ווען ער וועט צענעמען דעם מענטשנס אינטעלעקט, ווי מען האָט צענומען דעם אַטאָם, אָט דעמאָלט וועט ער קאָנען טריאומפֿירן איבער דער נאַטור און טאַקע איבער זיך אַליין. ער וועט דאַן קאָנען קאָנטראָלירן דעם מעכאַניזם - דעם אייגענעם איך. ווייל דער מענטש אין שפּיגל - דאָס איז דאָך ער אַליין - דער פֿאָרשער עריק ספּאַרק.

* * *

אין קאַבינעט נעמט טונקלען. אויף דער קאַנאַפּע דרימלט די קאַץ. די לעצטע שטראַלן פֿון טאָג ברעכן זיך אין קאַראַף פֿון ברענדי. זײַן געדאַנק, פֿון יאָרנלאַנגער

סכאָליאַסטישער אָנשטרענגונג, האָט זיך באַמיט אַנטקעגנצושטעלן זייטיקע נייגונגען, וועלכע שטערן. דער געדאַנק האָט אָבער נישט געקאָנט אָפּהאַלטן זיין האַנט פון אָנפילן דאָס ברענדי גלאָז מיט דער בורשטינענער פליסיקייט. זיין געדאַנק האָט געמאַכט קאָמפּראָמיסן מיטן אינטעלעקט.

מיט לאַנגזאַמע טריט איז ער צוריק געקומען צום שרייב-טיש און ווידער גענומען אָנוואַרפן די געדאַנקען אויפן פּאַפּיר - נאָכן קליינעם איבערייס. זיי וועלן אים דינען ווי מאַטעריאַלן פאַר דער פאַרטראַכטער טעזע. די באַדערפעניש צו פאַרמעסטן זיך מיט דער נאַטור האָט אָנגעצויגן זיינע געהירן ווי אַ בויגן, וואָס האָבן פון גוואַלדיקער שפּאַנונג גענומען ווייבירן - צו וואָס קלאַמערסטו זיך אַזוי שטאַרק אין דעם כוח צו מאַניפּולירן דעם מענטש? - האָט ער געגרעדט צו דער נאַטור, ווייל פאַר אים איז זי געווען עפּעס לעבעדיקס און שכלדיק און דעריבער האָט ער איר געשטעלט פראַגן.

נישט וואַרטנדיק אויף אַ תשובה, האָט ער צו איר ווייטער געטענהט: - זיי האָבן מיט דיר שלום געמאַכט, אַ, יאָ? אָבער נישט עריק ספּאַרק. כדי צו באַפרייען זייער געוויסן פון דער אָנשטרענגונג צו אַנטפּלעקן דיך, האָבן זיי באַצייטנס קאַפּיטולירט, דורך באַנוצן זיך מיט אַ טעאָריע: דאָס קאָנסטרוקטיווע און דעסטרוקטיווע האָבן זיך פאַרקליבן אין מענטשן און זיי קעמפן צווישן זיך. דאָס קלינגט איינדרוקספול. ספּעציעל ווען מען גיט צו אַז - גאָט האָט אַזוי באַפוילן...

ווען עליזאַ איז אַריין אין קאַבינעט פון עריק ספּאַרקן, איז ער געזעסן איבערן פּאַפּיר און מיט אַ פיבערדיקער האַנט נאָכגעיאָגט די געדאַנקען, וואָס האָבן זיך געריסן אין דרויסן אַרויס. זי האָט געררושלאָז אָנגעפילט איר ברענדי גלאָז, און זיך צוגעזעצט אויף דער קאַנאַפּע. נאָכן דורכפירן אירע פינגער איבער דער ווייכער פעל פון דער דרימלדיקער קאַץ, האָבן גענומען לויפן עלעקטרישע שטראָמען, וועלכע האָבן איר סטימולירט. איר פּאָספּאָרזירטער בליק האָט אָבסערווירט דעם טעמפּאָ פון זיין אַרבעט.

זי האָט גענומען אויספּרובירן איר רעאַקציע, בלויז דורך דעם, וואָס זי געפינט זיך דאָ אין צימער בלויז דורך זיצן אויף דער קאַנאַפּע און גלעטן די קאַץ. די עלעקטרישע שפּאַנונג פון אירע פינגער-באַוועגונגען איבער דער פעל פון דער קאַץ האָט אַרויסגעפינקלט פון אירע אויגן, וועלכע זענען געווען אָנגעשטעלט אויף. איין פונקט.

עריק ספּאַרק האָט פאַרהאַלטן דאָס פאַרצייכענען זיינע געדאַנקען, כאָטש דער שטראָם פון זייער פליסן האָט נאָך אַלץ געהאַט אין זיך די טרייב-קראַפט פון אַ וואַסערפאַל.

- די נאַטור שטעלט אַ ווידערשטאַנד - האָט ער שמייכלענדיק געטראַכט, פּילנדיק, אַז אָט, אָט וועט ער דערגרייכן דעם שווער-פּונקט פון איר אויבערהאַנט איבער אים. אָן שום באַדערפעניש, האָט ער אויף אַ רגע אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

אין דער טונקלקייט פון צימער האָבן אויף אים געקוקט צוויי גליענדע קוילן. דער לויכטנדיקער בליק האָט געררופן און באַצויבערט. דאָס געפיל איז אים נישט פרעמד געווען. דער בליק האָט אָנגעצונדן אַ פאַרבאָרגן ליכט אין מוח, וואָס האָט אַרויסגעשיקט אַ סיגנאַל צום געהעריקן פונקט: אויף דער קאַנאַפּע זיצט עליזאַ און זי וואַרט.

עריך ספּאַרק האָט אַוועקגעלייגט די פעדער. אין דעם ברענדי גלאָז זענען נאָך געבליבן עטלעכע טראָפּנס. ער האָט זיי אַראָפּגעשלונגען. - אַ מענטש מיט דערפאַרונג - האָט ער צו זיך, ווי אַ פאַרענפערונג, אַ זאָג געטאָן, וואָלט געדאַרפט קענען רעגולירן אָט די אימפּולסן, און נישט לאָזן איבעררייסן דעם שעפערישן געדאַנק...

אָבער אין דער זעלבער רגע האָט ער אויך געטראַכט: - אייגנטלעך וועט די נאַטור מיט אירע סודות נישט אַנטלויפן. זי וועט אפילו נישט עלטער ווערן, אָבער מיר... מיר.. מיר קאָנען אפשר פאַרשפּעטיקן...

אין אים האָבן גענומען אויפשטייגן אַנדערע פאַרלאַנגען, אָנגערעגט דורך אַ באַוווסטזיין, וועלכן ער האָט נישט געקאָנט באַהערשן.

דער שמייכל פון רעזיגנאַציע - דאָס איז געווען דער שמייכל פון שאַך-שפּילער, וואָס האָט זיך געראַנגלט און האָט פאָרט דערזען, אַז זיין קעניג איז אַרומגערינגלט...

צו זיך האָט ער אַ זאָג געטאָן, שוין אייגנטלעך אָן שום ציל, סתם אַזוי, מחמת קיינער האָט דאָך נישט פאַרלאַנגט פון אים קיין אויפקלערונג:

- די נאַטור האָט ווידער געוווּנען...

מיט לייכטע טריט האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער קאַנאַפּע, וווּ עליזאַ איז נאָך אַלץ געזעסן מיט דעם ברענדי גלאָז, אָן אויסצורײדן אַ וואָרט, בלויז מיט פאַרנעפּלטע אויגן נאָכגעפאָלגט זיין יעדע באַוועגונג.

# דער קלאַס פון 37-טן יאָר

זיסל איז נישט געווען דאָס שענצטע מיידל פון קלאַס, מחמת קיינער האָט נישט געקאָנט פאַרנעמען דאָס אָרט פון דער, וועלכער מ'האָט שוין לכתחילה גערופן מיטן אומאָפּפרעגבאַרן נאָמען: פופע.

צי זי האָט טאַקע אויסגעזען ווי אַ ליאַלקע איז געווען אָפּהענגיק פון דעם, פון וועלכן ווינקל מען האָט זי גענומען אונטערן שפּאַקטיוו: ווי אַלט דער פאַרליבטער איז געווען... סיי ווי - זי איז געווען אַ זאָרגלאָז-פריילעכע, אַ צוגעלאָזענע, מיט חן-גריבעלעך אין ביידע באַקן און זיך וואַרעם געטוליעט. דאָס איז אויך געווען אַ מין באַנעמונג וואָס האָט אונטערגעשטראָכן, אַז זי איז גאָרנישט אויסן - אָט: - באַוווּנדערט מיין שיינקייט...

ווען שילער פון אַנדערע שולן זענען געקומען באַזוכן די מיידלעך אין אינטערנאַט פון דער האַנטווערקער-שול, האָט זיך פופע טאַקע אָנגעזען. צו וועמען מען איז נישט געקומען, האָט מען קודם זיך אַרומגעכאַפּט מיט איר... דעריבער האָט קיינער נישט באַמערקט ווי אַזוי און ווען, פון צווישן אַלע מיידלעך איז דווקא זיסל געוואָרן דער צענטער, צו וועלכן ס'האָבן גראַוויטירט די בחורים.

ניאָמקע, דער מאַטעמאַטיקער פון טשעטשיקס גימנאַזיע איז טאַקע געווען דער ערשטער, וואָס האָט וועגן דעם געהאַט צו זאָגן: - זי איז געוואָרן דער צענטער, צו וועלכן די שילער האָבן אָנגעהויבן גראַוויטירן, כאָטש לויט דער לאָגיק האָט עס געדאַרפט זיין פופע.

- דערקלערן אַ מיידל לויטן שכל ה'לאָגיק - קאָן נאָר אַ טרוקענער מאַטעמאַטיקער, ווי ניאָמקע - איז אים איצל אַריינגעפאָרן אין די רייד - אַ מיידל איז דאָך נישט קיין פיגור אויפן שאַך-ברעט. איצל האָט פיינט געהאַט פאָרמולעס און לאָגיק - דערפאַר אָבער האָט ער ליב געהאַט מוזיק און מיידלעך. אָבער מודה געווען האָט ער זיך: - זיסל איז געקנאָטן פון גאָר אַן אַנדער טייג...

ניאָמקע גלייבערזאָן איז נישט געווען פון די בחורים וואָס גיבן אַזוי שנעל נאָך. - זיסל האָט איר אייגענע ביאָלאָגישע טעאָריע, און לויט איר באַהאַנדלט זי אירע פריינד. פאַר איר זענען בכלל נישטאָ קיין בחורים-מיידלעך, נאָר חברים און קעגנער. זי צעטיילט די געזעלשאַפט לויט קלאַסן און פאַרטייען...

- זיסל האָט היפּשלעך פאַרשפּעטיקט מיט איר טעאָריע - האָט דערויף איצל באַמערקט - ווען גאָט וואָלט איבערגענומען זיסלס טעאָריע וואָלטן פּאַסירט צוויי זאַכן: - ערשטנס - וואָלט בכלל קיין וועלט נישט געווען, צווייטנס - וואָלט ער אָנשטאָט מענער און פרויען, באַלד אָנגעפילט דעם גן-עדן מיט סאָציאַליסטן,

קאָמוניסטן; בונדיסטן ציוניסטן - און עסט קינדערלעך גראָז, און פירט דעבאַטן. אַזאַ יאָר אויף מיר, ווי ער האָט געהאַט מער שכל: ער האָט באַשאַפן מענער און פרויען צוליב גאָר אַנדערע צוועקן, ווי פירן פּאָליטישע דעבאַטן...

מעגלעך: זיסל האָט אפשר יאָ געוווּסט, וועגן וואָס חברה שפּאַרן זיך, הגם זי האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרטראַכט וועמען צו געבן גערעכט; ס'איז געווען דאָס יאָר 1937. די וועלט האָט געצאַפּלט אין פּאָליטישע קאָנוווּלסיעס, ווי אַ שווער קראַנקער. די יוגנט האָט געפלאַטערט מיט אידעאָלאָגיעס; געשלונגען פּאָליטישע לופט, וואָס איז פול געווען מיטן ריח פון דינאַמיט, און געשפּיגן מיט פייער. דערפאַר טאַקע האָט עס גאָר אָפּט פּאַסירט, אַז נישט איין בחור וואָס איז געקומען זען אַ מיידל אין אינטערנאַט, האָט געלאָזן זיצן "דאָס פּראָבלעם" און מיט אייפער זיך אַריינגעלאָזט אין וויכוח מיט זיסלען, פאַרגעסנדיק צוליב וואָס, מיט וועלכער כוונה ער איז דאָ לכתחילה געקומען...

* * *

ביי באָיאַרסקין אין קינאָ האָט מען געוויזן דעם פילם "טונעל", אין אַ סעאַנס פאַר שילער. זעליק שטיין, דער שילער פון דריטן יאָר "רעמעסלנע" האָט אין דער טונקלקייט פון קינאָ דערזען עפּעס, וואָס איז געווען נישט נאָר אויסער די ראַמען פון עקראַן, און פון דער געשיכטע, וואָס האָט זיך דאָרט אָפּגעשפּילט, נאָר טאַקע אויסער די ראַמען פון דעם סדר, וועלכן ער - זעליק שטיין, האָט געוואָלט די יוגנט זאָל זיך פירן.

זעליק שטיין איז שוין געווען - קאָן מען זאָגן - כמעט אַ דערוואַקסענער. ווי נאָר ער האָט געטראָפן די שילער פון דער האַנטווערקער-שול, ביי דער אַרבעט אין וואַרשטאַט; אויפן איבעררייס - אַלע זיינע געדאַנקען האָבן געהאַט איין פונקט: - די יוגנט פאַרטאַכלעוועט צייט אויף פוסטע זאַכן, אַנשטאָט אָפּגעבן זיך מיט ענדערן דעם סדר פון דער וועלט... די מענטשהייט, אַלץ דאַרף געטאָן ווערן פאַר דער מענטשהייט און נישט כדי צו באַפרידיקן קליינלעכע אַמביציעס. דאָס ציט אָפּ די יוגנט פון איר הויפּט אויפגאַבע אין לעבן...

ווען ער האָט אויפגעכאַפּט, וואָס די בחורים זאָגן אַלץ וועגן זיסלען, האָט ער מיט גרויס רעספּעקט אַ טראַכט געטאָן: - אָט דאָס איז עס... אַזוי דאַרף זיין די יוגנט... איז וואָס-זשע האָט דערזען זעליק שטיין אין דער טונקלקייט פון באָיאַרקיס קינאָ?

ער האָט דערזען - דאָ, ממש פאַר זיינע אויגן - ווען אויפן עקראַן שפּילט זיך אָפּ די דראַמאַטישע סצענע פון דורכברוך, אין וועלכע ער האָט געזען דעם סימבאָל פון דער נייער אָרדענונג פון וועלכער עס טיילט אָפּ אַ שטיינערנע וואַנט - אין דעם דראַמאַטישן מאָמענט פון עקזאַלטאַציע האָט ער דערזען, ווי עס זיצט אַ"מעגעלע" פון צווייטן קלאַס, זיין האַנט פאַרלייגט אויפן פּלייצע פון אַ מיידל, און זיי פילן זיך אַזוי היימיש, ווי היימיש מען קאָן זיין אין דער טונקלקייט פון אַ קינאָ.

* * *

דער נאָמען האַנטווערקער-שול - וואָלט פאַרבליבן סתם אַ נאָמען פאַר אַ שול -

אויסצובילדן פּאַכלייט; אַ סטאַטיסטיק - אויב עמעצער וואָלט זיך אונטערגענומען איבערצוציילן די יידישע פאַך-שולן אין פּוילן. אָבער די שול, האָט מען גערופן: "רעמעסלנע". אַ שילער פון דער שול וואָלט פאַרבליבן אַן איינס אין דער פנימלאָזער סטאַטיסטיק, ווען ער הייסט נישט: אייזיק "שמאַלץ", אָדער שלמה "ביקל", אָדער איזיע "קיבעבע", אָדער נאָטע "דער ווילדער שאָס".

אַזוי טאַקע וואָלט אַ לערער, ווי יעדער - וואָס טראָגט דעם נאָמען לערער פאַרבליבן איינער פון די, וואָס גיט זיך אָפּ מיט לערעריי, אָן אַן אייגענעם קען-צייכן. אָבער נישט אַ לערער פון דער "רעמעסלנע". דאָ האָט שוין אַ לערער געהאַט נישט בלויז אַ נאָמען, נאָר טאַקע אַ כאַראַקטעריזאַציע, וואָס האָט אים אויסגעטיילט פון אַנדערע לערער. אָט נעמט דעם מאַטעמאַטיק-לערער. ער האָט געהאַט זיין סיסטעם.

אַז מיר וועלן נעמען אָט וואָס - האָט ער אָנגעוויזן אויפן טאָוול - און טאָפּלען אויף אָט וואָס - וועלן מיר באַקומען - אָט וואָס... דערויף האָט נאָטע "דער ווילדער שאָס", וואָס קאָן בדרך הטבע נישט זיצן רואיק, געפילט פאַר נייטיק צו באַשטעטיקן: אַז מען זעט עס באַשיינפּערלעך...

דער דאָזיקער באַשיינפּערלעך איז אים גלאַט נישט אַדורך - מחמת דער לערער האָט אויך געהאַט זיין דרך הטבע - צו רייסן ביי די אויערן... און נאָך עפּעס: דער לערער וואַסערמאַן איז געווען אונדזער קלאַסן דערציער, וואָס דאַרף נישט בלויז אַכטונג געבן אויף דער אַקאַדעמישער זייט פון אונדזער דערציאונג, נאָר אויך אויף דער מאָראַל און גוטע מאַניערן, מיט וועלכער דער קלאַס האָט זיך נישט אויסגעצייכנט.

פאַסירט אַמאָל: די "רעמעסלנע" האָט איינגעלאַדן די האַנטווערקער שול פאַר מיידלעך אויף אַ פילם-אָוונט, אין גרויסן זאַל פון דער שול. נאָך אַלעמען - איז דאָס יאָר 1937 נישט געווען מער דאָס יאָר פון אָפּגעשטאַנענקייט... נאָר ווייל דער לערער וואַסערמאַן האָט געקאָנט זיינע תלמידים, און ווייל מיר האָבן שוין אַביסל פריצייטיק גענומען אַרומדרודערן, האָט ער - ווי אַ דערציער - געפונען פאַר נייטיק אונדז באַצייטנס צו וואָרענען: - יינגלעך - האָט ער אָנגעהויבן זיין רעדע - אָנווייזנדיק מיט אַ פינגער וואָס וואָרנט אויף דער זייט ווו מיר זענען געזעסן - יינגלעך - אַז איר וועט זיך אויפפירן ווי גאַסן-יינגלעך, וועט מען אייך שיקן צו גאַסן-מיידלעך... נאָך אַזאַ אַריינפיר, האָט ער שוין -- פאַרשטייט זיך מער גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן, ווייל מען האָט אים סיי ווי, מער נישט געהערט צוליבן טומל פון די רייען ווו די מיידלעך זענען געזעסן.

די יינגלעך האָבן גאָרנישט געהאַט צו דערווידערן קעגן דעם פאָרשלאַג, און זענען דעריבער געזעסן רואיק, אפילו געשמייכלט דערביי. אַז די מיידלעך האָבן זיך לסוף אַביסל באַרואיקט, האָט זיך דער לערער נאָך אַלץ נישט געפילט באַקוועם, ווייל ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט אויפקלערן, וואָס ער האָט אייגנטלעך געמיינט, ווען ער האָט געזאָגט...

ווי יעדער שול, האָט אויך די "רעמעסלנע" געהאַט אַ דירעקטאָר, און ווי קאָן מען אים פאַרבייגיין? עס איז נייטיק צו וויסן, אַז ביים דירעקטאָר אין קאַבינעט איז געווען אַ טעלעפאָן אויפן וואַנט, און אַנטקעגן איז געזעסן ביי אַ טיש די סעקרעטאַרין פון "רעמעסלנע", די פריילן דאָדיוק, צוליב וועלכער יעדער פון

אונדז האָט געזוכט אַ תּירוץ, ער זאָל קאָנען אַריינקומען אין קאַנצעלאַריע. האָט מען טאַקע אַמאָל באַמערקט, ווי דער דירעקטאָר רעדט דורכן טעלעפאָן. ער האָט זיך פאַרנייגט, אַראָפּגענומען פאַר יענעם דעם הוט און מיט גרויס ערנסטקייט געלאָזט וויסן, אַז:

- דאָ רעדט דער אינזשיניער משה באַסעוויטש, פון דער יידישער האַנטווערקער-שול, וועלכע געפינט זיך אויף דער גאַס נאַדבזשעזנאַ צווייאונפופציק...

צוזאַמען מיטן אינזשיניערן-דיפּלאָם, האָט ער אין די לענדער ווו ער האָט שטודירט, אָפּגעשפּאָרט אויך אַ סענטימענט פאַר זייער שפּראַך און קולטור. במילא איז שוין פויליש נישט געווען זיין מוטערשפּראַך אפילו נישט זיין שטודיר-שפּראַך. מיט אונדז האָט ער געלערנט מעכאַניק און טעכנאָלאָגיע. פּילבאַר פאַרן דירעקטאָרס נאָסטאַלגיע, האָט מען ביים אויסרופן די קלאַס-רשימה געענטפערט אויף דייטש.

- אייזיק גלאַזמאַן - איז דער ענטפער געווען: אַנוועזנד.
- שלמה נאָוויק - אָפּוועזנד.
- וועלוול זאַגער - אַפּוועזנד.

אין איינעם אַ ווינטערדיקן פרייטיק פרימאָרגן, האָט מען אויך געמוזט זיך אַרויסהעלפן מיטן דירעקטאָרס אַנדערע נאָסטאַלגיע, וואָס איז געווען - דאָס אַלטע צאַרישע רוסלאַנד. עס האָט געשנייט. דער פלאַכער דאַך, אויף וועלכן ס'איז אַרויס דאָס פענצטער פון קלאַס איז פול געוואָרן מיט ווייסן, פוכיקן שניי, וואָס האָט אויסגעזען אומשולדיק און צוציענדיק. האָבן חברה נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון, אויפגעמאַכט דאָס פענצטער, און צווישן אַ יאָ און אַ ניין האָט זיך צעפלאַקערט אַ מלחמה מיט שניי-קוילן, און די ווייסע, האַרטע "סניעזשקעס" זענען געפלויגן אַהין און צוריק, כאָטש עס איז שוין געווען היפּש נאָכן גלאָק, אויף וועלכן קיינער האָט סיי ווי קיין אַכט נישט געלייגט. ערשט ווען אַזאַ "סניעזשקע" האָט געטראָפן דער לערערין פון פויליש, וועלכע איז נאָר וואָס אַריין אין קלאַס - און געטראָפן אין אַן אויג, און אַראָפּגעוואָרפן אירע ברילן - ערשט דעמאָלט האָט מען זיך געכאַפּט, וואָס מ'האָט דאָ אָפּגעטאָן...

די צווייטע שעה איז געווען מעכאַניק. מען האָט געוואַרט אויפן פּסק-דין פון דירעקטאָר. געוווסט האָבן מיר דעם דירעקטאָרס מיינונג וועגן אונדז, וואָס מען מוז מודה זיין - איז געווען נישט גאָר קיין געהויבענע. ווען ער איז געווען אין אַ גוטער שטימונג, האָבן מיר ביי אים געהייסן: - דער פריזירער פאַריין...

דעם נאָמען האָבן מיר זיך פאַרדינט, מחמת ביי פאַרשידענע מלוכישע פאַראַדן, ווען שילער דאַרפן מאַרשירן האָבן אַלע שילער זיך באַוויזן אין זייערע אוניפאָרמען. די "רעמעסלנע" האָט אויך געהאַט אַן אוניפאָרם, אפילו ווען דאָס איז בלויז געווען אַ ברוין, סאַמעטן היטל מיט אַן אויסגעהאַפטענעם מגן-דוד אינמיטן. נאָר ס'האָט זעלטן ווער געגומען זיך די טרחה צו קויפן אַזאַ היטל. איז שוין במילא אויסגעקומען, אַז יעדער האָט געטראָגן אַזאַ היטל, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. ווען דער דירעקטאָר האָט געכאַפּט אַ קוק אויף די אויסגעשטעלטע רייען, אויף דער קאָלעקציע פון היטלען, מיט וועלכע מיר האָבן זיך פּרעזענטירט, האָט ער זייטיק באַמערקט: - פּונקט ווי אַ פריזיער פאַריין...

און געזאָגט האָט ער עס, אָן אַ טראָפּן באַגייסטערונג...
נאָך פאַרן קלונג זענען שוין אַלע געזעסן אויף די ערטער, וואָס דאָס אַליין איז שוין געווען אַן אויסדרוק פון חרטה. דער דירעקטאָר איז אַריין אין קלאַס. דער טונקעלער וואָלקן, וואָס איז געווען פאַרצויגן איבער זיין פנים, האָט אָנגעזאָגט דעם קומענדיקן שטורעם. מיט אימפּעט האָבן מיר זיך אויפגעשטעלט, אים צו באַגריסן. עמעץ האָט אָנגעהויבן, און אין אַ רגע האָט שוין דער קלאַס געדונערט, ווי אַ ראָטע זעלנער:
- "זדאָראָוויאַ זשעלאַיעם, וואַשע וויעליטשעסטוואָ!"
פון וואַנען האָבן זיך די ווערטער גענומען? ווער האָט זיי אונטערגעזאָגט? אַלע אויגן - ווי רעפלעקטאָרן זענען געווען אָנגעשטעלט אויפן דירעקטאָר. ער איז געשטאַנען אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע, אין זיין אויג האָט געפינקלט אַ טרער פון גערירטקייט... מצד די שילער האָט דעם דירעקטאָר נישט געפעלט קיין צרות. די לערער זענען אויך נישט אָפּגעשטאַנען.
מיטן אינזשיניער ראָזמאַן האָט דער דירעקטאָר געפירט אַ כסדרדיקע מחלוקה וועגן זיין זייגער, וואָס האָט זיך תמיד געשפּעטיקט, אָן שום באַרעכטיקונג, און דערפאַר איז ער תמיד געקומען שפּעט אין שול אַריין. דער אינזשיניער ראָזמאַן האָט געהאַט אַ שווער שטיקל אַרבעט איבערצוצייגן דעם דירעקטאָר, אַז זיין זייגער שפּעטיקט זיך טאַקע. ער האָט אים אַרויסגעצויגן פון טאַש, ווי אַן אומצווייפלהאַפטן באַווייז און אָנגעוויזן: -- נאַט זעט אַליין...
ער האָט זיך געהאַלטן ביי ס'זייניקע אפילו דאַן ווען יעדער האָט געוווּסט, אַז פונקט 12 בייטאָג האָט די פייערלעשער סירענע אָנגעזאָגט דער גאַנצער שטאָט, ווי שפּעט עס איז. אַלע האָבן זיך באַנוצט מיט אָט דער צייט, אפילו די - מיט אייגענע זייגערס, דאָס האָט דער דירעקטאָר געוואָלט וויסן: - נישט געהערט די סירענע, האַ?
- ווי איך בין אַ ייד, נישט געהערט - האָט ראָזמאַן געענטפערט.
אין זיינע סטודענט-יאָרן, האָט דער דירעקטאָר אויך קיין האָניק נישט געלעקט, און דעריבער האָט מען וועגן אים נישט געקאָנט זאָגן, אַז ער לאָזט זיך פירן פאַר דער נאָז; אַז מ'קאָן אָפּקומען גלאַט מיט אַ תירוץ, וואָס איז אויסער יעדער לאָגיק. מיט געדולד און אויסדויער האָט דער דירעקטאָר זיך אונטערגענומען צו באַווייזן, אַז ער קאָן זיך אויף אָט די קונצן. און טאַקע:
אַראָפּקוקנדיק פון דער אויבערשטער באַלוסטראַדע האָט ער געזען ווי דער לערער ראָזמאַן גייט מיט די טרעפּן אַרויף צו זיין לעקציע. ער נעמט אַרויס זיין טאַשן-זייגער, טוט אַ קוק אויף דער צייט, כדי צו זיין זיכער - אויף וויפל ער האָט פאַרשפּעטיקט, און דרייט צוריק די ווייזערס... פון אָט דער אַנטדעקונג האָט דער דירעקטאָר קייז סוד נישט געמאַכט...
די מעשה מיטן זייגער איז בלויז געווען דער אַריינפיר צום ריכטיקן ספּעקטאַקל, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט יעדעס מאָל, ווען דער לערער ראָזמאַן האָט פאַרלאַנגט, אַז שכירות זאָל מען אים צאָלן דירעקט, טאַקע אין האַנט אַריין.. -- אַזוי ווי מען ציילט אין אַ טייסטער געלט? - האָט דער דירעקטאָר געוואָלט וויסן...
לויטן דירעקטאָרס איינזען איז געווען מער יושרדיק מען זאָל אויסצאָלן ראָזמאַנס פרוי, וואָס האָט קינדער עסן צו געבן.

- אַ מענטש ווי איר - האָט ער געמוסרט ראָזמאַנען, דאַרף וויסן ווו ער האַלט אין דער וועלט... האָט עס ראָזמאַן נישט געוווּסט? ווען דער דירעקטאָר פרעגט עס אונדז, די שילער פון צווייטן יאָר "רעמעסלנע", וואָלטן מיר עדות געזאָגט, אַז דער לערער ראָזמאַן ווייסט שוין זייער גוט, ווו ער האַלט אין דער וועלט. מיר וואָלטן אים אפילו געקאָנט "עפענען די אויגן" אויף דער סיבה, צוליב וועמען דער לערער פאַרשפעטיקט יעדן טאָג. נאָר מיר האָבן זיך נישט געמישט אין יענעמס געשעפטן...

אין אַן אָפּערע האָט דער כאָר די אויפגאַבע, פון צייט צו צייט אַריינברענגען שטימונג, וואָס העלפט צו דער אַנטוויקלונג פון דער דראַמע. כאָטש די שילער פון צווייטן יאָר זענען נישט געווען קיין אָפּערע-כאָר, האָבן זיי דאָך געהאַלטן פאַר נייטיק אַריינצוברענגען אין קלאַס די שטימונג פון דער דראַמע. אין מיטן פון דער לעקציע, ווען אינזשיניער ראָזמאַן דערקלערט די באַשטאַנדטיילן פון מעש און קופּער; דעם פּראָצעס פון צונויפשמעלצן זיי אין אַ ספּעציעלן בראָנדז מעטאַל, אין וועלכן מען נייטיקט זיך ביים בוי שיפן, טאַקע דאַן ווען די פאָרמולע און די פּראָצענטער זענען פון אונטערן קרייד אַרויפגעקומען אויפן טאָוול, האָט אין דער שטילקייט פון קלאַס עמעצער געזומען ברומען אַ פּאָפּולער גאַסן-לידל אויף פּויליש: - "עך טי מאָיאַ רוזשאַ, אָטשי טשאַרנע מאַ - דליאַ מעניאַ דאַ, דליאַ מניע, דאַ - ווּשיסטקאָ טאָ - צאָ מאַ".(אַך דו מיין רויז, וואָס האָט שוואַרצע אויגן, זי וועט מיר געבן אַלץ, וואָס זי פאַרמאָגט) דער לערער האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. וואָס האָט ער געקאָנט דערווידערן? זענען מיר דאָך אים נאָכגעפּאָרן אין אַ שיפל אויף דעם טייך פינע; געהאַלטן אַן אויג אויף די צוויי, ביז זיי זענען פאַרשוווּנדן צווישן די הויכע וואַסער גראָזן...

צופיל אָבער, איז מען אים נישט געקראָכן אין די ביינער. מען האָט געדענקט, אַז צום לערער ראָזמאַן דאַרף מען אָנקומען מיט זאַכן, פון וועלכער דער אייגענער טאַטע טאָר נישט וויסן. און דאָ האָט טאַקע ראָזע, די קראַנקן-שוועסטער פון דער "טאָז"-אַמבולאַטאָריע אַרויסגעהאָלפן. צוערשט האָט ער אַזאַ בחור אָפּגעמאָסטן מיט אַ בליק, וואָס האָט געטראָגן אין זיך אי אַ פראַגע, אי אַ פאָרוואורף: -ווו האָסטו עס חברה-מאַן אונטערגעכאַפּט און עפּעס דאָרטן מיט אַ ביליקער שטיק...

און מיט באַדויערן האָט ער צוגעגעבן: - צוליב דריי מינוט פאַרגעניגן, וועסטו איצט דריי חדשים מוזן ליידן...

* * *

אין באַיאַרסקיס קינאָ האָט מען געוויזן דעם פילם "טונעל", פאַר די שולן.

אַ "מעגעלע" פון צווייטן יאָר "רעמעסלנע" איז געזעסן אין קינאָ, מיט איין האַנט אַרומגענומען די פּלייצע פון אַ מיידל: אַזאַ זאַך האָט זיך געלייגט אויפן שכל.

זעליק שטיין האָט שוין אויפגעגעבן די האָפענונג, אַז אים וועט געלונגען באַווייזן דער יוגנט אַז דאָס איז נישט דער ריכטיקער וועג; אַז צוליב פּערזענלעכע געפילן ווערט פאַרטאַכלעוועט אַ וויכטיקע אויפגאַבע, וועלכע די יוגנט האָט צו דערגרייכן, אין דעם אומרואיקן יאָר פון 1937. ער האָט פאַרלוירן די האָפענונג, אַז די מענטשהייט קאָן עפּעס דערוואַרטן פון די שילער פון דער "רעמעסלנע", די קומענדיקע פּראָלעטאַריער, וואָס קאָנען זיך נישט צעשיידן מיט דער מענטאַליטעט

פון אַ "מעגעלע". זיין גלויבן אין דער יוגנט האָט אפילו נישט צוריקגעשטעלט דעם קלאַנג, אַז ס'איז פאַרשווונדן פערלשטיין, דער "מעגעלע" פון צווייטן יאָר, נאָך דעם ווי מען האָט דערשאָסן אַ פּראָוואָקאַטאָר אין אַ דראָזשקע אויף זאַוואַלנע גאַס...

אפשר האָט זיך שוין צווישן די צוויי, וואָס זיצן פאַר אים, אויך אָנגעהויבן אויסּפּיקן אַ ליבע. מאַלע וואָס עס נעמט זיך אויספּיקן אין דער טונקלקייט פון אַ קינאָ. נאָר מיטאַמאָל האָט ער זיך געכאַפּט - אַז דאָס מיידל איז זיסל.

-- זי אויך?!

די קאַטאַסטראָפע אין טונעל וואָס ער האָט נאָר וואָס בייגעוווינט, האָט אים אויסגעזען ווי אַ קליינער פאָרפאַל, אויפן וועג צו אַ גרויסער אידיי, אַנטקעגן דער קאַטאַסטראָפע פון זיין גלויבן, וואָס נעמט זיך קרישלען פאַר זיינע אויגן. - זי אויך?

אין דער טונקלקייט פון קינאָ האָט זיך אים גענומען אויסדוכטן, אַז אָט: פאַר זיינע אויגן ווערט דורכגעבראָכן אַ מאָראַלישע וואַנט אין זיינע אַלע האָפענונגען צו זען אַ קעמפערישע יוגנט, ווערן פאַרשאָטן אונטער די שטיינער פון דער קרישלענדיקער וואַנט. ניין. ער האָט נישט געקאָנט בלייבן גלייכגילטיק צו דעם פאַקט. ער קאָן נישט פאַרבלייבן בלויז אַן עדות, ער מוז עפּעס טאָן דערצו.

מיט איין שנעלע באַוועגונג האָט ער אַראָפּגענומען דעם בחורס האַנט פון זיסלס פלייצע...

* * *

- אפנים - די אויפגאַבע וואָס דאָס לעבן האָט אַרויפגעלייגט אויף זעליק שטיינען, איז נישט געווען צו זיין אַ רעוואָלוציאָנער און מאָראַליסט. צוליב דעם טאַקע האָט ער געהאַט צו זינגען און צו זאָגן, אין דעם פּלאָנטער אין וועלכן ער אַליין איז פאַרקראָכן...

# דער לעצטער אַקאָרד

פון דער קאַפּע אונטער די קליאַנען האָט זיך געצויגן אַ וויינענדיקער ניגון, וועלכער איז אַריבער אין אַ פּריילעכס, און האָט עפּעס אין זיך ווי אַ ראַפּסאָדיע אָדער ציגיינער-מוזיק. די ביינערדיקע קלאַווישן פון אַקאָרדיאָן, באַפּוצטע מיט פּערלמוטערנע בלומען, האָבן זיך מאַיעסטעטיש באַוועגט אונטער זאַכאַריעס געניטע פינגער. די געסט אין דער קאַפּע האָבן גענאַשט אייזקרעם, קאַווע מיט קוכן, געררוויכערט, און פון צייט צו צייט אונטערגעהאַלטן זיך מיט דער רויטהאָריקער זשעניאַ, וואָס אין אגב געווען די באַלעבאָסטע און מיט וועלכער אַלע זענען געווען באַפריינדעט. די קליאַנען האָבן געהערט צו ראַדזשיווילן און דאָס גרין אָפּגעמאָלענע זומערדיקעביידל מיט די ברייט פאַרגלאָזטע פענצטער האָט דער גאַס, און אפשר דער שטאָט גופא, געדאַרפט צוגעבן דעם אָנבליק פון גרויס-שטאָטישקייט. כאָטש אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַן אילוזיע, אַזאַ מין וועלן מאַכן דעם איינדרוק, אַז אויך מיר וויסן ווי צו לעבן - ווי ביי לייטן.

דער איינציקער וואָס איז געווען פאַרטאָן אין זיין שפּילן - איז געווען זאַכאַרי. אוודאי האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער פאַרווילט די געסט, אפילו די וואָס זענען געזעסן אין דרויסן אויף די בענק צווישן דיביימער און זיך צוגעהערט. ער שאַפט, הייסט עס, די געמיטלעכע אַטמאָספער און ביי די אַנטשפּאַנטע געסט אַ ווילן צו געניסן נאָך אַן אייזקרעם, טרינקען אַ טעפּל קאַווע מיט צובייסן. די קאַפּע איז געוואָרן דער טרעף-פונקט פאַר אַלטע באַקאַנטע אָנצוגיין מיט זייערע שמועסן און אַ קאַפּיטשקע רכילות - ווי עס פירט זיך ביי לייטן.

כאָטש זאַכאַרי האָט אַלעמען געקאָנט דאָ - נאָך אַלעמען - ער איז דאָך דאָ אויפגעוואַקסן, און בלויז עטלעכע יאָר איז ער געווען ערגעץ ווו, זאָגט מען, ווו ער האָט שטודירט מוזיק אין אַ קאָנסערוואַטאָריע, אָט דעם סאָרט מוזיק פאַר וועלכן עס איז אין דעם טיף-פּראָווינציאָנעלן שטעטל נישט געווען קיין אָרט. מען קאָן אָבער נישט נעמען אַ שטאָט מיט מענטשן און אָפּשטעמפּלען זיי ווי פאַרגרעבט, און אָן אַ טראָפּן געפיל אָדער פאַרשטענדעניש פאַר מוזיק. איצט קאָן מען שוין נישט פאַרהערן יענע יידן, כדי עס צו באַווייזן, אַז איך טרייב איבער. עס קומט פּשוט אויס, אַז מען מוז אַליין פאַרשטעלן די זאַך.

די ערשטע מוזיקער, וועלכע קומען אויפן זכרון זענען געווען דער הינקענדיקער זאַוואַדזקי, וואָס האָט געשפּילט אויפן פידל און ראַכעלקע שריפּטזעצער - וואָס האָט געשפּילט אויפן ראָיאַל אין זוסמאַנס קינאָ - אין יענע יאָרן ווען מען האָט

געוויזן שטומע פילמען.

די קלאַנגען פון דער באַגלייט-מוזיק האָבן ארויסגערופן די ראָמאַנטישע געפילן און די אינערלעכע שטימונג נישט נאָר אַרום דער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויפן לייוונט נאָר אויך אין דער טונקלקייט פון זאַל. דאָס האָט אַלנפאַלס נישט געהאָלפן לייבעצקע דעם קצב און אַלטער שליעפּאַק אין זייער אייגענעם אופן פון באַנעמען די דראַמאַטישע קאָמפּליקאַציעס, וועלכע דער פילם-רעזשיסאָר האָט פאַרטראַכט.

ביידע האָבן נישט געקאָנט לייענען די באַגלייט-צושריפטן וואָס האָבן איבערגעגעבן די געשפּרעכן צווישן די העלדן, אָבער זיי האָבן שוין געוווּסט אויף געוויס וואָס עס וועט דאָ ווייטער פאַסירן, און האָבן זיך געשפּאַרט אויפן קול, צי וועט זי אַנטלויפן מיטן אוכאַזשאָר, אָדער צי וועט דער מאַן זי דאָ טרעפן, און עס וועט זיי ביידע דאָ די כאָליערע נעמען. זייער שפּאַרן זיך האָט אפילו פאַרהילכט די מוזיק. אָבער דעם עולם האָט עס שטאַרק נישט געאַרט - עס איז געווען אַ מין צולאָג צום פילם.

ווען מען האָט פאָרגעשטעלט רעמאַרקס "אויפן מערב פראָנט קיין נייעס" איז צו די מוזיקער צוגעקומען זעליק דער באַראַבאַנשטשיק. און יעדעס מאָל ווען מען האָט אויסגעשאָסן, האָט ער נישט פאַרפעלט אַ פּויק צו טאָן, כאָטש אַ ביסל אַ פאַרשפּעטיקטן. דערפאַר אָבער איז דער אָפּקלאַנג געווען ווי מען וואָלט טאַקע געשאָסן אין זוסמאַנס קינאָ.

זאַוואַדזסקיס שפּילן אויפן פידל און ראַכעלקעס שפּילן אויפן ראָיאַל האָט פאַרוויגט דעם עולם וואָס איז ביסלעכווייז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער קאַרטינע. דער שטאָלץ פון אַלע מוזיק-ליבהאָבער איז אָבער געווען דער מיליטערישער אָרקעסטער, איבערהויפּט ווען די מוזיקאַנטן זענען אַרויסגעפאָרן אויף די ווייסע פערד, אָנגעטאָן אין גאַלאַ-מונדירן און מיט הילכיקע טרומייטערס אויפגענומען די דעפּיליאַדע פון אולאַנער פאָלק. די רייטערס האָבן הויך געהאַלטן זייערע שטאָלענע פּיקעס באַפּוצט מיט געלע, פלאַטערנדיקע פענער, און האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן ערשט אַרויסמאַרשירט פון די געשיכטע-ביכער פון פּוילן.

דעמאָלט האָבן נישט געפעלט קיין ענטוזיאַסטישע צוקוקער, צווישן וועלכע - אַזוי האָט מען געשמועסט - זענען אויך געווען מבינים. און דאַן איז נאָך געבליבן צו פאַרצייכענען די עקסיסטענץ פון דעם פאָזשאַרנעם אָרקעסטער, וואָס אין טאַקע נישט געווען צו פאַרגלייכן, אָבער פאָרט: זיי האָבן דערלאַנגט אַ מאַרש און די פאָזשאַרניקעס זענען געגאַנגען צום טאַקט, נישט ערגער ווי זעלנער. טאָ וואָס האָט שוין דאָ זאַכאַרי געקאָנט אויפטאָן מיט זיינע דיפלאָמען און מיט זיין אַקאָרדיאָן?

האָט ער געצויגן די ניגונים וואָס האָבן אָפּגענאַרט מיט זייער הייטערקייט, כדי נישט צו פאַרראַטן דאָס, וואָס טיף אין אים האָט דער אומעט געגנאָגט ווי אַ וואָרעם, אַן אומעט פון איינעם וואָס ווייסט, אַז אָט די קאַפּע "אונטער די קליאָנען", איז נישט מער ווי אַ זומערדיק ביידל, און אפילו אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן האָבן געסט מער גערעדט צווישן זיך, ווי געלאָזט זיך ווילגיין. מען איז דאָ געקומען, ווייל עס האָט פשוט אָנגעשלאָגן מיט משפחהדיקייט.

יעדעס מאָל, ווען ער האָט באַמערקט, אַז עמעצער פון די געסט לאָזט זיך אַריין

מיט דער רויט-האָריקער זשעניאַ אין אַ צו לאַנגן שמועס, אַז זי שמייכלט און לאַכט אפילו, האָט ער אַ שאַרפֿן צי געטאָן מיט דער האַרמאָניע, וואָס האָט אַרויסגעלאָזט אַ פֿאַרצווייפֿלט געשריי פֿון פֿאָרוווּרף אָדער פֿאַרדראָס.

נאָך אַלעמען, איז די רויטהאָריקע זשעניאַ אים נישט געווען קיין פֿרעמדע - זי איז געווען זיין ווייב מיט וועלכער ער האָט מיט אַ יאָר צוויי צוריק חתונה געהאַט. עס איז געווען צווישן זיי - ווי עס ווייזט אויס - אַ גאָר וואַזשנע ליבע, און כאָטש זיי זענען געווען גאָר רייך אין ראָמאַנטיק - זענען זיי געווען גאָר אָרעם אין תכלית.

האָבן זיי נישט געוווּסט פֿון אָנהייב, וואָס עס וועט זיין דער סוף?

דאָס האָט געפֿרעגט איטשקע דער שדכן, ווען די גאַנצע מעשה האָט פֿאַרדראָסן וואָס אָט דער שידוך איז אָפּגעטאָן געוואָרן אָן אים, כאָטש ער האָט געהאַט אויפֿן אויג גאָר עפּעס אַנדערש - טאַקע פֿאַר ביידן. - נו, זי איז שוין נישט געווען פֿון דער ערשטער יוגנט, און ער איז געקומען פֿון דער גרויסער שטאָט, אַן עלעגאַנטער, אַ הויכער, שיינער בחור - האָבן זיי געדאַרפֿט וואַרטן אויף אייער מבינות? און קיין נדן איז אויך נישט געווען...

זאַכאַרי האָט געוווּסט, אַז צווישן די געסט וואָס קומען דאָ אַריין געפֿינען זיך עטלעכע עלטערע בחורים מיט היפּשע קניפּלעך, און ס'מוז זיי אַרן, פֿאַרוואָס זיי האָבן צו לאַנג געוואַרט. איז אים אויסגעקומען, אַז די קאַווע איז נישט מער ווי אַן אויסרייד, אַזאַ מין תריץ. ער האָט אויף יעדן פֿון זיי געקוקט מיט אַ באַהאַלטענעם חשד: - האָבן זיי נישט געקאָנט זיך שדכנען צו איר, איידער ער האָט מיט איר חתונה געהאַט?

ער איז טאַקע געווען ניט מער ווי אַ מוזיקער, אָבער אין הילכות ווייבעריי האָט ער געוווּסט, אַז פֿון יענעמס ווייב טוט דער קאָפּ נישט וויי... יאָ, אַזוי פֿיל דערפֿאַרונג האָט ער פֿון דעסטוועגן געהאַט, און די קאָפּע איז ממש געווען אַן אומשולדיק אָרט, וווּ מען האָט געמוזט אַזעלכע זאַכן פֿאַרזען.

די מוזיק, אפילו די פֿאַרבענקטסטע, וואָס ער אַליין האָט קאָמפּאָזירט, האָט אין אים נישט געקאָנט פֿאַרשטעלן דעם טרויער, ווען זיי בלייבן אַליין.

די טעמפּעראַטור פֿון זייער ליבע - האָבן זיי געפֿילט - פֿאַלט.

האָט זי געהאַט טענות צו אים? ניין. נאָר אַז זיי האָבן צוזאַמען געמוזט רויכערן איין סיגאַרעט - האָט אים איר שטומקייט געדריקט.

זאַכאַרי האָט אָנגעהויבן קומען אַהיים שפּעטלעך. עס האָט געשמעקט פֿון אים מיט בראָנפֿן און פּערפֿום. דאָס זענען געווען די צופֿעליקע פֿאַרדינסטן וואָס אָפּיצירן האָבן אים אָנגעבאָטן, פֿאַר שפּילן אויף זייערע הוליאַנקעס. ער האָט די פּאָר זלאָטעס פֿאַרדינסט אָוועקגעלייגט אויפֿן טיש ווי אַ באַווייז, אַז זיין קומען אַהיים פֿאַרטאָג איז פּשוט פֿאַרבונדן מיט זיין פּראָפֿעסיע. אָבער טייל מאָל איז ער געקומען און נישט אויסטוענדיק זיך, אַ וואַלגער געטאָן אויפֿן בעט, וווּ זי איז געלעגן, שוין אַ וואָכע.

זיי האָבן ביידע געפֿרעגט די זעלבע פֿראַגע: וווּ אַהין וועט עס פֿירן? זי האָט געמיינט - זיינע נאַכטיקע פֿאַרווײלונגען, וואָס האָבן איר גענומען ווערן איבערדריסיק.

זיין פֿראַגע האָט געצילט אין אַן אַנדער ריכטונג - איר צופֿיל היימישקייט מיט די קאַווע- טרינקער.

זיין באָהעמישע נאַטור, דער קינסטלער אין אים האָט געצויגן צו אַן אַנדער וועלט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ שטיק אָפּגעריסענער וואָלקן, אין וועלכן ער קאָן זיך נישט אָנכאַפּן. אָבער סיי ווי, דער וואָלקן איז פריי און שוועבט הויך ערגעץ ווו - ווען ער, מוז זיין צוגעבונדן צו דער ערד, צו קליינע טאָג-טעגלעכקייטן, ווי זאָרגן וועגן די נויטן. ער האָט אַ פרוי, פליכטן. זי דערמאָנט עס אים יעדן טאָג - אָן אַ וואָרט צו זאָגן.

דער איינציקער געטרייער פריינד מיט וועמען ער קאָן זיך דורכשמועסן און וועלכער פאַרשטייט אים, איז געווען דער אַקאָרדיאָן - מיט וועלכן ער האָט זיך זעלטן געשיידט.

דער זומער האָט גענומען אויסגיין מיט פאַרגעלטע קליאָן-בלעטער. די אָוונטן זענען געוואָרן קעלטער, די קאָפּע באַזוכער-ווייניקער. די קנייטשן אויף זשעניאַס פנים זענען געוואָרן שאַרפער. אַזוי זענען אויך געוואָרן די טענער פון זיין האַרמאָניע. ער האָט דורך זיי אויסגעשריען דעם פאַרדרוס פון אומבאַהאָלפנקייט.

אויף די אָפּטע אָפּיצירשע הוליאַנקעס, ווו מען האָט אים פאַרבעטן מיט זיין אַקאָרדיאָן, האָט ער זיך אויסגעשיילט פון זיינע זאָרגן. די פרויען האָבן זייטיק געשמייכלט צו דעם פרעמדן מיט די ציטערנדיקע קלאַווישן. דעם שמייכל האָט באַגלייט דער גלאַנץ פון פייכטע אויגן. זיי האָבן מיט אַן אינערלעכן ציטער דערפילט דעם רוף, די מאָנונג וואָס זוכט נייע דערפּאַרונגען. מיט די צאַרטע טענער האָט ער זיי געלאָזט וויסן, אַז ער פאַרשטייט, אַז ער איז גרייט. ווי מאַגנעטישע פעדעם האָבן די קלאַנגען זיי געצויגן צו אים. די מענער מיט פאַרגלייזטע, שיכורלעכע אויגן האָבן דורכן רויך פון סיגאַרעטן גלייכגילטיק געקוקט אויף די פרויען. פון לאַנגער געוווינשאַפט האָבן זיי געוווּסט, וואָס מען קאָן שוין פון זיי דערוואַרטן. דאָך האָבן זיי געטאַנצט, זיך צוגעדריקט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אויפוועקן די פאַרגאַנגענע אָנרעגונג פון ערשטמאָליקייט. פון צייט צו צייט האָט אַ קעלנער צוגעטראָגן אַ טאַץ מיט שנאַפּסן און אויך אים דערלאַנגט אַ גלעזל. און נאָך יעדן גלעזל האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין:

- עך, "טשאָרט וואַזמי"...

פאַרטאָג - אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער, בגילופין, איז ער אַנידערגעפאַלן אויפן געלעגער. אין געדאַנק האָט ער פּרובירט אויססאָרטירן וועלכעס ווייבל, אויף וועלכן אָרט, אין וועלכער צייט, ער וועט דאַרפן באַזוכן.

נאָר ווען ער האָט אין אָוונט, שוין אַן אויסגעניכטערטער, דערזען צווישן די קנאַפּע געסט פון קאָפּע דעם, וועלכער האָט נישט פאַרפעלט צו קומען יעדע נאַכט, האָט זיך אין אים די פאַרגאַנגענע נאַכט אויפגעלייזט, און אין מוח האָבן זיך גענומען צונויפהעקלען געדאַנקען, אַז זיין קומען אַהער איז מער ווי אַ לייכטער שמועס, און געוויס מער, ווי אַ טעפּל קאַווע, וואָס ער טרינקט, כדי צו באַרעכטיקן זיין, זיין דאָ. איז ער צו אים צוגעגאַנגען, גוט ברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע:

- דו מיינסט, אַז תמיד וועט זי האָבן רויטע האָר? טשאָרט וואַזמי...

דער, מיט וועמען ער האָט זיך באַנומען מיט געמאַכטער היימישקייט, איז געווען שעראָשעווסקי, און כאָטש ער האָט זיך מיט גאָרנישט אָנגעהערט מיטן וואַרשעווער באַנקיר שעראָשעווסקי, איז ער פאָרט געווען אַ פאַרמעגלעכער מענטש, וואָס צו

אים האָט געהערט אַ טייל פון דער שטאָטישער עלעקטרישער סטאַציע.
דאָס האָבן דריי יידן זיך אונטערנענומען צו באַזאָרגן אַ שטאָט מיס ליכט, און דערפאַר געהאַט אַ קאָנצעסיע פון דער רעגירונג אויף 15 יאָר.
זאַכאַרי האָט דערביי אַ טראַכט געטאָן: "ווען איך פאַרמאָג זיין געלט, וואָלט איך ערשט אַ לעב געטאָן - טשאָרט וואַזמי - און נישט געטרונקען יעדן אָוונט אַ טעפּעלע קאַווע.
אָפּגעריסענע געדאַנקען, ווי אָפּגעריסענע טענער פון זיין האַרמאָניע, האָבן גענומען אַרומבלאָנקען ביי אים אין קאָפּ. אין דעם טעם פון פאַמיליע-לעבן האָבן וואָס אַמאָל מער אויסגעפּעלט די עלעמענטן פון באַפרידיקונג. אַלץ איז געוואָרן וואָכיק - אפילו די ליבע; אפילו די באַדערפעניש צו געבן דער ליבע דעם אָנשטעל פון סאַטיספאַקציע, פון אָט דער נאָענטקייט, וואָס האָט זיי צוגעצויגן. כאָטש ביידע האָבן זיך באַמיט אָנצוהאַלטן דאָס פייערל, ביי וועלכן זיי האָבן זיך געוואַרעמט, האָט זשעניאַ פאַרשטאַנען, אַז ער איז זעלטן מיט איר, אפילו ווען זיי שלאָפן צוזאַמען.
געלט איז געוואָרן זאַכאַריס האַלוצינאַציע, נישט נאָר אין זיינע חלומות, אפילו אין זיינע זעונגען אויף דער וואַך. ער האָט צו ערשט נישט קלאָר באַנומען, וואָס אַזוינס געלט קאָן פאַר אים אויפטאָן, וועט ער קויפן ליבע? וואָס שייך פרויען, האָט ער שוין געהאַט גענוג אָנבאָטן פון די אַפּיצירישע הוליאַנקעס; וועט געלט אויפוועקן דעם פלאַם, וואָס נעמט זיך לעשן? דעם פלאַם פון זייער ערשטן צונויפקום? ער איז נישט געווען מער זיכער, צי ער וויל עס.
דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים פאַרפּאָלגט יעדע וואַכע מינוט און אויך אין שלאָף קיין רו נישט געגעבן. דער געדאַנק האָט אים פאַרפּאָלגט מער און מער מיטן גאַנג פון זומער, וואָס לעשט זיך אויס; מיט די קופּעס קופּערנע קליאָן-בלעטער וואָס שאַרן זיך אונטער די טריט. ביז עס איז פאַר אים קלאָר געוואָרן: געלט וועט אים געבן פרייהייט. ער וועט זיך אַ יאָג טאָן אין דער וועלט אַריין; ער וועט זיך דורך זיין מוזיק פאַרשאַפן אַ נאָמען; ער וועט קאָמפּאָזירן אַריעס; אָרקעסטערס וועלן זיי שפּילן אין סאַלאָנען; ער וועט די טענער, וואָס בלאָנדזשען אין זיין קאָפּ, אַרויספירן אויפן ריכטיקן וועג. זיי וועלן איינגעמען - אויב נישט די וועלט - איז די מוזיקאַלישע סאַלאָנען פון דער הויפּטשטאָט. דאָרט ווו אַ קינסטלער באַטייט עפּעס. ער האָט שטאַרק געגלייבט אין זיין טאַלאַנט. נאָר מיט וואָס צו קויפן די אויסגעבענקטע פרייהייט האָט ער נישט געהאַט.
זשעניאַ האָט באַמערקט עפּעס אַן אויפבררויז אין אים, אַ לעבעדיקע אומרויִקייט, אָנשטאָט דער פריערדיקער גלייכגילטיקייט. ער איז געוואָרן אַזוי עקזאַלטירט מיטן געדאַנק פון פרייהייט, אַז ער איז ממש צוגעפאַלן צו איר - עפּעס אַזוינס האָט שוין לאַנג נישט פּאַסירט - זי אַרומגענומען און גענומען שעפּטשען: - טייערינקע, ווען מיר האָבן עפּעס אַ פאַרמעגן - וואָלטן מיר געווען פריי, פריי, און נישט געדאַרפט אויסקוקן אויף די פאָר קאַווע-טרינקער, וואָס קומען דאָ אָפּנודיען אַן אָוונט. פאַרשטייסטו כאָטש וואָס פרייהייט מיינט:
אין אים האָבן גענומען אויפבליצן געדאַנקען, וועלכע ער האָט פרובירט אָפּיאָגן, פאַרטרייבן זיי, אָבער ווי זלידנע פליגן זענען זיי פאָרט צוריק געקומען.
- דער סעמיאָן שעראָשעווסקי. צו וואָס טויג אים דאָס איינזאַמע לעבן, אין וועלכן

זיין איינציק פֿאַרגעניגן איז איינקאַסירן נאָך אַ טויזנטער, נאָך אַ טויזנטער - פֿאַר וועמען? פֿאַר דער חברה קדישא?

און נישט פּילנדיק ווי אַזוי, האָט עס פֿון אים אַ שפּאַר געטאָן. עס איז אַרויסגעקומען אָן זיין וויסן. ער האָט איבערגעריסן דאָס שפּילן און זיך צוגעזעצט צו שעראָשעווסקיס טישל מיט אַ טעפּל קאַווע. ער האָט עס פֿריער קיין מאָל נישט געטאָן. זיך צוגעזעצט און סתם אַזוי אַ זאָג געטאָן: "געפֿעלט דיר עפּעס זשעניאַ - טשאָרט וואַזמי"...

צי זשעניאַ איז אים געפֿעלן אָדער נישט - שעראָשעווסקי איז אין דעם מאָמענט נישט גרייט געווען זיך צו פֿאַרפּליכטן מיט אַן ענטפֿער.

- זי איז דאָך דיין פּרוי, דאַרף זי דיר געפֿעלן. טאָ ווי קום איך פֿלוצלינג אַריין אין חשבון? דאַרפֿסט נייטיק מיין צושטימונג?

- אָט אין דעם מאָמענט איז עס פֿאַר מיר זייער וויכטיק איך זאָל עס וויסן.

עפּעס איז די מעשה אַריין שעראָשעווסקין אין דער נאָז. עס האָט אים אויסגעזען, אַז זאַכאַרי וויל אים אונטערשטעלן אַ פֿאַסטקע און וואַרט זי זאָל אים, אַריינכאַפּן. אָנשטאָט צו ענטפֿערן האָט ער אַ זופּ געטאָן די קאַווע, וואָס איז שוין קאַלט געוואָרן.

זשעניאַ איז צוגעקומען. אָט, צוליב נייגעריקייט. וואָס אַ שטייגער קאָן זאַכאַרי רעדן מיט שעראָשעווסקין? וועגן עלעקטערע? וועגן חשבון וואָס זיי האָבן נישט צו באַצאָלן?

- אָט - זאָגט זאַכאַרי - קומט אַ מענטש אַריין יעדן אָוונט, אַ פֿריינד, אַן אייגענער - טשאָרט וואַזמי - קומט ער אַהער קוקן אויף די קליאַנען? וואָס איז דאָ צו זען אויף זיי? פֿרעג איך אים: געפֿעלט דיר זשעניאַ? נעמט ער אָן אַ פֿול מויל מיט וואַסער... ערשט איצט האָט זשעניאַ באַנומען, פֿאַרוואָס זאַכאַרי איז די לעצטע וואָכן אַזוי צעשטרייט און אויפֿגעהייטערט, און אַזוי צוגעלאָזן.

שעראָשעווסקי איז שוין געווען אין דעם עלטער, אין וועלכן עס איז שוין נישטאָ קיין צייט צו פֿירן ליבעס. האָט ער אין איינעם אַ טאָג אַ פֿרעג געטאָן זשעניאַן: אויב זאַכאַרי וועט דיך אָפּגטן, וועסטו מיט מיר חתונה האָבן? און כאָטש זשעניאַ האָט אַרויסגעפּילט, אַז עפּעס קומט פֿאַר הינטער אירע פּלייצעס, האָט די פּלוצלינגדיקייט פֿון דער פֿראַגע זי איבעררראַשט.

* * *

און אַזוי האָט פּאַסירט, ווי אין די מעשיות פֿון פֿאַרצייטן: זשעניאַ איז אַוועק מיט זאַכאַרין צום רב, און זיך געגט.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און זי האָט חתונה געהאַט מיט שעראָשעווסקין. זאַכאַרי האָט באַקומען זיין לוין - דריי טויזנט דאָלאַר - און געהאַלטן וואָרט: ער איז אַוועק פֿון שטאָט.

ווען די סאָוויעטן האָבן פֿאַרנומען די שטאָט, האָט זיך זאַכאַרי ווידער באַוויזן.

- אַרטיסט - זענען די סאָוויעטן נתפּעל געוואָרן פֿון זיין אין שפּילן. געלויבט אים אין הימל אַריין: אַ נאַסטאָיאַשטשי אַרטיסט און אַ נאַש בראַט! נאָר דאָס האָבן זיי שוין געזאָגט ווען מען האָט גענומען אַ כוסה, און עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זאַכאַרי איז אַ גראַמאָטנער...

ביסלעכווייז האָט ער זיך דערדינט, און מען האָט אים שוין באַצייכנט ווי:

"נאַסטאָיאַשטשי סאָוויעטסקי טשעלאָוויעק"...

אַראָפּגעקומען איז ער נישט כדי צו פֿאַרדינען דעם יחוסדיקן טיטל, און אפילו נישט כדי זיך צו צעצאָלן מיט שעראָשעווסקין. פֿון די דאָלאַרן איז שוין קיין זכר נישט געבליבן, און זשעניאַ האָט שוין געהאַט אַ רויטהאָריק מיידעלע פֿון אַ יאָר דריי.

מילא - די עלעקטראָווניע האָבן די סאָוויעטן פֿאַרמלוכהשט. אָבער דאָס רחבותדיקע הויז איז נאָך אַלעמען געבליבן פּריוואַט אייגנטום - אפילו לויט די סאָוויעטישע געזעצן.

איין מאָל אין וואָך, און אפשר צוויי אָדער דריי מאָל, האָט זאַכאַרי אַ שיכורער פֿאַרבלאָנדזשעט אין דער גאַס, ווו זשעניאַ האָט געוווינט, און גענומען קלאַפּן אין טיר מיט געבעט:

זשעניעטשקאַ, לאָז מיך אַריין. דאָס בין איך... זאַכאַרי... צו וואָס טויג דיר דער אַלטער ייד אָן זיין געלט... נאָר אַז די שווערע דעמבענע טיר האָט זיך נישט אויפגעמאַכט, האָט ער גענומען גוואַלדעווען: דו שטינקענדיקער בורזשוי גיב מיר אָפּ מיין ווייב...

דאָס פֿאָלקס-געריכט האָט זאַכאַרין געמשפּט פֿאַר כוליגאַניזם און... אים פֿריי געלאָזן, מחמת עס איז געווען ערב די אָקטאָבער-רעוואָלוציע פייערונגען און דער קאָמסאָמאָל האָט געדאַרפט האָבן דעם "נאַסטאָיאַשטשי אַרטיסט", וואָס איז געוואָרן אַ "פֿאָלנער סאָוויעצקי טשעלאָוויעק" - צו באַשיינען די שמחה. צום סוף האָט ער אפילו געפֿועלט מען זאָל שעראָשעווסקין פֿאַרשיקן קיין סיביר ווי אַ בורזשוי אַן אויסניצער און סאָציאַל-שעדלעכן עלעמענט.

נאָר זשעניאַ האָט די טיר סיי ווי נישט אויפגעמאַכט...

און דאַן זענען אין שטאָט אַריין די דייטשן. אין דער בהלה האָבן די סאָוויעטן פֿאַרגעסן אין זייער אַרטיסט און זיך שנעל אָפּגעטראָגן מיט אַלע לאַסט-אויטאָס וואָס זיי האָבן געקאָנט געפֿינען, אין אַזאַ מאָמענט איז אפילו אַזאַ פֿאַרדינסטפֿולער אַרטיסט ווי זאַכאַרי אַן איבעריקער באַגאַזש, ווען אויף דעם אָרט קאָן מען אַריינפּאַקן אַ ניי-מאַשין אָדער אַ וועלאָסיפּעד.

עס איז אויך מעגלעך, אַז ער אַליין איז ערגעץ ווו פֿאַרשלאָפֿן נאָך אַ נאַכטיקער הוליאַנקע און אויפגעקומען נאָך אַלעמען.

ווען ער האָט זיך געכאַפּט, וואָס דאָ איז געשען, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דעם אַקאָרדיאָן און געלאָפֿן אין דער ריכטונג פֿון שטאָטישן וואַלד. ער איז אָבער ווייט נישט דערלאָפֿן.

שפּעטער האָבן פּויערים געפֿונען אים הענגען פֿון אַ בוים, און ביי זיינע פֿיס - האָבן זיי דערציילט - איז געלעגן דער אַקאָרדיאָן, אַן אָפֿענער, ווי ער וואָלט אים אַרויסבאַגלייט מיטן לעצטן אַקאָרד...

# אין קרייז פון גורל.

אויף די שפּיצן פון די פאַרשנייטע קלעצער, פון וועלכע דער לאַגער-טויער איז געווען צונויפגעשלאָגן, זענען ווי ווייסע טויבן געזעסן איינגעפרוירענע גרודעס שניי, און זיי האָבן די שפּיציקע שאַרפקייט אַריינגענומען אין זיך. אַזוי האָט דער שניי אויך אַרומגעוויקלט די שטעכלדראָטן מיט וועלכע די קלעצער פון טויער זענען געווען באַשלאָגן פון אינעווייניק, און די דראָטן האָבן אין זייער אומשולד דערמאָנט פאַרשנייטע, וואַלדיקע צווייגן. אָבער די פאַרשיקטע, וואָס האָבן געלעבט אויף דעם אָפּגעשלאָסענעם לאַגער-שטח ״אורטמוד 7״, האָבן געוווסט, אַז פאַרמעסטן זיך מיטן טויער און די שטעכל-דראָטן איז נישט פאַר זייערע כוחות. זיי האָבן אים געזען אין די קורצע זומער-וואָכן, און דאָס בילד האָט זיך מיט דער שאַרפקייט פון די שטעכל-דראָטן איינגעקריצט אין זייער זכרון. אין דער אַרבעט-זאָנע האָבן זיי זיך באַוועגט שווער, אין פאַרפעצטע, פאַרלאַטעטע בושלאַטן, וועלכע האָבן געהערט צו דער דריטער קאַטעגאָריע, און מ׳האָט אין זיי געוויינטלעך געקליידט די פאַרשיקטע, פון וועלכע מען האָט שוין צופיל נישט געקאָנט דערוואַרטן אין דערגרייכן אַרבעט-נאָרמעס. דאָס זענען געווען די כמעט פאַרגעסענע, די וואָס מען האָט אָפּגעשריבן ווי אַלטע בושלאַטן, אָדער אַלטע לאַגער וועש.

פון דרויסן האָבן זיי אויסגעזען ווי גרויע, באַוועגלעכע קלעצלעך, וואָס אָט גייען זיי אין גלייכע אויסגעשטעלטע רייען, און אָט צעשיטן זיך די רייען אויף איינצלנע קלעצלעך, און יעדעס קלעצל באַוועגט זיך באַזונדער. נאָר מען ווייסט פון פאָרויס, אַז די קלעצלעך וועלן אויסער דער רעם נישט אַרויספאַלן, ווייל אין דער שפּיל איז איינגעבויט אַ מעכאַניזם וואָס קאָנטראָלירט די באַוועגונגען פון די קלעצלעך. אינעווייניק, אין דער באַוועגלעכער אָנגעפּעלצטקייט האָבן געוווינט מענטשן. די אָנגעהעריקייט צום מין מענטש אין אייגנטלעך געווען דאָס איינציקע וואָס זיי האָבן געהאַט בשותפות. דער דאָזיקער באַוווסטזיין האָט זיי אָבער גלייכצייטיק אָנגערעגט צו שאַפן אַרום זיך אומזעבאַרע איזאָלאַציע-רינגען, וועלכע האָבן זיי אויסגעשלאָסן פון דער אַרומיקער וועלט. אינעווייניק האָט יעדער געשפּונען זיינע טרוימען, זיינע טואונגען ווען ער וועט אַרויס אויף דער פריי. דער פאַרנעם פון זייערע גייסטיקע האָריזאָנטן איז געווען דער האָניק מיט וועלכן די בין נערט זיך אין די ווינטער-חדשים. אינעווייניק האָבן די פּאַראַגראַפן און די אויסגעטיילטע יאָרן ווי דער אויסמעסט פון איזאָלאַציע גאָר קיין שליטה נישט. די בלאַסע קאָנטורן וועלכע דער מוח פּראָדוצירט שטעלן צונויף דאָס צוקונפטיקע בילד. און

די בילדער באַוועגן זיך פרייַ אין רוים פון צייַט, פון קלימאַט און פון טעריטאָריע. און עס איז גוט געווען פאַרן געמיט פון פאַרשיקטן צו קאָנען זיך אויסשליסן פון אַרום, פון וועכטערס אויג; פון נאָרמע-פאָדערונגען; פון יאָ אָדער נישט דערגרייכן אַ "פּרעמבליודע" (אַ צוגאָב זופּ) פון אייביקן הונגער וואָס האָט גענאָגט, גענאָגט די אינגעווייַדן ביז מידקייַט.

צווישן אָט די מענטשן האָט זיגמונט אָרלאָווסקי געוווינט אין זייַן אייגענעם רינג. ער איז עוועט נאָענט צו זייַן יוגנט אין יאָרן, אָבער זייער ווייַט אין שטח. דעריבער האָט די יוגנט, ווי זי וואָלט געצייטיקט אין אַן אינקובאַטאָר, זיך ווייטער אַנטוויקלט אין דער אָפּגעשלאָסענער שאָל. איזאָלירט פון דרויסן, אויסגעוואַרעמט אין רינג פון זייַן פאַנטאַזיע, האָט זי אומגעשטערט געקרייזט אַרום פאַסירונגען, האָפּענונגען. דער פּראָצעס פון רייף ווערן האָט זייער לאַנגזאַם צירקולירט אַרום זייַן צענטער. אָרלאָווסקיס גאַנג צוריק אין דעם נעכטן, וואָס איז אָקאָרשט געווען. האָט ווייטאָגלעך אָנגערירט אַלטע ווונדן און ווייטאָגלעך געפּרעסט אויפן געמיט:

*שקצים וואַרפן שטיינער...* "ייִדן פאַרכעס"... אויסגעפּליקטע טשופּרינעס האָר, נישט פאַרענדיקטע לימודים... דורכפאַלן בייַם עקזאַמען, ווייל צופיל ייִדן שטופּן זיך ווו מען בעט זיי נישט... דער זיג פון די *שקצים*, יד-אחת מיט די דייטשן... "יודע, יודע"...

גרענעצן, טרוימען, האָפענונגען צו פאַרענדיקן דעם שטודיום. אַלע מענטשן זענען ברידער... נעכט קאַלטע, סוף-פעברואַרדיקע, נעכט - ערגעץ אין אַ ווייסרוסיש שטעטל אַרומגערינגלט מיט מיליץ... געשאָקלט זיך אין פויערישע פורלעך, אין "טיעלאַטניקעס" - ווייטער, ווייטער,׳ אָדער גאָר: נענטער, נענטער - די באַגריפן זענען געווען פאַרפלאָנטערט ווי דאָס לעבן.

אויב אין זייַן לעבן קאָן ער נישט אַרייַנפירן קיין ביסל אָרדענונג - מוז ער עס אָבער טאָן אין זייַן טראַכטן. ווען ער האָט פאָרט געפונען אַ געמיינזאַמקייט צווישן דעם אָנהייב און דעם סוף, האָט ער באַגריפן, אַז די וואָרצלען פון דעם איבערגעלעבטן ציען זיך פון דער טיפעניש פון היסטאָרישן גורל פון פאָלק. אים איז אויך דאַן קלאָר געוואָרן די פאַרענטפערונג פון פילאָזאָפישן געדאַנק, אין וועלכן ער האָט זיך אַמאָל אָנגעטראָפן:

- פאַרוואָס זענען די פעלקער, וועלכע האָבן געזוכט אַ רעליגיע, נישט באַווירקט געוואָרן פון ייִדישן גלויבן? זענען דאָך די ייִדן געווען פון די עלטסטע פעלקער? אויב דער ענטפער איז דאָרט געווען: ווייל די ייִדישע רעליגיע איז געווען די רעליגיע פון אַ באַזיגט פאָלק... האָט ער עס אַצינד באַנומען...

זיגמונט אָרלאָווסקין האָט געמאַטערט דער געדאַנק: פאַרוואָס דאַרף ער זייַן צוגעשמידט צום גורל ווי דער אַמאָליקער קאַטאָרזשאַן צו דער קייט: ער האָט נאָך ווי אַ צולאָג געמוזט טראָגן אַ שווערע אייזערנע קויל, כדי ער זאָל נישט פאַרגעסן דעם גאַנצן קיילעכדיקן מעת-לעת, אַז ער איז פאַרמשפּט צו קאַטאָרגע, אָבער אפילו אַ קאַטאָרזשאַן, האָט דאָך געהאַט אָנגעצייכנט אויפן וואַנט דעם קאַלענדאַר פון זייַנע ליידן, און יעדן טאָג האָט ער געמאַכט אַ שטריך: איין טאָג ווייניקער! אָבער ער - ער דאַרף זיך אַרומטראָגן מיט דער קייט און מיט דער קויל אַ גאַנץ לעבן, בלויז דערפאַר ווייל אויף זייַן גורל איז אויסגעפאַלן צו זייַן אַ ייִד...

ערשט דאַן האָט זיך אין זיין פֿאַנטאַזיע צעשפּילט די צוקונפט מיט אָן אַ שיעור קאָלירן, ווי אַ רעגנבויגן.

דער נאָמען: זיגמונט אָרלאָווסקי.

דער טיטל: אינזשיניער פֿון מאַשינען-בוי, (אפילו נאָך נישט דיפּלאָמירט).

דער אויסזען: בלאָנד. קורץ געשוירענע וואָנסעס. אויך די האָר קורץ געשוירן.

געבוירן אָרט: קאַטאָוויץ, אַ פּוילישע שטאָט.

מאַמע-לשון: פּויליש.

זיין פֿרוי וועט זיין ווי ער - אַ פּוילישע, מיט אַ גאָלדן צלמל וואָס וועט זיך וואַרעמען צווישן אירע בריסטן. זונטיק אינדערפֿרי וועט זי פֿירן אין קאָשציאָל אַריין די קינדער. ער אַליין וועט אַהין נישט גיין ער וועט בלייבן אינדערהיים, טרינקען אַ שוואַרצע קאַווע און לייענען די פּוילישע צייטונגען. די קינדער וועלן גיין אין גימנאַזיע מיט זייערס גלייכן - קינדער פֿון פּוילישע אַדוואָקאַטן, וויסנשאַפֿטלער, מיליטער-לייט. זיי וועלן זיין צווישן די, פֿאַר וועמען מען האָט דרך-ארץ...

דעם דאָזיקן צוקונפֿט-טרוים, וואָס איז אין אָנהייב געווען נישט מער ווי אַן אָנוווּרף פֿון אַ צעשוווּמען בילד, האָט זיך ביסלעכווייז פֿאַרוואַנדלט אין אַ הייסן לאַווע-אויסגוס פֿון אַ בענקשאַפֿט נאָך באַפֿרייונג פֿון ייִדישן גורל.

פֿאַר זיי, פֿאַר די פּאָליאַקן - האָט אָרלאָווסקי געטראַכט - האָט עמעץ אַנדערש געטראָגן דעם גאָלגאָטע-צלם, זענען זיי שוין פּטור. פֿאַר אונדז אָבער וויל עס קיינער נישט טאָן, מוזן מיר אים אַליין טראָגן און די וועלט גיט שוין אַכטונג, אַז מיר זאָלן זיך פֿון דער משא נישט באַפֿרייען.

ווי די נאַטירלעכע לאַווע, אַזוי האָט אויך די הייסע לאַווע פֿון זיין באַגער זיך גענומען ביסלעכווייז אָפּקילן, איינגליווערן און זיך אָפּזעצן אין אים. אויפֿן האָריזאָנט פֿון זיין טרוים האָט ער געזען דעם זוים פֿון באַרג, הינטער וועלכן עס ליגט דאָס אויסגעחלומטע לאַנד.

יעדן טאָג האָט ער אויפֿסניי איבערגעטראַכט די איינצלהייטן פֿון דעם נייעם אָנגעמערקטן שטייגער - אָט ווי איינער, וואָס גרייט זיך צו אַ וויסנשאַפֿטלעכער עקספּעדיציע שטודירט אויס די אַלע פּרטים פֿון דעם שטח, וועלכן ער דאַרף דורכמאַכן - כּדי צוצוקומען אַהין צוליב וואָס די עקספּעדיציע איז פֿאַרטראַכט געוואָרן.

דער ווילן אויפֿסניי געבוירן צו ווערן, האָט אין אים פֿאַרשטאַרקט דעם כּוח איבערצוהאַלטן, אויסצוהאַלטן, און אַז ער איז אין איינעם אַ טאָג געבליבן שטיין אינדרויסן פֿון הילצערנעם טויער, האָט ער שוין געוווּסט וווּהין זיינע טריט צו ווענדן.

* * *

דער זונטיק-פֿרימאָרגן איז געווען אַ פּראָסטיקער, אָבער די זון האָט שוין גענומען וואַרעמען און ס'איז נישט שווער געווען זיך אָנצושטויסן, אַז עס וועט זיין אַ וואַרעמער טאָג. מעגלעך, אַז אין אַנדערע געגנטן טוען זיך מענטשן אָן יום-טובדיק אין אַזאַ טאָג און צוזאַמען מיט זייערע משפּחות, גייען זיי אין קלויסטער אַריין. אָבער אין די מיטל-אַזיאַטישע שטעט און שטעטלעך, לאָזן זיך מענטשן אַוועק

אויפֿן מאַרק, פֿון װעלכן מען האָט דאָ גאָר אַן אַנדער באַגריף װי געװײנלעך אויף אַ מאַרק, אָדער אַ יאַריד ערגעץ װוּ אין אַ שטעטל.

"טאָלטשאָק" האָט טאַקע געמיינט דאָס װאָס ער איז געװען: מענטשן האָבן זיך געשטופּט, יעדער האָט געטראָגן זיין קראָם אויפֿן האַנט, אויף זיך גופא, אָדער אין אַ זעקל. מען האָט פֿאַרקויפֿט מאַכאָרקע און געבראָטענע צוקער-בוראַקעס; אוזבעקישן "קאַטיק" און געבראָטענע בעבלעך, פֿאַרבראָקטע מיט רעפּטלעך ציבעלע; "פּייקעס" ברויט און פּונקט אַזוי קוואַדראַטן טונקעלן זייף. חוץ דעם האָט אַ מלחמה-אינוואַליד, נאָר װאָס פֿון פֿראָנט, פֿאַרקויפֿט אַ שטיװל, װעלכן ער האָט שוין מער נישט נייטיק געהאַט און געזוכט איינעם, ביי װעלכן עס איז נאָך געבליבן דער פֿוס, װאָס אים פֿעלט און צוליב דעם טאַקע האָט ער אַן איבעריקן שטיװל. אַחוץ די פֿאַרקויפֿער און טוישער האָבן סתּם ליידיקגייער זיך אַרומגעדרייט מחמת עפּעס בעסערס צו טאָן האָבן זיי נישט געהאַט.

די מאַכאָרקע-פֿאַרקויפֿער זענען דאָס רוב געװען אוזבעקן מיט פּנימער צעאַקערט פֿון אַלטקייט, אָדער אינוואַלידן אויף קוליעס. אַביסל אָן אַ זייט, מיט אַ ריין זעקל און אַ גלאָז, װי אַ מעסטל צו אויסמעסטן די מאַכאָרקע, און עטלעכע אָנגעשניטענע קוואַדראַטן צייטונגס-פּאַפּיר, װעדליק עס פֿירט זיך, כּדי די קונים זאָלן קאָנען פֿאַררויכערן און אָפּשאַצן די קוואַליטעט פֿון דער מאַכאָרקע - איז געשטאַנען אַ יונגע פֿרוי. צװישן די מאַכאָרקע-הענדלער האָט זי זיך אויסגעטיילט מיט דעם ליכטיקן אָפֿענעם פּנים, איר אָפּגעטראָגענע, אָבער ציכטיקע קליידונג, אירע טונקעלע האָר, אָרומגענומען מיט אַ פֿויעריש טיכל, האָבן פֿאַרמאָגט אַ קאָקעטישן חן. שוין פֿון ערשטן בליק האָט מען געקאָנט באַמערקן אַז די פֿרוי װאָס שטייט דאָ ביים זעקל מאַכאָרקע איז נישט פֿון הי.

נאָר אין די מלחמה-יאָרן האָט מען זיך שוין צוגעװוינט צו זען אויף די אוזבעקישע מאַרקן פּליטים פֿון אומעטום. זי איז פֿאַרטאָג אָנגעקומען פֿון קאַטאַקורגאַן, און פֿרעמדלעך אויפֿן נייעם "טאָלטשאָק" האָט די פֿרוי זיך געהאַלטן אַביסל װייטלעך פֿון די איינגעזעסענע מאַכאָרקע-פֿאַרקויפֿער. דווקא איר ערשטמאָליקייט אויפֿן דאָזיקן מאַרק האָט צוגעצויגן קונים פּיינשמעקער, װאָס האָבן געזוכט מאַכאָרקע פֿון אַן אַנדערן שניט, מער בלעטער, װייניקער שטאַמען. אפֿילו איר גלאָז איז געװען פֿון אַ פֿאָרעם, װעלכן מען זעט נישט דאָ, װייל די אַנדערע האָבן אָפּגעמאָסטן זייער סחורה מיט בלעכענע קענדלעך.

יאַדוויגען - אָדער װי ס'האָבן זי גערופֿן דאָס עלטערע פֿאָרפֿאָלק מיט װעמען זי האָט צוזאַמענגעװוינט - יאַדזיאַ, האָט דער פּליטים-שטראָם פֿאַרשלעפּט צוערשט קיין סיביר און דערנאָך, מיטן זעלבן שטראָם קיין מיטל-אַזיע.

דאָס לויפֿן האָט זיך אָנגעהויבן אין די ערשטע מלחמה-טעג, װען מ'האָט װאַרשע באָמבאַרדירט. אַ לויפֿן אָן אַ ציל, אָן אַ סדר - געטריבן דורך מורא פֿאַר זעלנער, באָמבעס; שקצים; װילדקייטן. דער יידישער פֿאָרגעפֿיל האָט געטריבן װאָס װייטער פֿון אָרט װוּ הפקר װערט דאָס לעבן, בפֿרט נאָך - דאָס לעבן פֿון ייד.

אויפֿן זיראַבולאַקער מאַרק, ביים זעקל מאַכאָרקע איז שוין געשטאַנען אַ דערפֿאַרענע פֿרוי, װאָס האָט אויף יענער יאַדוויגאַ סאָקאָלסקאַ פֿון װאַרשע געקוקט, װי מען קוקט אויף אַ װייטער קרובֿה פֿון װעלכער מען האָט עפּעס געהערט רעדן, אָבער צו װעלכער מען האָט גאָר אַ קנאַפּן שייכות.

גאָר מאָדנע האָט זיך פאַרקניפּט איר פריינטשאַפט מיטן עלטערן פּאָרפּאָלק, אָפּגעקומענע פּוילישע פּריצים, מיט וועמען, זי האָט געוווינט. געווען איז עס אַ זונטיק, ווען זי האָט אויפן קאַטאַקורגאַנער "טאָלטשאָק" באַגעגנט אַ באַקאַנטע פון דער סיבירער פאַרשיקונג און זיי האָבן זיך פונאַנדגעשמועסט אויף פּויליש. דאָס עלטערע פּאָרפּאָלק וואָס איז דאָ גראָד פאַרבייגעגאַנגען האָט זיך פאַרהאַלטן. דעם אַלטנס זילבערנע ברעמען האָבן זיך אָנגעשפּיזט אויף די שמועסנדיקע. די אַלטיטשקע האָט אַרויסגענומען אַ טיכל און געווישט די אויגן: - ווי אין דער היים - האָט זי געמורמלט - אַך, ווי אונדזערע האָבן פאַרוואָגלט...

זיי האָבן געוואַרט ביז די צוויי פרויען האָבן זיך צעשיידט, און נישט קאָנענדיקביישטיין די נייגעריקייט, האָבן זיי יאַדוויגען פאַרהאַלטן. און אַזוי האָט זיך עס די פריינדשאַפט אָנגעהויבן.

אין איינעם אַ טאָג האָט די אַלטיטשקע אָנגעטאָן אויף יאַדוויגאַס האַלדז אַ גאָלדן קייטעלע מיט אַ דיק, לאַנג צלמל.

- גאָט זאָל דיך באַשיצן, מיין קינד...

יאַדוויגאַ סאָקאָלסקאַ איז פאַר זיי געווען די פאַרבינדונג מיט היימלאַנד, מיט דער הויפּט-שטאָט וואַרשע, און מיט דער הייליקער מוטער פון טשענסטאָכאָוו. יאַדוויגאַ האָט צוערשט באַטראַכט דאָס טראָגן ס'צלמל, ווי אַן אַקט פון דאַנקבאַרקייט פאַר די אַלטיטשקע, וואָס האָבן איר געגעבן נישט נאָר אַ דאַך איבערן קאָפּ, נאָר אויך דאָס געפיל פון געהערן צו אַ פאַמיליע.

שטייענדיק ביים זעקל מאַכאָרקע אויפן זיראַבולאַקער מאַרק, האָט זי מיטן אינסטינקט פון אַ געיאָגטער חיה דערשפּירט אַז עמעצער קוקט איר נאָך. זי האָט אייגנטלעך נישט געהאַט וואָס מורא צו האָבן. דער דאָקומענט, אַז זי איז באַפרייט פון לאַגער איז אַ כשרער. זי האָט אויך אַריינגעשטעקט אַ פּאָר רובל דעם "באַזאַרקאָם" פאַרן אָרט, וואָס זי פאַרנעמט אויפן מאַרק. אָבער אין די אומרויִקע מלחמה יאָרן האָט דאָס אַלץ נישט געהאַט קיין גרויסן באַטייט. דעם סאַמע קאָלירלאָזן, קוים אָנזעעוודיקן מענטש האָט מען געקאָנט צוטשעפּען צו אַן ענין, פון וועלכן ער זאָל זיך נישט קאָנען אַרויסדרייען. אַ פּשיטה שוין - אַ פּליט פון פּוילן, וועלכער האָט שוין מיט זיין בלויזער עקזיסטענץ געצויגן אַ חשד אויף זיך.

דער אומרו, וואָס האָט גענומען אין איר אויפרודערן, האָט געהאַט עפּעס וואָס פון דעם טיקן אין זייגער-געווערק, און זי האָט געפילט ווי דאָס האַרץ נעמט האַסטיקער קלאַפּן. נעבן איר איז געשטאַנען איינער פון די אינוואַלידן, אָנגעשפּאַרט אויף אַ הילצערנער קוליע. זיין פּנים - דורכגעקרייצט מיט רויטע, קוים פאַרהיילטע שראַמען האָט אָנגעוואָרפן אַן אומהיימלעכקייט, ער האָט פאַרויכערט פון איר מאַכאָרקע, און מיט חוצפּה געבלאָזן איר דעם רויך אין פּנים אַריין. - די פּוילישע פּאַנעס - האָט ער גענומען ביין וואָרטשען - מ'קאַן פון זיי נישט פּטור ווערן - און זיך נענטער גערוקט צום זעקל מאַכאָרקע.

יאַדוויגען איז אַן אימה באַפאַלן.

- אַן אונדזעריקער דאַרף דעם קאָפּ לייגן, ווייל היטלער האָט פיינט די זשידעס - האָט ער דערוויל גענומען שטרעקן זיין האַנט צום זעקל. זי האָט זיך הילפלאָז אַרומגעקוקט. דאָס ערשטע מאָל אויף אַ פרעמדן באַזאַר ווו קיינער קען זי נישט. זי האָט געאַנט וואָס דאָ קאָן פּאַסירן. פון דערפאַרונג האָט זי געוווּסט, אַז די

אָרדנונג-היטער וועלן זיך פאַר איר נישט אָננעמען. זיי וועלן זיך באַצייטנס אָפּטראָגן, כדי נישט דאַרפן אויספירן זייער פליכט. און שפּעטער - ווען זי וועט אפילו גיין אין דער מיליץ, וועט איר באַמיונג זיין אַרויסגעוואָרפן.

- די אַבראַשעס - האָט דער אינוואַליד גטנומען ציען דאָס זעקל מיט כוח, און ווייל זי האָט זיך אין זעקל אָנגעהאַלטן, האָט ער זיך פאַרמאָסטן מיט דער קוליע, און דערביי געשריגן:

- ברידערלעך, זעט ווי אַ רוסישער מענטש גייט צום גרונט!

יאַדזשע האָט זיך אינסטינקטיוו פאַרשטעלט מיט דער האַנט, זעענדיק ווי די קוליע פאַרמעסט זיך אויף איר.

עמעצער האָט אָגעכאַפּט די אויפגעהויבענע קוליע און זי אַ צי געטאָן מיט כוח, אַזש דער אינוואַליד האָט זיך אַ וואַקל געטאָן.

- דו, אין דיין הינטישער מאַמען אַריין - האָט דער אינוואַליד דערהערט אַ שאַרפע שטים אין אויער.

- גרויסער העלד, אויף אַ פרוי זיך פאַרמאָסטן, האַ? און נאָך איידער דער אינוואַליד האָט באַוויזן עפּעס צו זאָגן, האָבן צוויי פעסטע הענט אים א געזונטן שאָקל געטאָן.

דער אינוואַליד, דערהערנדיק דאָס רוסישן לשון האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז נישט דאָרטן עפּעס אַ "ביעזשעניעץ", אפילו נישט קיין מיליציאָנער, פאַר וועמען ער האָט קנאַפּ וואָס מורא געהאַט, נאָר אוודאי איינער פון די "גאַלאָוואָרעזן" אַ "בלאַטנאָי" וואָס קען אים דאָ, אין מיטן מאַרק אַריינשלייפן אַ מעסער און זאָלסט אפילו נישט באַוויזן זיך איבערצוצלמען. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן פרעמדן, ווילעריש אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג, דער פרעמדער זאָל פאַרשטיין, אַז ער איז אויך נישט אַבי ווער אַ שטיקל כוח גייער און דער מאַרק איז זיין טעריטאָריע. נאָר גאָרנישט - אַן אייגענעם איז ער גרייט צוצולאָזן.

אָנגעשפּאַרט אויף דער קוליע, האָט זיך דער אינוואַליד גאַנץ פלינק, גאָרנישט וועדליק זיין אינוואַלידישקייט אַריינגעדרייט צווישן עולם, וואָס איז שוין געווינט צו אַזעלכע זאַכן.

יאַדזשע האָט מיט דאַנקבאַרקייט אַ קוק געטאָן אויפן פרעמדן.

- באַרויקט אייך פריילן - האָט דער פרעמדער אַ זאָג געטאָן, עס פּאַסירט אַזוינס היינטיקע צייטן, נאָר נעמט זיך דערמיט נישט איבער.

דער פרעמדער האָט נענטער אָנגעקוקט יאַדזשען, און דערזעענדיק דעם צלם, אַ פרעג געטאָן אויף פּויליש: - און פון וואַנען שטאַמט די פריילן?

- פון וואַרשע - האָט יאַדזשע זיך אָפּגערופן, ס'ערשטע מאָל זינט דעם פּאָרפאַל מיטן אינוואַליד. זי האָט דערפילט, אַז דאָ אויפן מאַרק האָט זיך פאָרט אָפּגעזוכט אַן אייגענער, ביי וועלכן מען קאָן געפינען שוץ. ערשט איצט האָט זי זיך פאַרגינען אָנצוקוקן דעם פרעמדן. פאַר איר איז געשטאַנען אַ יונגער מענטש, קען זיין - אין די סוף צוואַנציקער אין אַ פּאָר הויכע, ברוינע אַמעריקאַנער שיך, וועדליק די פּוילישע דעלעגאַטור טיילט אויס די פּריווילעגירטע. גרינע דרעליך-הויזן און אַ קורצן, גרינעם מיליטערישן זשאַקעט. זי האָט זיך געוווּנדערט, פאַרוואָס זי האָט דעם פרעמדן פריער נישט באַמערקט, ווייל מיט זיין אָנטאָן. אַ דאַרער, געווויקסיקער, מיט העלע וואָנסעלעך האָט ער זיך אויסגעטיילט פון צווישן די

מענטשן, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אויפֿן "טאָלטשאָק". דער פֿרעמדער האָט זיך פֿאַרנייגט, און אויסגעשטרעקט זיין האַנט: - זיגמונט אָרלאָווסקי, פֿון קאַטאָוויץ.

יאַדוויגאַ סאָקאָלסקאַ - האָט זי זיך פֿאָרגעשטעלט און אים אויסגעשטרעקט אַ ווייכע און וואַרעמע האַנט. ער האָט זי לייכט אַ דריק געטאָן, און דערפֿילנדיק די וואַרעמקייט האָט ער גלייך באַגריפֿן, אַז אָט די וואַרעמקייט פֿעלט אים.

- עס איז נישט צום פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס מיר האָבן זיך נאָך פֿריער נישט באַגעגנט? האָט זיגמונט זיך נישט געקאָנט אָפּוווּנדערן.

- איך בין אין זיראַבולאַק דאָס ערשטע מאָל. זינט דער באַפֿרייונג וווינען מיר אין קאַטאַקורגאַן.

- איר האָט אַ פֿאַמיליע? האָט שוין זיגמונט געפֿרעגט מיט אַ שטים אין וועלכער עס האָט זיך געפֿילט דער טאָן פֿון אַנטוישונג.

יאַדזשע האָט עס אויפֿגעכאַפּט און לייכט אַ שמייכל געטאָן:

- נישט אין דעם זין, ווי איך דוכט זיך, און כּדי אָפּצווישן יעדן ספֿק אין איר פֿאַמיליע צוגעהעריקייט, האָט זי באַמערקט: - דאָס פֿאָרפֿאָלק זאַנטאָוויטש באַטראַכט מיך ווי זייער אַדאָפּטירטע טאָכטער... יאָ, אַדאָפּטירט, טאַקע אויפֿן קאַטאַקורגאַנער באַזאַר... האָט זי זיך צעלאַכט מיט אַ הילכיק געלעכטער. זיגמונט האָט זיך פֿאַרגינען אַ שמייכל צו טאָן איבער דער מאָדנער סיטואַציע פֿון וועלכער עס איז אים דערביי קלאָר געוואָרן:

- יאַדזשע איז פֿריי...

פֿאַרנאַכט, אַז ער האָט זי באַגלייט צום צוג, איז צווישן זיי שוין געווען אַ היימישקייט. ביידע האָבן געהאַט דאָס געפֿיל, אַז זיי קענען זיך שוין גאָר לאַנג און אַז די עטלעכע יאָר וואָס ביידע האָבן פֿאַרבראַכט אין די לאַגערן פֿון וואַנען זיי זענען באַפֿרייט געוואָרן אַדאַנק דעם שיקאָרסקי-אָפּמאַך - איז געווען נישט מער ווי אַן איבעררייס, אַ געוואַלדריס אין בגד, וואָס הייסט: לעבן.

איידער דער צוג איז אַוועק, האָט יאַדזשע געגנוי אָפּגעמשלט ווו זי וווינט, און ווען מען קאָן איר טרעפֿן. זיגמונט האָט צוגעזאָגט זיך אַראָפּצוכאַפּן גאָר בקרוב. עס האָט זיך אים געגומען דוכטן, אַז דער גורל וויל אים פֿאַרגיטיקן פֿאַר די לאַגער-חדשים, ווען זיין לעבן האָט געצאַנקט ווי אַ ליכט.

...די חתונה וועט זיין אַ ציווילע, קיין אַנדערע איז דאָך אין רוסלאַנד נישט מעגלעך. יאַדזשע האָט דאָך אויך נישט קיין אַנדערע דאָקומענטן ווי ער: דאָס באַפֿרייונגס-צעטל פֿון לאַגער. אין זינען האָט ער געהאַט דאָס פֿאָרפֿאָלק זאַנטאָוויטש, אוודאי פּוילישע אַריסטאָקראַטן, וואָס וועלן פֿאַרשטיין אַז אין די באַדינגונגען קען מען צופֿיל נישט פֿאַרלאַנגען... און אָט קומען זיי צוזאַמען קיין פּוילן. אין דער געזעלשאַפֿט.

- ווען מען קאָן גאָר איינפֿאַלן צו זוכן אַ ייד? כאָטש אין זינען האָט ער געהאַט נישט אַזוי ווייט זיך, ווי די קינדער זיינע, דעם דור נאָך אים. - צוליב וועלכע שוואַרצע יאָר דאַרפֿן זיי ליידן צוליב ייִדישקייט, אין וועלכער זיי זענען אַבסאָלוט נישט שולדיק?

ביי זיך האָט ער אָפּגעמאַכט: מען וועט אָפּהאַקן אַלע זכרונות.

מיר וועלן אָנהייבן ווי אדם און חוה, גאָר פֿון סאַמע אָנהייב. דאָס איז אים געפֿעלן.

זכרונות זענען ווי שטיינער וואָס שלעפּן דעם מענטש צוריק. זי וועט עס פאַרשטיין, זיי שטערן דעם מענטש אין זיין גאַנג פאָרויס מיטן טעמפּאָ פון איינעם וואָס האָט אָנצוזאָגן פאַרלוירענע יאָרן.

אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיך און זיינע געדאַנקען, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט קיין קאַטאַקורגאַן, וואָס איז געווען נישט מער ווי אַ קאַצנשפּרונג פון זיראַבולאַק - און זיך פרעזענטירט צו די אַלטיטשקע, די זאַנטאָוויטשעס.

* * *

מיטן צוריקקערער-שטראָם, זענען די צוויי משפחות: זאַנטאָוויטש און אָרלאָווסקי אָנגעקומען קיין פוילן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דאָס שטילע פאָרפאָלק זאַנטאָוויטש האָבן געהאַט קאָנטאַקטן און פאַרבינדונגען נישט נאָר אין די ליבעראַלע קרייזן, נאָר אויך אין די לינק-מלוכישע. דערפאַר האָט שוין דער אינזשיניער אָרלאָווסקי באַקומען אַ וויכטיקן פּאָסטן אין מיניסטעריום פאַר אינדוסטריע און וואָס איז נאָך וויכטיקער געווען אין יענע טעג אין דער צעשטערטער הויפּט-שטאָט וואַרשע - אַ פאַרהעלטנישמעסיק לייטישע וווינונג. דער נאָמען זאַנטאָוויטש האָט געהאַט אין זיך די ווירקונג, פון וועלכער אָרלאָווסקי האָט קוים געקאָנט אָנען. טייל מאָל האָט ער זיך גענומען פילן ווי אַ שאָטן פון עמעצנס אויסווירקונג.

- אָ, דאָס איז אינזשעניער אָרלאָווסקי, דער פריינד פון זאַנטאָוויטשן - זייער גוט, זייער גוט!

אין ביוראָ, ווו אים איז אויסגעקומען צו אַרבעטן, איז ער געווען דער איינציקער נישט-פּאַרטייער און דער איינציקער פּראָפעסיאָנאַל. פּאָליטיק האָט אים ווייניק אינטערעסירט. אַלע זיינע פּלענער און אַמביציעס האָבן זיך באַוועגט אַרום ריין טעכנישע דערגרייכונגען, אין אַנטוויקלען די מאַשינען-בוי אינדוסטריע.

זיין סביבה, אַדאַנק די זאַנטאָוויטשעס, איז באַלד געוואָרן דער קרייז פון ליבעראַלע אינטעלעקטואַלן, וועלכע האָבן שוין אין ערב מלחמה-פּעריאָד פּרובירט דאָס טיפּיש סלאַווישע פאַראייראָפּעישן. דאָס זענען געווען אינטעלעקטואַלן פון מערב-אייראָפּעישן שניט. זיגמונט אָרלאָווסקי, טאַקע דער יינגסטער - האָט זיך אַריינגעפּאַסט. כאָטש ער האָט באַטראַכט די פּוילישע קולטור - ווי זיין קולטור, איז אָבער דאָס סלאַווישע געווען מער אַ דרויסנדיקער ענין פאַר אים. ער איז געווען דער פאָרשטייער פון אַ קלאַס, וואָס האָט זיך נאָר וואָס גענומען אַנטוויקלען אין דעם נאָך-מלחמה פּעריאָד - דער קלאַס פון טעכנאָקראַטן. זיינע אינערלעכע קאָנפליקטן האָבן זיך אַליין זיך אויסגעגלעט; זיין יידישקייט איז פאַר אים געווען אַן עכאָ, אַ ווייטער עכאָ פון זיין קינדהייט.

צווישן אים און זיין פרוי יאַדזשע האָט זיך איינגעשטעלט אַ האַרמאָניע, און ביידע האָבן געהאַט איין פּונקט, וואָס מ'האָט נישט אָנגערירט: דעם ערב-מלחמה. זיי האָבן מורא געהאַט זיך צורירן צום נעכטן. דאָס קאָן צעשטערן דעם בנין, וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט און אַרומגערינגלט מיט אַ גערטנדל פון ליבע: זייער משפּחה-לעבן.

אין אָנבליק פון וואַרשע אָבער, האָט יאַדזשע נישט געקאָנט מער קיין רו געפינען. דאָס הויז, ווו זי האָט אַמאָל געלעבט, איז געווען אַ חורבה. אָבער די גאַס האָט זי

דערקענט. פלעגט זי נישט איינמאָל פאַרבלאָנדזשען דאָרטן און קוקן, קוקן - ביז אַ פייכטקייט האָט אָנגעפילט אירע אויגן. זי האָט זיי אַלעמען געדענקט: די עלטערן, די פעטערס, די קינדער - אַלעמען... אַלעמען.

זי האָט דאָס אַלץ געמוזט טראָגן אין זיך. ווייל מיט וועמען קאָן זי איר צער טיילן? עס האָט איר געצויגן אַריינצוגיין אין יידישן קאָמיטעט, אַ פרעג טאָן: אפשר? אָבער, נישט וועלנדיק ציען קיין חשד אויף זיך, האָט זי דעם קאָמיטעט אויסגעמיטן.

איינמאָל איז זי פאָרט אַריין אין זוך-ביוראָ ביים שטאָט-ראַט, סתם אַזוי - אַ סך מענטשן זענען דאָרט געשטאַנען אין דער ריי - און אַ פרעג געטאָן: - האָט זיך עמעצער נאָכגעפרעגט אויף אַ פאַמיליע סאָקאָלסקי? דער באַאַמטער האָט געמאַכט אַ מעכאַנישע באַוועגונג, פון טאָן, טאָג איין טאָג אויס די זעלבע אַרבעט פון זוכן נעמען אין רשימות פאַר די מענטשן, וועלכע קומען אין ביוראָ עפּעס געוווּיער ווערן. ער האָט אַ נישטער געטאָן, און מיט דער זעלבער מעכאַנישקייט געענטפערט:

געוועזן אַ בריוו פון אויסלאַנד. איבערגעגעבן דעם יידישן קאָמיטעט. און צו דער רייע אַ זאָג געטאָן:

- "דער נאָענטסטער"...

יאַדזשע איז פון מאַגיסטראַט אַרויס אַ צעשרויפטע. ערגעץ ווו האָט זי מומעס, פעטערס - אָבער ווו, און ווער זוכט עס איר - דאָס האָט זי נישט געקאָנט דערגיין. עס האָט גענומען טעג, ביז יאַדזשע האָט זיך אַנטשלאָסן צו גיין אין יידישן קאָמיטעט. פונקט איז געווען אַ טאָג, ווען זיגמונד איז אַוועקגעפאָרן וועגן די ענינים פון מיניסטעריום. האָט זי זיך דערפילט פריי.

פון צווישן די פעק מיט זוך-בריוו פון קרובים פון אויסלאַנד, האָט מען אַרויסגעצויגן אַ בריוו וואָס איז פון אַלע זייטן געווען באַשריבן מיט באַמערקונגען, פראַגע-צייכנס. זי האָט זיך נישט דערוועגט דעם בריוו דאָ אויפמאַכן, קיינער דאַרף נישט וויסן, וואָס פאַראַ שייכות דער בריוו האָט צו איר.

זי האָט פאַרמאַכט די טיר, און אין דער שטילקייט פון דער וווינונג, מיט ציטערדיקע הענט אויפגעמאַכט דעם בריוו, יידישע אותיות האָבן אַ בלענד געטאָן פאַר אירע אויגן. אותיות, וועלכע זי האָט שוין יאָרן נישט געזען. זי האָט זיי גענומען פונאַנדערקלייבן. ביסלעכווייז איז זי דערגאַנגען, אַז אַ מומע פון באָסטאָן פרעגט זיך נאָך, אויב עמעצער איז געבליבן לעבן און זי וויל אַרויסהעלפן.

אַ מאָדנע קלעמעניש האָט זי אַרומגענומען. דער גאַנצער צער פון דעם, וואָס איז געשען מיט איר משפחה האָט מיטאַמאָל אַ שפּאַר געטאָן פון איר און זי האָט זיך צעכליפּעט. עס איז פון איר געפלאָסן ווי פון אַ קוואַל, וואָס האָט זיך ענדלעך דערשלאָגן צו דער אויבערפלאַך. פון וויינען איז איר אַביסל לייכטער געוואָרן. די טרערן זענען געפאַלן אויף די בייגעלעך פאַפּיר און די צעשווומענע טרערן האָבן געשאַפן טינט-פלעקן.

אינסטינקטיוו האָט זי דערשפּירט: עמעצער קוקט איר נאָך. אויגן בויערן איר אַדורך. זי האָט זיך ראַפּטאָם אַ קער געטאָן צו דער טיר. ביי דער טיר איז געשטאַנען זיגמונט און האָט זי אָבסערווירט. זי איז פאַרגליווערט געוואָרן. דאָס בלוט איז איר אָפּגעפלאָסן און אין מוח האָט עס גענומען שטעכן ווי מיט

שפילקעס:

- דאָס איז דער סוף... דער בריוו... דער סוד מיינער וועט אַנטפּלעקן דעם ליגן, מיט וועלכן איך האָב זיך יאָרן אַרומגעטראָגן. ווי אַ פֿאַרפֿאָלגטע חיה, וועלכע מען פֿאַריאָגט אין אַ טעמפּן ווינקל - האָט זי געוואַרט אויפֿן לעצטן קלאַפּ. פּחד האָט אַרויסגעקוקט פֿון אירע אויגן. די צונג, אַ געליימטע האָט נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין קלאַנג. אין האַלדז איז איר געוואָרן טרוקן. די שרעק פֿון אומבאַקאַנטן האָט געלויערט אויף איר.

זיגמונט, אָן אַ וואָרט צו זאָגן, איז צו צום טיש. ער האָט גענומען דעם בריוו אין האַנט אָריין און גענומען קוקן אין אים. אירע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין זיין פּנים, און געזוכט די רעאַקציע. עס האָט זיך איר געדוכט, אַז ער לייענט דעם בריוו.

- לייענסט דעם בריוו?!

נאָך אַ רגע האָט ער אַ שמייכל געטאָן. אַוועקגעלייגט דעם בריוו אויפֿן טיש, אַרויסגענומען אַ טאַשן-טיכל, אויסגעווישט אירע טרערן און אַ זאָג געטאָן אויף יידיש:

פֿון קרייז פֿון יידישן גורל קאָן מען נישט אַרויס...